דר. ח. זשיטלאָווסקי

# געזאמלטע שריפטן

## צווייטער באַנד

# נאַטורפילאָזאָפישער מאַטעריאַליזם

פארלאַג ה. בזשאָזאַ
וואַרשע 1932

# אינהאַלט:

# צוויי פאַרלעזונגען וועגען דעם נאַטור־פילאָסאָפישען מאַטעריאַליזם

## ערשטע פאַרלעזונג:

### ( די מאַטעריאַליסטישע נאַטור־פילאָסאָפיע און ערקענטניס־טעאָריע.

חברים און פריינד!

מיר אַלע, איך מיין די געבילדעטע און די פּראָגרעסיווע פון אונזער דור, זענען גייסטיג אויפגעצויגען געוואָרען אויף דעם גרויסען געדאַנק פון דער וועלט־ענטוויקעלונג און דעם וועלט־פּראָגרעס. ער האָט אונז געלערנט, אַז אַלץ, וואָס עקזיסטירט אויף דער וועלט, איז אַרויסגעוואַקסען על פּי נויטווענדיגקייט פון געוויסע אומשטענדען און האַלט זיך אויף אין זיין נאָר אַזוי לאַנג, ווי דאָס דערלויבען די בעדינגונגען, וואָס רינגלען עס אַרום. די בעדינגונגען אָבער בייטען זיך, טרעטען אָב זייער פּלאַץ צו אַנדערע בעדינגונגען און ממילא מוז אויך אַלץ, וואָס איז אַרויסגערופען געוואָרען פון זיי, פערשווינדען פון דער וועלט און אָבלעדיגען דעם פּלאַץ פאַר ערשיינונגען, וואָס שטימען בעסער צונויף מיט דעם נייעם סדר פון דעם זיין.

דאָס רוב פון אונז גלויבט, אַז עס איז ניטאָ קיין זאַך אין דער וועלט, וואָס מען זאָל ניט קאָנען מיט אותות ומופתים בעווייזען וועגען איהר, אַז עס איז געווען אַ צייט, ווען זי איז נאָך ניט געווען, אָדער ווען זי איז געווען אַ סך אַנדערש, איידער זי איז איצטער, און אַז עס מוז קומען אַ צייט, ווען זי וועט דורכאויס איבערבייטען איהר געשטאַלט, אָדער אפשר אין גאַנצען פערשווינדען פון דער וועלט. אייביג איז נאָר די וועלט אַליין און דער געזעץ, אַז אַלץ

מוז זיך פערענדערן אין איהר, און קיין זאַך אין דער וועלט קאָן ניט אַראָבטרייסלען פון זיך די שליטה פון דעם דאָזיגען געזעץ.

איינינגע פון אייך וועלען געוויס מיינען, אַז אָט דער גלויבען אין דעם שטענדיגען איבערבייט איז דאָ אַ ביסעל צו שטאַרק אָנגעצויגען, אַ ביסעל צו שאַרף פאָרמולירט. עס מוז עפּעס אין דער וועלט זיין אַזוינס, וואָס פערליערט ניט זיין תוך אין דעם לויף פון די צייטען. אין דעם רייסענדען וועלט־שטראָם פון אַלע נייע געשטאַלטונגען בלייבט אייביג אונפערענדערט די וועלט־סובסטאַנץ, יענער „עפּעס“, וואָס בייט אַלע ווילע זיין אויסזעהן, וואָס ליידט דורך די אַלע פּאַסירונגען, וועלכע קומען מיט איהם פאָר, וואָס ברענגט זיי אפשר אַלעמען אַרויס פון זיך, אָבער וואָס איז פאָרט דער זעלביגער אין אַלעמען אין זיי; עס בלייבען אונפערענדערט יענע גרונד־געזעצען, לויט וועלכע די איבערבייטען געהען איינע נאָך די אַנדערע אין דעם סדר פון דער צייט, זיי זיינען, ווי די ברעגען און דאָס בעט פון דעם שטראָם, וואָס בעשטימען זיין לויף און זיין ריכטונג.

ליידער זענען מיר געצוואונגען אָוועקצונעהמען אויך דעם טרייסט פון דעם גייסט, וואָס זוכט ערגעץ וואו אַ רוה־פּונקט אין דער נאַטור. שוין מאַרקס און ענגעלס, אמת, ניט גאָר אין איינקלאַנג מיט זייער מאַטעריאַליזם, האָבען קלאָר אויסגעשפּראָכען דעם געדאַנק, אַז אויך די וועלט־מאַטעריע, דער איינציגער „בעל־דבר“ פון דעם וועלטליכען געשעהען, ענטוויקעלט זיך אין דער צייט, פערליערט געוויסע איינענשאַפטען און בעקומט אַנדערע אַנשטאָט זיי, ד. ה. ער בייט איבער זיין תוך. דער געדאַנק ווערט איצטער אַלץ מעהר און מעהר פּאָפּולער אין דער נאַטור־פילאָסאָפיע אַ דאַנק לע־באָן׳ס פערטיעפען־זיך אין דעם פּראָבלעם פון דער מאַטעריע און אַ דאַנק יענע נייע איינענשאַפטען, וואָס מען האָט ענטדעקט אין איהר, זינט מען איז בעקאַנט געוואָרען מיט די ערשיינונגען פון דער ראַדיאָ־אַקטיוויטעט.

און אויב די מאַטעריע בכבודה ובעצמה איז ניט געזיכערט פון אַן איבערבייט, אויב אפילו איהרע גרונד־איינענשאַפטען קאָנען מיט דער צייט ווערען אַנדערע, היינט ווער קאָן שוין קאַווירען די אייביגקייט פון די אַזוי אָנגערופענע „אייביגע“ נאַטור־געזעצען!

זיינען דען די געזעצען עפּעס אַנדערש, איידער מענשליכע פאָרמולען פאַר יענע נויטווענדיגע שייכות׳ען, וועלכע מיר געפינען אויסצווישען די ערשיינונגען און זייערע אייגענשאַפטען. און אויב די וועלט־מאַטעריע און איהרע אייגענשאַפטען מוז מען אריינוואַרפען אין דעם קאָכעדיגען קעסעל־גרוב פון דעם קאָסמישען פּראָצעס, וועלען זיי שוין מיטשלעפּען מיט זיך אויך די אַזוי אָנגערופענע „אייביגע“ נאַטור־געזעצען.

די איינציגע האָפענונג אויף „מנוחה ושלוה“ אין דער נאַטור וועלטען אונז געקאָנט געבען דער בכבוד׳ער, אייביג רוהיגער, אייביג אונפערענדערליכער וועלטען־רוים און די צניעות׳דיגע, שטיל און גלייכמעסיג רינענדע צייט, — דער רוים און די צייט, וואָס אין זיי שפּיעלט זיך אָב דער אייביגער איבערבייט פון אַלץ, וואָס געשעהט. זיינען מיר אין דער לעצטער צייט אויך מיט זיי געוואָרען ניט גאַנץ זיכער. זינט קאַנט האָט אין זיין „קריטיק פון דעם ריינעם שכל“ אַ ריהר געטהאָן פון אָרט דעם אונבעוועגליכען וועלטען־רוים, האָט ער, דער וועלטען־רוים, נעבעך, קיין מקום מנוחה ניט אין דעם פילאָסאָפישען געדאַנק. אָט וויקעלט מען איהם צונויף און פרעסט איהם צונויף און נעהמט איהם אין גאַנצען אַוועק פון דער וועלט, און בלאָזט איהם אריין אין דעם מענשענ׳ס נשמה; אָט וויקעלט מען איהם ווידער פאַנאַנדער און הענגט איהם אויף אין דער וועלט אין זיין גאַנצער לענג און אין דער ברייט און אין דער טיעף. און בעת די נייע געאָמעטער, וואָס בעשעפטיגען זיך מיט איהם, גיעבען איהם צו, זינט לאָבאַטשעווסקי און ריעמאַן, גאַנץ נייע זייטען און אויסמעסטונגען, פון וועלכע קיין מענשליך שכל׳דיג אויג קאָן ניט האָבען קיין ברעקעל השגה, — אַ פערטע דימענזיאָן, אַ פינפטע, אַן אונענדליכע צאָהל פון דימענזיאָנען, — קומט צו געהן אַ קויפמאַן מיט זיין „אימכּאַנענטער פילאָסאָפיע“ און איז ניט נאָר מבטל די אַלע נייע בערייכערונגען פון דעם רוים: ער רייסט איהם נאָך אָב אַ „זייט“ פון יענע דריי אָרעמע „זייטלעך“, וואָס ער האָט געהאַט ביז אַהער. קויפמאַן לייקענט, אַז אין דעם רוים זאָל זיך קאָנען ווירקליך געפינען יענע אויסמעסטונג זיינע, וועלכע מיר רופען די „דריטע“, די הויך אָדער די טיעף: דער וועלטען־רוים האָט, לויט קויפמאַן, נאָר צוויי דימענזיאָנען, — די

לענג און די ברייט. ער איז אַזוי פלאַטשיג, ווי די גלאָז פון אַ שפּיעגעל, און די דריטע אויסמעסטונג, די טיעף, איז ניט מעהר ווי אַ דמיון, ווי יענע טיעף, וועלכע מיר זעהען אין דעם שפּיעגעל.

און איז די מערכה פון דער צייט אַ גליקליכערע? די געלאַסענע בריאה, וואָס האָט פרום געקיים אַלץ, וואָס די וועלט האָט איהר געשטופּט אין די צייהן, זיך ניט אריינגעמישט אין דעם פּראָצעס פון בעשאַפען, זיך בעגנוגענט מיט דער ראָלע פון דעם שטומען קבר, אין וועלכען אַלץ זינקט אראָב, — די דאָזיגע שטילע און צניעות'דיג רינענדע צייט איז אין בערגסאָן'ס פילאָסאָפיע פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ צולאָזענע, אייביג שוואַנגערע זונה, פול אָנגעפּראָפּט מיט זאָמען פון ז י י ן, פון עקזיסטענץ, פון בעשאַפונג, פון אַלץ נייע און נייע געשטאַלטען, פון אַן אייביגען אָנגעצויגענעם שטרעבען צו ווירקליכקייט, צו אַ פאַנאַנדערוויקלען פון אַלץ, וואָס אין איהר קוואַלט שעפּפעריש אַן אין יעדעם הרף־עין.

עס קאָן זיין, אַז ביז די פילאָסאָפען האָבען זיך אריינגעמישט אין דעם ענין, זיינען זיך רוים און צייט געווען אין דער וועלט דאָס, וואָס זיי זיינען געווען. אָבער זינט די נעאָ־געאָמעטערס האָבען זיך גענומען פאַר די זייטען פון דעם רוים און זינט בערגסאָן האָט זיך אָנגעזעצט אויף די יאָהרען און טעג פון דער צייט, קאָן מען גאַנץ זיכער ווענען, אַז זיי וועלען שוין ניט ארויסגעהן גאַר גאַנצע פון זייערע הענט...

שפּאָט אָן אַ זייט! כל זמן אונזער שכל האָט זיך ניט געקאָנט מישער זיין אַן אַנדער אַרט רוים אָדער צייט, איידער די, וואָס מיר האָבען אין אונזער טאָג־טעגליכער ווירקליכקייט, האָט אויך ניט געקאָנט ארויסגעהן אויפ'ן זין, אַז זיי זאָלען ווען עס איז אָדער ערגעץ־וואו פערענדערען זייער טבע. אָבער איצטער, ווען די פילאָסאָפישע פאָרשונג פון אונזער צייט האָט, גראָד אין די פונדאַמענטאַלסטע ענינים, ווי רוים, צייט, אורזאַך און ווירקונג, אַזוי ווייט פאַנאַנדערגערוקט דעם האָריזאָנט פון וועלטליכע מעגליכקייטען,— איצטער, זאָג איך, איז זעהר שווער זיך צו פער'עקשנ'ען אויף דעם געדאַנק, אַז רוים און צייט מוזען בלייבען אייביג אין דער פאָרם, אין וועלכער זיי בעווייזען זיך פאַר אונז.

און דערביי איז גאָר אַ קליינע נפקא מינה, ווי איהר ווילט קוקען אויף דעם מקור, אָדער אַזוי צו זאָגען, אויף דעם מעטאַפיזישען אָרט, וואו רוים און צייט געפינען זיך אין דער ווירקליכקייט.

נעהמט איהר אָן, אין איינעם מיט קאַנט'ן, אַז דער רוים עקזיסטירט ניט דרויסען אין דער ווירקליכער וועלט, נאָר איז ניט מעהר ווי אַ געוויסער פורעם, וואָס ווערט אַלע ווײַלע געבאָרען פון דעם מענשליכען געמיטה און אַז אין דעם פורעם גיעסען מיר אריין אַלע איינדרוקען פון דער דרויסענדיגער וועלט און אויף אַזאַ'ן אופן בעקומען זיי אַלע דעם פנים פון רוימליכקייט, — אויב איהר וועט אָננעהמען דעם געדאַנק, איז יעמאָלט אודאי ניט שווער זיך פאָרצושטעלען אַ צייט, ווען דעם מענשען'ס געמיטה וועט זיך אַזוי פערענדערן, אַז דער רוים, וועלכען ער וועט אַלע ווײַלע ארויסברענגען פון זיך, וועט האָבען גאַנץ אַנדערע אייגענשאַפטען, איידער דער איצטיגער; אַז אין איהם וועלען מקוים ווערען פאַר אונזער אויג און אונזער שכל יענע מעגליכקייטען זיינע, וואָס אונזער שכל'דיג אויג מוז איצטער לגמרי אָבלייקענען, וואָס ווערען אָבער ארויסגעבראַכט פון דער נייער „פאַן־געאָמעטריע". עס קאָן זיין, אַז מיר וועלען ווען עס איז ניט נאָר אויסרעכענען אויפ'ן פאַפיער, נאָר איינזעהן בחוש, אַז צוויי פאַראַלעלע ליניען קאָנען זיך בעגעגענען אין איין פונקט; אַז דער קירצעסטער וועג צווישען צוויי פונקטען איז ניט די אויסגעשטרעקטע ליניע און אַז די סומע פון ווינקלען אין אַ דריי־עק קאָן זיין גרעסער אָדער קלענער, איידער צוויי רעכטע.

מיר נעהמען דאָך שוין איצטער אָן ווי זעהר אַ וואהרשיינליכע זאַך, אַז די פליגען, צ. ב., קאָנען, לויט דער אַנאַטאָמישער סטרוקטור פון זייערע אויגען, ניט משיג זיין די דריטע דימענזיאָן, די אויסשפרייטונג פון דעם רוים אין דער טיעף און אין דער הויך. זיי, די פליעגען, זיינען געבאָרענע תלמידים פון קויפמאַן'ס אימאַנענטער פילאָסאָפיע. פאַר וואָס זאָל אונזער אויג ניט קאָנען, אין דעם לויף פון דער ווייטערער ענטוויקלונג, זיך פערענדערען אַזוי, אַז מיר זאָלען זיך קאָנען פ אָ ר ש ט ע ל ע ן, ניט נאָר מ ש ע ר זיין, אַ פערטע אויסמעסטונג אָדער אויך אַ פינפטע?

ווילען מיר אָבער בלייבען ביי דער אַלטער סברה, אַז רוים איז

ניט נאָר אַ פאָרעם אין אונזער געמיטה, נאָר אַן אמת'ע, רעאַלע ווירקליכקייט אין דער דרויסענדיגער וועלט, איז יעמאָלט אויך ניט להיפּך דעם שכל צו זאָגען, אַז ווי אַלץ אין דער וועלט קאָן אויך דער רוים מיטגעשלעפּט ווערען אין אַ פּראָצעס פון פּאָרענדערונג און אַז די דריי־דימענזיאָנאַלע אויסשפּרייטונג, וואָס מיר זעהען אין אונזער וועלט מיט יענע אייגענשאַפטען איהרע, וואָס מיר שטודירען אין דער פּשוט'ער געאָמעטריע, איז ניט מעהר, ווי אַ פּאַזע אין איהר וועלטליכער ענטוויקעלונג, און אַז לעבען איהר און דרויסען פון איהר קאָנען זיך געפינען אַנדערע ענטוויקלונגס־פּאַזען, סאַי ניעדעריגערע, סאַי העכערע.

פון דעם שטאַנדפּונקט געזעהן, קאָן אפשר די איצטיגע פאָן־געאָמעטריע, וואָס לאָזט צו אַ סך ווימליבע אויסמעסטונגען, זיין ווי אַ מין נבואה, אַן אָנזאָג אויף אַ נייער ענטוויקעלונגס־פּאַזע פון דעם רוים, וואָס האָט זיך פּריהער בעוויעזען פאַר'ן שכל, איידער זי האָט זיך געקאָנט בעווייזען פאַר דעם חוש.

און וואָס עס איז אמת פאַר דעם רוים קאָן, אויף אַביסעל אַן אַנדער אופן, זיין מעגליך פאַר דער צייט. זי איז איצטער אָרעם, די צייט. מעהר אַז איין דימענזיאָן האָט זי ניט: דאָס וואָס מיר רופען אָן, זעהר ניט ריכטיג, איהר ל ע נ ג. ווער ווייס, וואָס איהר איצטיגע אָרעמקייט בעטייט? איז דאָס דער אָנהויב פון אַן ענטוויקעלונג, וואָס קאָן זיך נאָך פאַנאַנדערוואַקסען צו אַ סך נייע אויסמעסטונגען, וועגען וועלכע מיר קאָנען אפילו ניט פאַנטאַזירען? אָדער איז איהר איצטיגע אָרעמקייט — דער לעצטער שטאַדיום פון אַ שווינדזוכט, וואָס איז בעפאַלען די צייט?

אויב איהר וועט ניט שטאַרק פאַראיבעל האָבען אויף מיר, וועל איך מיר ערלויבען אַ פאַנטאַזיר צו טהאָן וועגען דעם ענין, אַ שטייגער, אַזוי:

אין אָנהויב האָט די צייט געהאַט פיער אויסמעסטונגען און דער רוים ניט מעהר ווי איינעם, אָבער, הפּנים, אַז זייער זיין געהט להיפּך איינער צו דעם אַנדערען: וואָס רייכער עס איז געוואָרען דער רוים, אַלץ אָרעמער די צייט. איצטער האַלטען מיר ביי דעם מאָמענט, ווען עס ווערט געבאָרען די פערטע דימענזיאָן פון רוים, און ווי נאָר זי וועט געבאָרען ווערען, וועט פערשווינדען

די צייט לגמרי. יעמאָלט וועלן די מענשען ניט איינטיילן די צייט אין פערגאַנגענהייט, געגענוואַרט און צוקונפט. דער גאַנצער וועלט־געשעהן אין זיין אינוועניגסטען צונויפבונד, וואו עבר, הוה און עתיד זיינען איין־און־דיזעלביגע זאַך, וועט שטעהן קלאָר פאַר דעם מענשליכען אויג...

געוויס, דאָס איז ניט מעהר ווי אַ פאַנטאַזיע, אָבער פון איהר קאָן מען לערנען, אַז דער שכל קאָן אָבשאַפען יעדע גרענעץ, פאַר וועלכען דער גרויסער געזעץ פון ענטוויקעלונג זאָל זיך מוזען אָבשטעלען.

און פון דעסטוועגען גלויב איך אויך, אַז דער געזעץ פון דעם גרענעצלאָזען איבערבייט אין דער וועלט איז דאָ אַביסעל צו שטאַרק אָנגעצויגען. ווי האָט יענער קלוגער דייטש געזאָגט? „ביי דעם ליעבען הערר גאָט איזט אַלעס מעגליך; מעגליך זאָגאַר, דאַסס ער עקסיסטיערע". האָט מען אין זינען די אונבעגרעניצטע מעגליכ־קייטען פון דעם וועלט־געשעהן: פאַר וואָס זאָלען מיר לייקענען די מעגליכקייט, אַז עס איז דאָ אַ וועלכער עס איז אייביגער אונ־פערענדערליכער זיין, דער מקור, פון וועלכען עס שלאָגט דאָס „ווערען", דער קוואַל פון שטענדיגער פערענדערונג?

קיין מענש קאָן דאָס ניט אָבלייקענען אַבסאָלוט. און וויל דאָס איז אַזוי, וועט דעם מענשענ'ס שכל קיין מאָל ניט אויפהערען צו טראַכטען וועגען יענעם אייביג אונפערענדערליכען זיין, וואָס בלייבט אַליין אַלע מאָל אונפערענדערט און פון וועלכען עס שטאַ־מען אַלע איבערבייטען אין דער וועלט.

געוויס איז עס אַ גרויסע שאלה, צי דער מענשליכער שכל וועט ווען עס איז קאָנען אַרויסבריינגען דעם אַבסאָלוטען אמת וועגען דער וועלט־סובסטאַנץ. אָבער — פאַר מיר, ווענינגסטענס — איז דאָס גאָר קיין שאלה ניט, אַז דער פילאָסאָפישער געדאַנק וועט קיינמאָל ניט אַרויסלאָזען אין גאַנצען פון אויג די סובסטאַנץ־פראַגע. על כל פנים איז דאָס אַ פאַקט, וואָס קיינער וועט ניט אָב־פרעגען, אַז זי האָט ביז אַהער געשפּיעלט די גרעסטע ראָלע אין דער געשיכטע פון דער פילאָסאָפיע.

די ענטפערס, וואָס זיינען ביז אַהער געגעבען געוואָרען אויף דער דאָזיגער שאלה, דרעהען זיך דאָס רוב אַרום צוויי עקסטרעמע

פונקטען: דעם מאַטעריאַליסטישען, גשמיות׳דיגען און דעם אי־דעאַליסטישען, רוחניות׳דיגען. כמעט אַלע פילאָסאָפישע טהעאָריען וואָס האָבען צו טהאָן מיט דער וועלט־סובסטאַנץ, זיינען אָדער מאַטעריאַליסטיש אָדער נעהמען אָן אַן אידעאַליזם פון אַ וועלכער עס איז אַרט. זעהר זעלטען זענען אין דער פילאָסאָפיע דואַליסטישע סיסטעמען, וואָס ווילען האָבען, אַז אין דער נאַטור זיינען פאַרהאַנען צוויי אָדער מעהר סובסטאַנצען: סיי גשמיות׳דיגע, סיי רוחניות׳דיגע. אַ ביסעל עפטער קומען פאָר, — דער עיקר, פון ספּינאָזאַ׳ן אָן, — „מאָניסטישע" וועלט־אַנשויאונגען, וואָס נעהמען אָן, אַז די איין־איינציגע וועלט־סובסטאַנץ איז אין דערזעלבינער צייט אי גשמיות׳דיג אי רוחניות׳דיג, אי „מאַטעריע", אי „גייסט", און אַקוראַט ווי עס קאָן ניט געמאַלט זיין אַ וועלכע עס איז גייסטיגע ערשיינונג, וואָס זאָל ניט זיין צונויפגעבונדען מיט דער „מאַטעריע", אזוי קאָן ניט זיין קיין איין פּיצעלע מאַטעריע אין דער וועלט, וואָס זאָל ניט האָבען אין זיך, לאָז זיין נאָר אַ שמץ פון „גייסט". זעהר זעלטען ווארפט זיך דורך אין דער געשיכטע פון דער פילאָסאָפיע ביז צו אונזער צייט דאָס בעשטרעבען — אויסצוגעפינען אַ נייעם שטאַנדפּונקט, וואָס זאָל אויפהויבען דעם פילאָסאָפישען געדאַנק איבער גייסט און מאַטעריע און אַוועקטראָגען איהם פון דעם אויבינגען סכסוך צווישען מאַטעריאַליזם און אידעאַליזם. אָבער גראָד אין דער לעצטער צייט בעווייזען זיך אַלץ מעהר און מעהר גייסטיגע פּרובען אין אַזאַ ריכטונג.

עס פערשטעהט זיך, אַז די אַלע פילאָסאָפישע ענטפערס וועגען דעם מהות פון דער אויביגער אונפערענדערליכער וועלט־סובסטאַנץ, ווערען געגעבען נאָר פון יענע דענקער, וואָס גלויבען, אַז די פילאָסאָפיע קאָן און זאָל זיך בעשעפטיגען מיט דער סובסטאַנץ־פראַגע. מען דאַרף אָבער ניט פערגעסען, אַז אַ חוץ זיי זענען דאָ נאָך אַ סך אַנדערע דענקער, וואָס ווילען בכלל אָבווענדען דעם מענשליכען געדאַנק פון יענער פערוויקעלטער און פער׳עקשן׳טער שאלה.

די סקעפּטיקער, וואָס שטעלען אַוועק אין ספק אַלע רעזולטאַטען פון דעם מענשליכען דענקען; די אַגנאָסטיקער, וואָס נעהמען אָן, אַז וועגען געוויסע פילאָסאָפישע פראַגען וועט דער מענש אויביג מוזען בלייבען ביי זיין אונוויסענ־

הייט; די פאָזיטיוויסטען, וועלכע רעכענען, אַז דער מענש דאַרף זיך איבערהויפּט ניט אינטערעסירען מיט פראַגען, וואָס טרעטען אַריבער די גרעניצען פון דעם וויסענשאַפטליכען פאָרשען, און פילאָסאָפירען נאָר אויף אַזוי פיעל, אויף וויפיעל דאָס איז נויטיג פאַר דער וויסענשאַפט; די ריינע עמפּיריקער, וואָס ווילען אפילו פון דער וויסענשאַפט ארויסוואַרפען אַלץ, וואָס קומט ניט דירעקט פון דער ערפאַהרונג; די אָנהענגער פון דעם קריטיציזם, וועלכע זעהען אין אַלע פילאָסאָפישע גרונד־געדאַנקען פון דער מענשהייט ניט מעהר ווי גוטוועגדיגע פּראָדוקטען פון דעם מענשליכען שכל, — אָדער זיין דערקענטניס־קראַפט בכלל, — וועלכע קאָנען דעריבער זיין אמת נאָר פאַר דעם מענשען און ממילא בשום אופן ניט אָנגעווענדט ווערן אויף דער וועלט, מחוץ פון דער מענשליכער דערקענטניס, — אָט די אַלע גייסטיגע ריכטונגען, וואָס זיינען ביי זייער שאַרפער פערשיידענקייט, פאָרט אַזוי אויסגעבונדען איינע מיט דער אַנדערער, — מוזען זיך בכלל אָבזאָגען פון דער אויפגאַבע אויסצוגעפינען דעם מהות פון דער וועלט־סובסטאַנץ. און איינינע פון זיי קאָנען אפילו ניט אָננעהמען, אַז אַזאַ וועלט־סובסטאַנץ איז דאָ בפועל.

עס קאָן ניט ליעגען אין מיין אויפגאַבע אריינצולאָזען זיך אין די טיעפעניסען פון דער סובסטאַנץ־פראַגע בכלל. דאָס טהעמאַ און די גרעניצען פון מיינע פאָרלעזונגען פערוועהרען מיר דאָס. מיר ווע־לען זיך אינטערעסירען דער עיקר מיט דעם מאַטעריאַליסטישען ענטפער אויף איהר. דעם אידעאַליזם, ווי אפשר אויך אַנדערע פילאָסאָפישע ריכטונגען וועלען מיר אריינציהען אין אונזער בעטראַכטונג נאָר אויף אַזוי פיעל, אויף וויפיעל דאָס איז נויטיג צו בעלייכטען דעם מאַטעריאַליזם, זיין מהות און זיין ווערט פאַר דעם פילאָסאָפישען געדאַנק.

כדי צו פערשטעהן דעם מאַטעריאַליזם, ווי אויך זיין הויפּט־געגנער, דעם אידעאַליזם, מוז מען פריהער פאַר אַלץ האָבען קלאָר פאַר דעם שכל'דיגען אויג די פאָרשטעלונג פון דעם רוים, אָנשטעלען אונזער גייסטיגען בליק אויף יענער אונענדליכער אויסגעשפרייטקייט, וואָס מיר, ד. ה. פשוט'ע בשר ודם'ס, זיינען זיכער,

אז זי איז דער אַרט, וואו עס שפּיעלט זיך אָב דער גאַנצער וועלט־פּראָצעס.

ביידע געגנער, סיי דער מאַטעריאַליסט, סיי דער אידעאַליסט, האָבען אין עצם איין־און־דיזעלביגע פאָרשטעלונג וועגען דעם, וואָס אַזוינס איז אַ „מאַטעריע" און וואָס איז אַזוינס אַ „גייסט", — אויב עס איז דאָ מאַטעריע און עס איז דאָ גייסט. ביידע בענוצען זיך דערביי מיט דער פאָרשטעלונג פון דעם רוים. מאַטעריע איז עפּעס אַזוינס, וואָס פילט אָן דעם רוים, וואָס פערנעהמט אַ ווערלכען עס איז אַרט אין דער אונענדליכער אויסגעשפּרייטקייט. „גייסט" איז עפּעס אַזוינס, וואָס עקזיסטירט, ניט פערנעהמענדיג קיין ברעקעל פּלאַץ אין דעם וועלטען־רוים.

דער גאַנצער סכסוך צווישען מאַטעריאַליזם און אידעאַליזם בעשטעהט אין דעם: דער מאַטעריאַליסט פערזיכערט מיט אַן אַבסאָלוטער געוויסקייט, אַז דער רוים עקזיסטירט אין דער דרויסענדיגער וועלט פון זיך אַליין, און אַז עס קאָן קיין זאַך ניט עקזיסטירען אין דער וועלט, וואָס זאָל ניט פערנעהמען אַ ווערלכען עס איז אַרט אין דעם רוים; מיט אַנדערע ווערטער: אַלץ אין דער וועלט איז מאַטעריע.

דער אידעאַליסט איז אַקוראַט אַזוי אַבסאָלוט פעסט אין זיין גלויבען, אַז דער רוים קאָן ניט עקזיסטירען פאַר זיך אַליין, אַז ער איז ניט מעהר ווי אַ דמיון פון אַ ווערלכען עס איז „גייסט", אַקוראַט ווי די טיעה, וואָס מיר זעהען אין שפּיעגעל איז ניט מעהר ווי אַ דמיון פון אונזער אויג. און וויבאַלד דער רוים איז נימ מעהר ווי אַ דמיון, הייסט עס ערשטענס, אַז דער „גייסט", וואָס ברענגט אין דמיון אַרויס דעם רוים, פערנעהמט אַליין קיין ברעקעל פּלאַץ ניט אין איהם און צווייטענס, אַז אַלץ, וואָס עס עקזיסטירט כלומרשט אין דעם רוים עקזיסטירט בעצם אויף אַ ריין גייסטיגען אופן. קיין מאַטעריע איז לגמרי נישטאָ.

מען קאָן זאָגען, אַז דער קאַמפף צווישען דעם אידעאַליזם און דעם מאַטעריאַליזם איז קודם כל אַ קאַמפף וועגען דעם וועלטען־רוים. אָט פאַר וואָס עס איז אַזוי נויטיג קודם כל האָבען אַ קלאָרע פאָרשטעלונג וועגען דעם מהות פון דעם וועלטליכען רוים.

מיר ווילען דאָ בעהאַנדלען דעם רוים, ניט ווי מיר האָבען עס

געטהאָן פריהער, נאָר ווי ער גיט זיך אַליין אונזער שכל׳דיגען אויג, אָהן אַ וועלכען עס איז פילאָסאָפישען הינטער־געדאַנק.

די ערשטע אייגענשאַפט זיינע, וועלכע מען מוז געדענקען, איז דאָס, וואָס ער איז אַבסאָלוט לעדיג.

אמת, אין דער ווירקליכקייט זעהען מיר קיינמאָל ניט קיין גאָר־לעדיגען רוים, אָבער מיר זעהען אָפט מיט אונזערע אָפענע אויגען קליינע שטיקלעך און שטיקער פון לעדיגען רוים, פון דעם חלל אין אַ בויגעל ביז צו דער גרויסער אויסגעשפּרייטקייט פון אַ גלייכען פּלעין, וואָס ווערט בעגרעניצט פון דער ערד אונטען און דעם הימעל פון אויבען און ביי די זייטען. די וואָלקענס טראָגען זיך אום אין דעם לעדיגען רוים. די לבנה שווימט אין דעם לעדיגען רוים.

געוויס וויים יעדער מעהר אָדער ווייניגער געבילדעטער מענש, אַז קיין גאָר לעדיגער רוים איז ניטאָ. דער חלל פון דעם בויגעל און די אויסגעשפּרייטקייט פון דעם ווייטען פּלעין איז אָנגע־פילט מיט לופט, וואָס רינגעלט אַרום די גאַנצע ערד און דרינגט אַריין אומעטום אין איהר, וואו עס איז נאָר דאָ אַ לעדיגער אָרט. די וואָלקענס שווימען ניט אין אַ לעדיגען רוים, נאָר אין דער לופט. און אפילו דאָרטען, וואו די לופט ענדיגט זיך, ביי די גרענעצען פון אונזער פּלאַנעט אין דעם הימעל־רוים, איז אויך ניטאָ קיין לעדיגע אויסגעשפּרייטקייט. מען נעהמט איצטער אָן, אַז די גאַנצע וועלט, אין איהר גאַנצער אונענדליכער גרוים, איז אומעטום אָנגעפילט מיט אַזאַ שיטערער ממשות, וועלכע די פיזיקער רופען וועלט־עפיר. דער דאָזיגער עפיר איז אַ מין זעהר־זעהר דינער גאַז, — אויב מען קאָן איהם נאָך אָנרופען „גאַז", — וואָס דרינגט אַריין אומעטום.

אָבער אויב מיר גלויבען איצטער כמעט אַלע, אַז קיין לעדיגער רוים איז אין דער ווירקליכקייט ניטאָ, קאָנען מיר גאַנץ גוט מיט דעם כח הדמיון זיך פאָרשטעלען די עקזיסטענץ פון אַ לעדיגען חלל. די לופט פון אַ גלעזערנעם גלאָק קאָנען מיר אין דער ווירקליכקייט אויספּומפּען מיט אַ פּומפּ־מאַשין. אויף דעם זעלביגען שטיינער קאָנען מיר זיך לייכט פאָרשטעלען, אַז אַ וועלכע עס איז פּומפּ־מאַשין זאָל ביז צום לעצטען טראָפּען אויסזויגען פון דעם גלאָז אויך דעם וועלט־עפיר, וואָס איז אין איהם. בלייבען וועט אין איהם

יעמאָלט אַן אַבסאָלוט לעדיגער חלל, וואָס קאָן אויסגעמאָסטען ווערען אין דער לענג און אין דער ברייט און אין דער טיעף.

אַז אַזאַ אַבסאָלוט לעדיגער חלל קאָן געמאָלט זיין; אַז די טהיילען פון דעם עפּיר זיינען ניט צוגעקלעפּט, ניט צו־געוואַקסען צו דעם אָרט, וועלכען זיי פערנעהמען אין דעם גלעזערנעם גלאָק, קאָן מען איינזעהן פון דעם פאַקט, וואָס דער גלעזערנער גלאָק לאָזט דורך שטראַהלען פון ליכט און איהר קאָנט אין איהם אויך מאַכען שפּיעלען שטראַהלען פון עלעקטריציטעט. ליכט שטראַהלען און עלעקטרי־שטראַהלען זיינען אָבער, ווי מען נעהמט אָן, ניט קיין אַנדער זאַך, ווי ב ע ו ו ע ג ו נ ג ע ן פון דעם עפּיר, אַ זיך־טרייסלען זיך און שאָקלען זיך פון זיינע טהיילכעלעך, אַ וואַלען־גאַנג, ווי די וואַלען פון אַ וואַסער. אָבער אויב די טהיילען טריים־לען זיך, הייסט עס, אַז זיי בייטען אַלע ווייַלע זייער אָרט, און אַקוראַט, ווי זיי קאָנען פערלאָזען זייער אָרט אין דעם גלאָק, קאָן מען זיי — ווענינגסטענס אין געדאַנק — אין גאַנצען משלח־זיין פון דאָרטען.

און דאָס וואָס מיר קאָנען טהאָן אין געדאַנק מיט אַ בעגרע־נעצטען טהייל פון דעם רוים, קאָנען מיר זיך אויך גאַנץ גוט פאָר־שטעלען ווענען דעם חלל, אין וועלכען עס געפינט זיך די גאַנצע וועלט. אַנשטאַט אויסצופּומפּען פון איהם דעם וועלט־עפּיר וועלען מיר אַננעהמען, אַז ער האָט זיך צונויפגעצויגען, צונויפגעפּרעסט, ווי מען פּרעסט איצטער צונויף דעם וואַסער־שטאָף־גאַז, אָדער דעם זויערשטאָף־גאַז אַזוי, אַז ער וועט פערנעהמען אפשר אַ הונדערטעל חלק רוים פון דעם, וואָס ער האָט פערנומען פריהער. דער פערנעהם פון די איבעריגע נייען־און־נייענציג חלקים רוים וועט בלייבען אַן אַבסאָלוט לעדיגער.

און נאָך אַ זאַך מוז מען דורכאויס ניט אַרויסלאָזען פון אויג, ווען מען טראַכט ווענען דעם רוים: אַז די פאָרשטעלונג פון אויס־געשפּרייטקייט איז אַן אַבסאָלוט נויטווענדיגע.

טראַכט איך ווענען דער וועלט דרויסען פון מיר, קאָן איך אין מיין פאָרשטעלונג מאַכען פערשווינדען אַלץ, וואָס פילט אָן דעם רוים, איך קאָן אָבער ניט מאַכען פערשווינדען דעם רוים גופא. איך קאָן מיר בילדען דעם געדאַנק, אַז ס'איז גאָר ניטאָ קיין רוים אין

דער וועלט, אז ער איז ניט מעהר ווי א חלום אין א וועמעס עס אי־ בשמה. אבער קוים טראכט איך וועגן א „אינוועניג" און א „דרויסען", קוים וויל איך אין מיין דמיון ז ע ה ן מיט דעם שכל'דיגען אויג דעם „הרויסען" אדער דעם „אינוועניג", אזוי בין איך געצוואונגען דעם רוים „אַנ־צו־שויען", ווי קאנט רופט דאס אַן. און ווי איך זאָל איהם ניט פערטרייבען אין געדאנק, ווי נאָר איך וויל „זעהן", — אין דער פאנטאזיע אדער אין דער ווירקליכקייט, — אזוי מוז איך זעהן רוים. קאנט, האט, ווי איהר ווייסט אפשר, ארויסגעבראכט דערפון דעם געדאנק, אז דער רוים אין אונזער זעהן קאן ניט שטאמען פון דער ערפאהרונג. ווייל אלץ, וואס שטאמט פון דער ערפאהרונג קאן אוועקגעטראכט ווערען פון דעם כח הדמיון און פערביטען ווערען אויף אן אנדער זאך. דער רוים אבער איז אן אבסאלוט נויטווענדיגע פארשטעלונג, — אזא, וואס קאן בשום אופן ניט פערטיליגט ווערען פון אונזער שכל'דיגען זעהן. און ווי־באלד ער שטאמט ניט פון דער ערפאהרונג איז ער ממילא א פראָ־דוקט, וואס ווערט ארויסגעוואקסען על פי נויטווענדיגקייט פון אונזער אייגענעם געמיטה.

עס איז איצטער ניט אונזער אויפגאבע צו בעשעפטיגען זיך מיט קאנט'ס ערקענטניס־טהעאריע, איבערהויפט מיט דער פראגע: פון וואנען האבען מיר די פער'עקשנ'טע פארשטעלונג פונ'ם וועל־טען־רוים, וואס מיר קאנען זיך לגמרי ניט בעפרייען פון איהר. פאר אונז איז איצטער וויכטיג צו האבען אין זינען דעם פאקט, אז דער רוים איז אזא הארטנעקיגע, פער'עקשנ'טע, אבסאלוט ניט אויס־צומיידענדיגע פארשטעלונג, וואס קאן בשום אופן ניט פערטיליגט ווערען, און אזוי ווי מיר רעדען דא וועגען דעם לעדיגען וועלטען־רוים, מוזען מיר אריבערטראגען אויף דעם רוים גופא יענעם כא־ראקטער פון אבסאלוטער נויטווענדיגקייט, וואס געפינט זיך אין אונזער פארשטעלונג וועגען איהם. אלץ קאן פערשווינדען פון דעם רוים, נאר ער קאן ניט פערטיליגט ווערען, ניט גאנץ און ניט טהיילווייז.

דערפון איז ממילא געדרונגען, אז ער קאן ערגעץ ניט ד ו ר כ־ג ע ל ע כ ע ר ט ווערען, ווייל א חלל אין דעם רוים, וואלט געהייסען, אז דארטען, אין דעם חלל, ווערט ער פערטיליגט. דערפון איז אבער אויך געדרונגען, אז ער איז אבסאלוט אונבעוועגליך, ווייל די

קלענסטע בעוועגונג פון דעם רוים, וואָלט איבערגעלאָזען א חלל אין איהם, א פערטיליגונג. און אויך דאָס ווערט ממילא קלאָר, אז איין טהייל רוים קאָן ניט אריינדרינגען אין אן אנדער טהייל, שוין דערפאר אליין, ווייל ער קאָן זיך ניט בעוועגען. זיינע טהיילען מוזען ליעגען איינער הארט לעבען דעם אנדערען אָהן א שום שטח צווישען זיי, ווי קליין דער שטח זאָל ניט זיין. ד. ה., דער רוים איז אונאיבעררייסבאר.

מיר האָבען נאָר־וואָס געזאָגט, אז דער רוים איז א ו נ־ד ו ר כ ד ר י נ ג ל י ך, אז איין פיצעל לאָזט ניט אריין אין זיך אן אנדער פיצעל. אין דעם פונקט איז רוים א תקיף ביי זיך, אָבער נאָר בנוגע זיינס גלייכען. צו אלע אנדערע ערשיינונגען אין דער־וועלט איז ער א סך פריינדליכער: ער איז דורך־און־דורך פ א ס י ו ו, אבסאָלוט גלייכגילטיג צו דעם, וואָס עס זאָל ניט אריינדרינגען אין איהם, וואָס עס זאָל ניט פערנעהמען א פלאץ אין איהם, — אבי ניט רוים. די פריינדליכקייט שטאַמט ניט פון דעם גוטען ווילען זיינעם, נאָר פשוט פון זיין אבסאָלוטער לעדיגקייט, וואָס קאָן ניט האָבען אין זיך קיין איין ברעקעל קראַפט, קיין איין ברעקעל ווידערשטאַנד.

פון דערזעלביגער לעדיגקייט שטאַמט, וואָס דער רוים מוז אין אלע זיינע טהיילען זיין גלייך צו זיך אליין; וואו מען זאָל איהם ניט אָנטרעפען, מוז ער האָבען דיזעלבע אייגענשאַפטען. צוויי גלייך־אויסגעשפרייטע טהיילען קאָנען זיך אונטערשיידען איינער פון דעם אנדערען, נאָר דורך דער לאַגע, אין וועלכער זיי געפינען זיך אין גאַנצען. קיין אנדער אונטערשייד קאָן צווישען זיי ניט זיין. אין איין טהייל קאָן ניט זיין אן אנדער א ר ט רוים, איידער אין אן אנדערען, ווייל די אבסאָלוטע לעדיגקייט קאָן ניט האָבען קיין פערשיידענע ארטען. ענג פערבונדען מיט דעם איז אויך יענע אייגענשאַפט פון דעם רוים, וואָס בעשטעהט אין זיין א ו נ פ ע ר־ע נ ד ע ר ל י כ ק י י ט. קיין טהייל פון איהם קאָן ניט ווערען אנדעריש, איידער ער איז. ווייל אקוראַט, ווי עס קאָנען ניט זיין קיין פערשיידענע ארטען לעדיגקייט איינע לעבען דער אנדערער, אזוי

קאָנען אויך ניט זיין קיין פערשיידענע אָרטען לעדיגקייט איינע ג אָ ך דער אַנדערער.

פון אַלע אַט די מאָמענטען קומט אַרויס, אַז דער רוים א ז אַ מין גלייכאַרטיגע, גלייכמעסיגע, פּאַסיווע אויסגעצויגענקייט, אָהן אַ ברעקעל איבעררייס, אָהן אַ ברעקעל שנוי, און אַז ער איז אַבסאָלוט ניט טהיילבאַר, ווייל זיינע טהיילען קאָנען בשום אופן ניט פאַנאַנדערגערוקט ווערען, איינער פון דעם אַנדערען.

אמת, מיר „טהיילען" דעם רוים, אָבער נאָר אין ג ע ד אַ נ ק. מיר ציהען איבער דעם רוים ריין אויסגעטראַכטע ליניען, וואָס מאַרקירען אַ גרענעץ צווישען איין טהייל רוים און דעם אַנדערען. אויף אַזאַ'ן אופן קאָנען מיר אין געדאַנקען בעהאַנדלען דעם רוים, ווי אַ מין ממשות'דיגע זאַך : אויסשערען אַ שטיק אויסגעשפּרייטקייט, ווי אַ לייוועגט, פאַנאַנדערשערען דעם לייוועגט אויף העלפטען, די העלפטען וויעדער אויף העלפטען און אַזוי ווייטער כסדר.

ביז וואַנען קאָנען מיר אַזוי טהיילען דעם רוים אויף אַלץ קלענערע און קלענערע חלקים ? קאָן דער טהיילונגס־פּראָצעס אַזוי אָנגעהן ביז אין די אונענדליכקייט ? און פון דער אַנדער זייט : ווי ווייט געהט די לענג און די ברייט און די טיעף פון דעם וועלטענרוים ? האָבען זיי ערגעץ־וואו אַ גרענעץ, אָדער זיי זיינען אונענדליך ? מיר וועלען דאָ אין די פראַגען זיך ניט אַראָבלאָזען צו יענער פילאָסאָפישער טיעף, אין וועלכער קאַנט האָט זי בעהאַנדעלט, ווייל קאַנט האָט געהאַט צו טהאָן מיט דעם מענשליכען שכל, וואָס ט ר אַ כ ט וועגען דעם רוים. מיר אָבער האָבען דאָ צו טהאָן מיט דעם רוים, אַקוראַט ווי ער וואָלט באמת געוועז דרויסען פון דעם מענשליכען שכל. עטראַכט מען איהם פון דעם שטאַנדפּונקט, זעהט מען אויפ'ן שטעל איין, אַז מען קאָן די צוויי אונענדליכקייטען זיינע, — די אונענדליכע אויסגעשפּרייטקייט און די אונענדליכע טיילבאַרקייט, — ניט בעהאַנדלען אויף איין און דעם זעלביגען שטייגער. די אונענדליכע אויסגעשפּרייטקייט איז אַ פאַקט פון דעם רויב'ס זיין אויף דער וועלט, ווייל ווי נאָר איך גיב צו, אַז עס איז דאָ ערגעץ וואו אַ גרענעץ פאַר איהם, מוז איך יעמאָלט צוגעבען, אַז פון יענער זייט גרענעץ איז ער ניטאָ, אַז דאָרטען איז ער אַ פערטיליגטער ; דער רוים איז אָבער אונפערטיליגבאַר. צוריק איז זיין ט י י ל ב אַ ר ק י י ט גאָר ניט קיין פאַקט פון

זיין זיין. אדרבה, בעצם איז ער לגמרי ניט טיילבאַר. ער איז גאַר ב מ ו־טיילבאַר, אין אַ קינסטליכען פּראָצעס פון דער פאַנטאַזיע, ניט אין דעם נאַטירליכען פּראָצעס פון „אָנשויאונג“. אין דעם קינסטליכען פּראָצעס קאָנען מיר אָבער אויף אַ קינסטליכען אופן אפשר אויסקלייבען אַ וועג, וואָס זאָל אונז פיהרען צו דעם ענד סוף פון דער טיילבאַרקייט, צו דעם רוים'ס קלענסטען טייל.

און אין דער אמתן! ביז אַהער פלעגט מען „נעהמען“ אַ ליניע רוים, זי אין דער מיטען צו שפּאַלטען אויף העלפט, די העלפטען — ווייעדער אויף העלפט און אַזוי כסדר. אויף אַזאַ אופן איז ווירקליך ניטאָ קיין צוואַנג פאַר דעם דענקענדען מוח, ער זאָל זיך ערגעץ וואו אָבשטעלען, סיידען ער מאַטערט זיך איין. ווי קליין אַ רוים־חלק זאָל ניט זיין, קאָן מען אַלע מאָל על פּי אריפמעטיק צוטיילען איהם אויף צוויי און צו דעם „נול“ קאָן מען בשום אופן ניט קומען.

ווי איז אָבער, אַז מיר וועלען אָנווענדען אַנאַנדער טיילונגס־מיטעל? שטעלט אייך פאָר, אַז אויף דער ליניע „א־בע“ בעוועגען זיך איינער אַנטקעגען דעם אַנדערען צוויי שאַרפע דינע שאָטענס, איינער פון „אַ“ צו „בע“, דער אַנדערער פון „בע“ צו „אַ“. וואָס נעהנטער די שאָטענס קומען זיך צונויף, אַלץ קלענער ווערט דער מהלך צווישען זיי. מוז אָבער זייער בעוועגונג מאַכען דעם מהלך אַלץ קלענער און קלענער ביז אין דער אונענדליכקייט? לאָמיר זעהן. אין זייער בעוועגונג מוזען זיך געפינען מאָמענטען, וואו דער מהלך ווערט ניט נאָר קלענער, נאָר אדרבה גרעסער. דאָס הויבט אָן צו געשעהן פון דעם מאָמענט אָן, ווען די שאָטענס בעגעגנען זיך, דרינגען דורך איינער דעם אַנדערן (זיי זענען דאָך ניט רוים און ניט ממשות'ען, דעריבער קאָנען זיי עס טהאָן) און געהען זיך ווייעדער פאַנאַנדער. בשעת זיי האָבען זיך בעגעגנט, איז דער מהלך צווישען זיי געווען גלייך נול, אָבער אין דעם צווייטען הירף־עין איז שוין ווייעדער געוואָרען אַ „משהו“ רוים צווישען זיי. עס איז קלאָר, אַז אַ מהלך, וואָס ווערט אַלץ קלענער, און הויבט פון אַ געוויסען מאָמענט אָן צו ווערען גרעסער, קאָן ניט פערקלענערט ווערען אונענדליך. ווייל אויב יע, וואָלט ער

ניט קומען צו דעם נול און וואָלט איהם ניט געקאָנט אריבערשפרינגען. ממילא מוז ערגעץ וואו אין איהם ליעגען די קלענסטע מאָס פון דעם רוים. על כל פנים, איז דאָ אַ גרענעץ צו זיין טיילבאַרקייט. דער גרענעץ איז יענער פונקט, וואו די שאָטענס האָבען זיך בעגעגענט און וואו דער מהלך צווישען זיי איז גלייך געוואָרען נול.

און דאָס, וואָס מען קאָן מאַכען מיט דער ליניע פון דער לענג, קאָן מען מאַכען מיט דער ליניע פון דער ברייט און פון דער טיעף. פון אַלע זעקס זייטען קאָנען מיר דורך שאָטענס צונויפדריקען דעם „מהלך“ אזוי, אַז ער זאָל זיך אין גאַנצען פערליערען. אַט יענעם גרעניץ־פונקט, וועלכען מיר קאָנען זיך איצטער גאַנץ גוט פאָרשטעלען, רופט מען, ווי איהר ווייסט דעם מ א ט ע מ א ט י ש ע ן פ ו נ ק ט; דער לעצטער פונקט, וואו דער „משהו“ מהלך פערליערט זיך, כדי ווידער אָנהויבען צו וואַקסען.

איך ווייס גאַנץ גוט, אַז די המצאה, וואָס איך שלאָג דאָ פאָר, ווי אַרויסצודרעהען זיך פון דער אונענדליכער טיילבאַרקייט, איז ניט מעהר ווי אַ ש פ י צ ע ל, ווייל זי טראָגט אַריבער דעם פראָבלעם פון אונענדליכקייט פון איין אָרט אויף אַן אַנדער אָרט. כדי צו געפינען די שאָטענס, וואָס האָבען קיין ברעקעל דימענזיאָן ניט, האָבען מיר דאָך שוין פריהער געדארפט עפּעס־וואָס צושפּאַלטען אונענדליך אין שאָטענס. וואָס האָבען מיר דאָרטען געטהאָן? און דערצו: די לענג פון דעם קלענסטען טייל רוים, וואָס ליעגט פאַר און נאָך דעם מאַטעמאַטישען פונקט הענגט אָב פון דער לענג פון דער צייט. וואָס גרעסער די בעוועגונגס־צייט פון די שאָטענס פאַר דעם בעגעגענען זיך, אַלץ קלענער דער מהלך צווישען זיי. אויב די צייט קאָן האָבען אַ בעשטימטע קלענסטע דויער, קאָן יעמאָלט דער מהלך האָבען אַ בעשטימטע קלענסטע לענג. וואָס טהוט זיך אָבער מיט דעם פונקט אין דער צייט? קאָן מען דאָרטען אויך מאַכען דעם קונץ מיט די שאָטענס? ליידער מוזען מיר די פראַגע לאָזען אַ זייט, ווייל דאָס פראָבלעם פון דער צייט שפּיעלט ניט אַזאַ גרויסע ראָליע אין דעם אויפבוי פון דער מאַטעריאַליסטישער פילאָסאָפיע, פאַר וועמען דער רוים איז די הויפּט־זאַך. דאָס איינציגע, וואָס מיר קאָנען נאָך נעהמען פון דער צייט פאַר דער ריכ־

טיגער פאַרשטעלונג פון דעם רוים, איז זיין — א י י ב י ג ק י י ט. דער רוים איז אייביג מחמת דעם זעלביגען טעם פאַר וואָס ער איז אונענדליך. ביידע, די אונענדליכקייט און די אייביגקייט, שטאַמען פון דעם, וואָס דער רוים איז נויטווענדיג און אונפערטיליגבאַר. אויף וואָס פאַר א פונקט אין דער צייט איך זאָל ניט אַנשטעלען מיין אויג, מוז איך אַלע מאָל זעהן אין איהם רוים, און ממילא איז ער אייביג; מיט אַנדערע ווערטער, ער איז פון קיינעם ניט געשאַפען געוואָרען.

מיר האָבען דאָ געוויס ניט אויסגעשעפּט אַלץ, וואָס מען קאָן זאָגען וועגען דעם רוים, ווי א ווירקליכער וועלט־עקזיסטענץ דרויסען פון א וועלכען עס איז גייסט. פערגעסען מיר ניט, אַז אין דעם דאָזיגען לעדיגען רוים האָט די מאַטעמאַטישע וויסענשאַפט אויסגעפונען אַזוי פיעל שכל'דיגע געזעצען, וואָס פילען אונז אָן מיט בעוואונדערונג יעדעם מאָל, ווען מיר דענקען זיך אין זיי אריין. אָבער שוין דאָס, וואָס מיר האָבען דאָ געזאָגט וועגען דעם רוים איז דורכאויס גענוג, מיר זאָלען געווינען א קלאָרען בעגריף וועגען איהם.

בקיצור קאָן מען זאָגען: דער רוים איז א נויטווענדיגע פאָרשטעלונג וועגען א לעדיגער דריי דימענזיאָנעלער אויסגעשפּרייטקייט. ער איז אונגעשאַפען, אונפערטיליגבאַר, אונענדליך און אייביג. ער איז אונדורכדרייסבאַר און אונדורכדרינגליך; פּאַסיוו, גלייך־אַרטיג און אונפערענדערליך. א דאַנק דער אונדורכרייסבארקייט איז ער איין איינציגער, ניט ג ע ט י י ל ט ע ר רוים אין דער גאַנצער וועלט. זיין טיילבאַרקייט איז ניט מעהר ווי א קינסטליכער צוטראַכט צו איהם, וואָס קאָן זיך ענדיגען מיט דער פאָרשטעלונג פון א וועלכען עס איז אונטיילבארען לעצט־קליינעם רוימליכען טייל.

מיר קומען איצטער צו דער מאַטעריע. לאָמיר זעהן, אין וועלכע פונקטען שטימט די מאַטעריע צונויף מיט דעם רוים און אין וועלכע נעהט זי זיך מיט איהם פאַנאַנדער.

די ערשטע פראַגע, וואָס מיר שטעלען אַוועק, איז: וואָס טהוט זיך מיט דער נ ו י ט ו ו ע נ ד י ג ק י י ט פון דער מאַטעריע? איז די פאָרשטעלונג פון דער מאַטעריע אַקוראַט אַזוי אונפערטי־

ליגבאַר און איינגע'עקשנ'ט אין אונזער בעוואוסטזיין, ווי די פאָר־שטעלונג פון דעם רוים? אויף דערויף מוזען מיר ענטפערן, אַז דער געדאַנק פון אַ מאַטעריע איז ניט אויף אַזאַ'ן אַרט נויטווענדיג, ווי דער געדאַנק פון אַ רוים, אָבער פאָרט נויטווענדיג, ווען אפילו אַ ביסעל אויף אַן אַנדער אופן. מיר האָבען געזעהן, אַז דער רוים וויל ניט פערשווינדען, אפילו ווען מיר פערמאַכען די אויגען און בעטראַכטען די וועלט נאָר דורך דעם „גייסטיגען זעהן". אַזוי איינגע'עקשנ'ט איז די מאַטעריע ניט. ווילט איהר בעטראַכטען דיווירקליכע וועלט פערמאַכטערהייד די אויגען, לאָזט זיך די מאַטעריע אין גאַנצען פערשווינדען. איהר קאָנט זי לחלוטין אַוועקטראַכטען. קוים עפענט איהר אָבער וויעדער אויף די אויגען, אַזוי בעגעגענט איהר אין דער ווירקליכער וועלט אַ גרויסע צאָהל פון קערפער, וואָס בעוועגען זיך און ו ו י ר ק ע ן איינע אויף די אַנדערע און דרינגען איינער אין דעם אַנדערן אַריין. איהר מוזט זיך פרעגען: וואָס איז אַזוינס אַ קערפער און פון וואַנען נעהמט זיך אין איהם די בעוועגונג? אַזוי ווי דער רוים איז אַבסאָלוט לעדיג, פאַסיוו און אונבעוועגליך, קאָן דער קערפער ניט זיין קיין לעדיגער רוים. אָבער ער איז דאָך אויסגעשפרייט אין אַלע דריי דימענזיאָנען. ממילא מוז איך אָננעהמען אַז עס איז דאָ אין דער רוים עפּעס אַן אָ נ ג ע פ י ל ט ק י י ט, עפּעס אַ ממשות, וואָס פערנעהמט אַ פּלאַץ אין איהם און וואָס קאָן אַלע ווייל ע בייטען זיין אָרט, ד. ה. זיך בעוועגען.

וואָס אַזוינס די אָנגעפילטקייט איז, האָט קיין זין ניט צו פרעגען. מאַטעריע איז אָנגעפילטקייט, ווי רוים איז אויסגע־שפרייטקייט. אויב מיר ווילען וויסען, וואָס זי איז אַזוינס, דאַר־פען מיר שטודירען איהר טבע אין די נאַטור־וויסענשאַפטען, ווי דער מאַטעמאַטיקער שטודירט די אייגענשאַפטען פון דער אויס־געשפרייטקייט אין דער מאַטעמאַטיק. אָבער אויב אַזאַ אָנגע־פילטקייט איז דאָ, — און דאָס זעהען מיר בחוש, — קאָן שוין יעמאָלט אויך פערענטפערט ווערען די פראַגע וועגען איהר נויט־ווענדיגקייט. קאָן די מאַטעריע באמת פערשווינדען, אַקוראַט ווי מיר קאָנען זי אַוועקפאַנטאַזירען מיט פערמאַכטע אויגען? ניין! ענטפערט אונז דער שכל. מיר האָבען, זאָגט ער, אַ כלל, אַז

וועלכען מיר קאָנען אבסאָלוט ניט זיין אין ספק, אז יעדע זאך מוז האָבען אַן אורזאך, אז פון גאָרנישט קאָן גאָר נישט ארויסקומען. דער לעדיגער רוים קאָן פון זיך אליין ניט ארויסברענגען קיין מאַ־טעריע, ווייל ער איז דורך־און־דורך פאַסיוו. ממילא שטעהען מיר פאַר דער איין־איינציגער ברירה: אָדער עס קאָן גאָר ניט זיין קיין מאַטעריע, אָדער זי מוז זיין אין דעם רוים פון אייביג אָן. מיר זעהען זי אָבער איצטער בחוש. ממילא מוזען מיר אָננעהמען, אז זי איז פון אייביג אָן על פּי נויטוועגדיגקייט אין דעם רוים. מיט אנדערע ווערטער, אז די מאַטעריע איז, ווי דער רוים אליין, אומ־געשאַפען. אָבער דער זעלביגער כלל פון „עקס ניהילאָ ניהיל", — „פון גאָר נישט קאָן גאָר נישט ארויסקומען" און „אלין מוז האָבען זיין אורזאך" פיהרט אונז צו דעם צווייטען טייל פון דעם אייביג־קייטס־געדאַנק, דער ניט־צושטערבאַרקייט פון דער מאַטעריע: אין דעם אונענדליכען, לעדיגען רוים איז ניטאָ קיין איין איינציגע אור־זאך, וואָס זאָל זי מאַכען פערשווינדען, און אקוראַט, ווי זי איז אייביג בעשטאַנען ביז אהער, אזוי וועט זי על פּי נויטוועגדיגקייט אייביג בעשטעהן עד סוף כל הדורות.

מיר האָבען געזעהן, אז דער רוים איז א ו נ ד ו ר כ ד ר י נ ג־ ל י ך. דאָס אייגענע איז אויך מיט דער מאַטעריע. איין פּיצעל מאַטעריע קאָן ניט אריינדרינגען אין אַן אנדער פּיצעל, ווי איין טייל רוים קאָן ניט אריינלאָזען אין זיך אַן אנדער טייל. די אונ־דורכדרינגליכקייט איז דער בולט'סטער סמן, דער נויטוועגדיגסטער אַטריבוט פון דער מאַטעריע. א שמץ גשמיות, וואָס זאָל זיין דורכדרינגליך צו אַן אנדער שמץ, איז שוין אויס גשמיות. א ניט־אונדורכדרינגליכע מאַטעריע איז א ווידערשפּרוך אין זיך גופא.

און אין דער אמת'ען! מאַטעריע איז עפּעס אזוינס, וואָס פּילט אָן דורך־און־דורך, אָהן א שום רעסט, יענעם שטיק לעדיגען חלל, וועלכען זי פערנעהמט. לאָזט איהר אריינדרינגען אין איהר אַן אַנדער ברעקעל מאַטעריע, איז אָדער דאָס ערשטע ברעקעל בלייבט אויף זיין אָרט, אָדער עס געהט פון איהם אוועק און פער־נעהמט אַן אַנדער אָרט. געהט עס אוועק פון דעם פריהערדיגען אָרט, ווי צ. ב. די טיילען פון דער הילצערנער וואַנד, ווען מיר שלאָגען אריין אין איהר אַן אייזערנעם טשוואָק, איז יעכאָלט די־

נייע מאַטעריע אַריינגעדרונגען ניט אין איהם, נאָר אין דעם לעדיגען חלל, וואָס לעבען איהם. בלייבט אָבער די ערשטע מאַטעריע אויף איהר פריהערדיגען פלאַץ, יעמאָלט האָט די נייע מאַטעריע קיין אָרט ניט, וואוהין אריינצודרינגען, ווייל די ערשטע קאָן בשום אופן ניט פערשווינדען.

פון דער אונדורכדרינגליכקייט פיהרט אַ גלייכער וועג צו יענעם געדאַנק, אַז די מאַטעריע איז בעצם נ י ט ־ ט י י ל ב אַ ר, אַקוראַט אַזוי ווי דער רוים. ווייל כדי צו פאַנאַנדערטיילען מאַטעריע, דאַרף מען קאָנען אריינדרינגען אין איהר, און דאָס איז אונמעגליך. מען קאָן אויך ניט קלענער מאַכען איהר פערנעהם דורך צונויפפרעסונג, מען קאָן זי ניט מאַכען סאָלידער און פעסטער ווי זי איז. דערפון איז ממילא געדרונגען, אַז זי מוז האָבען אַ וועלכע עס איז בעשטימטע מאָס אין דער לענג, אין דער ברייט און אין דער טיעף, ווי קליין די מאָס זאָל ניט זיין.

די ניט־טיילבאַרקייט פון דער מאַטעריע, פון וועלכער מיר רעדען דאָ, געהט אויפ'ן ערשטען בליק להיפך אי צו דער ערפאַהרונג, אי צו דעם דענקען, קורץ, צו יענעם אַלטען איינגעפונדעוועטען זאַטץ אין דער פיזיק, וואָס לערנט גראָד בפירוש ומפורש, אַז איינע פון די וויכטיגסטע אייגענשאַפטען פון דער מאַטעריע בעשטעהט אין דעם, וואָס זי איז ט י י ל ב אַ ר. אָבער דאָס איז נאָר אויף דעם ערשטען בליק. די טיילבאַרקייט, וואָס מיר זעהען אין דער ערפאַהרונג, איז ניט מעהר ווי אַ דמיון, אַקוראַט ווי דאָס אַריינדרינגען פון דעם אייזערנעם טשוואַק אין די הילצערנע וואַנד. אַז מיר צוברעכען אויף צווייען אַ שטיקעל צוקער, צוברעכען מיר דאָ ניט די מאַטעריע פון דעם צוקער אויף דער העלפט. מיר מאַכען מעהר נישט ווי גרעסער דעם חלל, וואָס איז געוועזען צווישען זיינע איינצעלנע ברעקלעך מאַטעריע. און אַז מיר זאָלען צונויפפרעסען דעם וואַסער־שטאָף־גאַז, ביז ער וועט פערנעהמען דעם קלענסטען טייל רוים, וואָס ער קאָן פערנעהמען, — דריקען מיר דאָ ניט צונויף די מאַטעריע וואָס איז אין דעם וואַסער־שטאָף־גאַז, — מיר טרייבען נאָר אַרויס דעם לעדיגען חלל, וואָס איז געוועזען צווישען איהרע אונטיילבאַרע חלקים. יעדער אַזאַ אבסאָלוט אונטיילבאַרער חלק פון דער וועלט־מאַטעריע ווערט — ווי איהר

זויסט — אָנגערופען אין דער וויסענשאַפט און אין דער פילאָ־ סאָפיע „דאָס אונטיילבאַרע“, דער אַ ט אָ ם.

דאָס, וואָס פילט אָן דעם רוים, קאָן ניט געטיילט ווערען אויף יענע טיילבאַרקייט, וואָס מיר פיהרען דורך אין געדאַנק, בעת מיר זאָגען, צ. ב., אַז די מאַטעריע קאָן געטיילט ווערען אונענדליך, דאַרף מען אויך פערשטעהן ניט גאָר אין דעם פּשוט'ען זין פון דעם וואָרט. מיר מיינען דערמיט אייגענטליך ניט, אַז די מאַטעריע גופא לאָזט זיך טיילען ביז אונענדליך, נאָר אַז דער פערנעהם איהרער, דער מהלך רוים, וואָס צווישען איין ברעג מאַטעריע און דעם אַנדערן, קאָן געמאַכט ווערען אַלץ קלענער און קלענער. די „אונענדליכע“ טיילונג קומט פאָר, ווי ביי דעם רוים, אין דער געקינסטעלטער פאַנטאַזיע און ניט אין דעם נאַ־ טירליכען, ווען אפילו גייסטיגען זעהן. ביי דעם רוים האָבען מיר מיט אַ „שפּיצעל“ געצוואונגען די פאַנטאַזיע, זי זאָל צוגעבען אַ גרענעץ צו זיין טיילבאַרקייט. דאָ, ביי דער מאַטעריע, דאַרפען מיר ניט אָנקומען צו קיין שום „שפּיצלעך“. דאָ איז יענע מע־ טאָדע אַן עהרליכער, כשר'ער בעוויז. איך וויל אייך דערמאָהנען אָן יענע עקספּערימענטען, וועלכע מענדעלעיעוו האָט אָנגעווענדעט, כדי מאַטעמאַטיש אויסצורעכענען דעם פ ע ר נ ע ה ם פון אַן אַטאָם. דער תוך פון די עקספּערימענטען איז בעשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט דעם קלענסטען טייל מאַטעריע, וואָס מען קאָן מיט אונזערע מענשליכע מיטלען אַרויסברענגען אין דער ווירקליכקייט, צונויפגעקוועטשט צווישען צוויי אויסגעקיילעכטע גלעזלעך. ווי איהר זעהט, איז דאָ אָנגעווענדעט געוואָרען דער זעלביגער פּרינציפּ, וועלכען מיר האָבען אויסגענוצט מיט די שאָטענס, וואָס בעוועגען זיך איינער אַנטקעגען דעם אַנדערן אויף אַ מאַטעמאַטישער ליניע. די אויסגעקיילעכטע גלעזלעך וואָס וואָלטען זיך געקאָנט צונויפ־ קומען אין איין איינציגען פּונקט, קאָנען זיך דאָ ניט בעריהרען, ווייל צווישען זיי ליעגט אַן אַ ט אָ ם, אַן אונדורכדרינגליכער „משהו“ מאַטעריע, וואָס דערלאָזט ניט זיינע וויטערדיגע בע־ וועגונג.

די פראַגע וועגען דער טיילבאַרקייט אָדער ניט טיילבאַרקייט פון דער מאַטעריע איז איינע פון די וויכטיגסטע פראַגען אין דער

פילאָסאָפיע פון דעם מאַטעריאַליזם. זי ווערט גראָד איצטער נאָך אַ מאָל מיט התמדה דורכגעלופטערט אין דער וויסענשאַפט, אַ דאַנק דער טעאָריע, וואָס נעהמט אָן, אַז דער לעצטער עלעמענט פון יענע אַטאָמען, וועלכע מיר שטודירען אין דער כעמיע, איז אַן ע ל ע ק ט ־ ר אָ ן, ד. ה. דער קלענסטער טייל פון יענער ע ר ש י י נ ו נ ג, וועלכע מיר רופען עלעקטריציטעט. די קאָפּ־ברעכעניש ווערט נאָך פערשטאַרקט דורך די ענטדעקונג פון דער ראַדיאָ־אַקטיוויטעט, פון דער פעהיגקייט, וועלכע געוויסע קערפּער בעזיצען, אַרויסצושיקען פון זיך אָהן אַן אויפהער געוויסע אַרטען פון שטראַהלען. די דאָזיגע נייע ערשיינונגען זענען נאָך דערווייל ניט גרינדליך אויס־געשטודירט און די טעאָריען זענען אַ היבש ביסעל צונויפגעוויקעלט און פערפּלאָנטערט. אָבער זייער בעדייטונג פאַר דער מ אַ ט ע ר י ־ אַ ל י ס ט י ש ע ר אויסטייטשונג פון דער קערפּער־וועלט איז ניט אַזוי פערפּלאָנטערט, ווי עס קאָן זיך דוכטען אויף דעם ערשטען בליק. עס איז אַ פּשוט'ער ממה נפשך: איז די עלעקטריציטעט אַ ריינע ק ר אַ פ ט, אַ מין אַרט פון בעוועגונג, וואָס האָט אין זיך קיין ברעקעל מאַטעריעלע ממשות ניט, יעמאָלט איז אויך דער עלעקטראָן ניט קיין מאַטעריעלע ממשות און יעמאָלט איז איבער־הויפּט „אַ סוף — אַן עק" צו דער מאַטעריע. איז אָבער דער עלעקטראָן אַ וועלכע עס איז גשמיות, אַ זאַך, וואָס פילט אָן דעם רוים, יעמאָלט איז ע ר דער אַטאָם, וואָס מוז האָבען אין זיך אַלע איינענשאַפטען פון דער מאַטעריע. און זאָל זיך אַרויסשטעלען, אַז כדי צו פערשטעהן די ערשיינונגען פון דער קערפּערליכער וועלט, מוז דער עלעקטראָן גופא אין געדאַנקען פאַנאַנדערגענומען ווערען אין אַ מחנה פון נייע לעצטע איינהייטען, וועט יעמאָלט פאַר יענע איינהייטען אויסוואַקסען דערזעלביגער ממה־נפשך.

און דאָס איינענע איז אויך מיט דער ראַדיאָ־אַקטיוויטעט. אויב עס זאָל זיך אַרויסווייזען, ווי איינינע רעכענען, אַז מיט די ראַדיאַלע שטראַהלען פערשווינדט אַ טייל פון דעם שטראַהלענדען קערפּער, יעמאָלט מוז דער ממה נפשך אָנגעווענדט ווערען אויף דעם שטראַהל. איז ער ניט מעהר, ווי ריינע ענערגיע, איז יעמאָלט אויס מיט דער מאַטעריאַליסטישער סברה. האָט ער אָבער אין זיך אַ מאַטעריעלע ממשות, איז יעמאָלט בעשטעהט ער פון אונ־

דורכדרינגליכע אטאָמען, וואָס פילען אָן יעדער איינער זיין פּיצעל רוים און קאָנען בשום אופן ניט געטיילט ווערען.

אגב, האָבען מיר היינט צו טהאָן ניט מיט דעם מאַטעריאַליסטישען אטאָם, וואָס גוסס'ט אין דער מאָדערנער וויסענשאַפט, נאָר מיט יענעם יוגענד־פרישען אטאָם פון דער ריינער מאַטעריאַליסטישער פילאָסאָפיע, בעת ער איז נאָך געוועזען פול מיט עקזיסטענץ, האָט מיט זיין גאַנצען עצם אָנגעפילט דעם רוים און האָט זיך ניט געלאָזט אין גאַנצען אָוועק'חשבונ'ען פון דער וועלט. יענער יוגענד־פרישער אטאָם האָט געהאַט אויסצושטעהן אַ אַנדער „קאַמפּף אום'ס דאַזיין" אין דער מאַטעריאַליסטישער פילאָסאָפיע גופא. די פראַגע איז געווען: איז די מאַטעריע, וואָס פילט אָן דעם רוים, אַזאַ איינהייטליכע, אין זיך אָבגעשלאָסענע גאַנצקייט, ווי דער רוים גופא, אַן איין־איינציגע זאַך, וואָס ציהט זיך אָהן אַן איבעררייס פון איין ענד וועלט צו דעם אַנדערן, וואו מען קאָן איבערגעהן פון איין טייל צו דעם אַנדערן אָהן אַ ברעקעל שפּרונג איבער דעם לעדיגען רוים? אַזאַ פאָרשטעלונג האָט געהאַט דעקאַרט, פאַר וועמען מאַטעריע און אויסגעשפּרייטקייט זענען געווען דיזעלביגע זאַך. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז די מאַטעריע פילט אויס דעם רוים אין אַלע זיינע פונקטען, אַז ערגעץ איז ניטאָ קיין איין משהו לעדיגער רוים. די בעוועגונג אין דער וועלט קומט פאָר לויט דעם זעלביגען פּרינציפּ, ווי דאָס דרעהען זיך פון אַ קיילעכדיגער ברעט אין דער לופטען אַרום איהר אייגענעם צענטער. ווי שנעל איהר בעוועגונג זאָל ניט זיין, אין וואָס פאַר אַ ריכטונג זי זאָל זיך ניט דרעהען, — רעכטס אָדער לינקס, — זי פילט תמיד אויס דעם גאַנצען אָרט אין דעם רוים, וועלכען זי פערנעהמט. אין איינציגע וועלט־מאַטעריע בעוועגט זיך ווי אַ שטראָם אין טויזענדער ווענדונגען, אָבער סוף כל סוף אין אַ קרייז, ווי דאָס דרעהען זיך פון וואַסער אין אַ ווירבלענדען קעסעל־גרוב. יעדעס פּיצעל מאַטעריע בייט איהר אָרט נאָר דערפאַר, ווייל די גאַנצע וועלט־מאַטעריע בעוועגט זיך און ווירבעלט זיך אין אַ מעכטיגען שטראָם. עס זענען נאָך עד היום דאָ גרויסע געלערנטע, וואָס מיינען, אַז נאָר דורך דער פאָרשטעלונג פון דער איין־איינציגער וועלט־מאַטעריע קאָן מען אויף דעם קלאָרסטען אופן אויסטייטשען

די מאַטעריעלע פראָצעסען פון דער וועלט. אויב דאָס זאָל זיין
דער אמת פאַר דער מאַטעריע, איז יעמאָלט, פערשטעהט זיך, ניטאָ
וואָס צו רעדען וועגען א ט אָ מ ע ן, וועגען איינצעלנע, ניט
טיילבאַרע, איינער פון דעם אַנדערן אָבגעריסענע טיילען פון דער
וועלט־ממשות. אָבער עס זענען דאָ געננג מאָטיווען, וואָס צווינ־
גען אונז צו פערלאָזען יענע פאָרשטעלונג פון דעקאַרט און צוריק־
צוקעהרען זיך צו דער טיעפער סברה פון דעם אַלטען דעמאָקריט,
וואָס איז דער אמת׳ער פאָטער פון דער אַטאָמען־לעהרע און דעם
מאַטעריאַליזם בכלל. שוין די ערשיינונג פון שיטערער ווערען און
געדיכטער ווערען פיהרט אונז צו דער אַטאָמען־טעאָריע.

מיט דער אַטאָמען־טעאָריע קאָנען מיר אויך בעסער דורכ־
פיהרען נאָך אַ פונקט, וואָס איז אַזוי וויכטיג פאַר דעם מאַטער־
יאַליסטישען געדאַנק. דער לעדיגער רוים איז אַן איין־איינציג־
קייט: ס׳איז דאָ נאָר איין וועלטען־רוים. די מאַטעריע איז אַ
פיעלהייט, ווייל זי בעשטעהט פון אַ סך איינצעלנע, אָבגעריסענע
אַטאָמען. און פון דעסטוועגען איז די מאַטעריע א ן א י נ־
ה י י ט, אויב ניט קיין איין־איינציגקייט. איהר איינהייט בע־
שטעהט אין דעם, וואָס זי איז אומעטום גלייך־אַרטיג, ווי דער רוים.
זי האָט אומעטום, וואו מיר זאָלען זי נישט אַנטרעפען, אַלץ די
זעלביגע אייגענשאַפטען. געווים, די אַטאָמען וואָס מיר שטודירען
אין דער כ ע מ י ע זענען פערשיידען איינע פון די אַנדערע. דער
אַטאָם פון בליי איז שווערער, איידער דער אַטאָם פון גאָלד. בליי
זײַט אויך גאַנץ אַנדערע אייגענשאַפטען, איידער גאָלד. אָבער
דער אַטאָם פון דעם כעמישען עלעמענט איז ניט דער ריינער וועלט־
אַטאָם. דער כעמישער אַטאָם איז שוין צוזאַמענגעזעצט פון אַ גע־
וויסער גרופע מאַטעריעלע אַטאָמען. דאָס גיט אונז די מעגליכ־
קייט מאַטעריאַליסטיש צו דערקלעהרען, פאַר וואָס די כעמישע
עלעמענטען האָבען פערשיידענע אייגענשאַפטען. דאָס שטאַמט
דערפון, וואָס אין יעדעם עלעמענט איז צוזאַמענגעבונדען אַן אַנדער
צ אָ ה ל אומעטום גלייכע פיזישע אַטאָמען. די פערשיידענע
אייגענשאַפטען קומען אַרויס ניט פון זייער אינווענינסטער טבע,
נאָר פון זייער צאָהל און אפשר אויך פון אַ בעשטימטער אַרט

רעוועגונג, וועלכע די בעשטימטע קאָמבינאַציע פון אטאָמען פיהרט אויס אין דעם לעדיגען רוים.

אין דער נאַטור זענען ניטאָ קיין פערשיידענע קוואליטעטען. אלע קוואליטעטען זענען אין תוך אריין ניט מעהר, ווי פערשיידענע קוואַנטיטעטען.

מיר קומען איצטער צו דער וויכטיגסטער אייגענשאַפט פון דעם מאַטעריעלען אטאָם, זיין פעהיגקייט צו ווירקען, זיין אקטיוויטעט. די אַקטיוויטעט פון דער מאַטעריע שטאַמט פשוט דערפון, וואָס זי איז ניט פאַסיוו און אבסאָלוט רוהענד, ווי דער רוים, נאָר איז אייביג בעוועגליך. די בעוועגונג איז דער בולט'סטער און וויכטיגסטער סמן, וואָס שיידט אָב די מאַטעריע פון דעם לעדיגען רוים.

אויף די בעוועגונג קוקט דער ריינער מאַטעריאַליסט ניט ווי אויף א בעזונדער עצם, אויף א בעזונדער פאַקטאָר פון דעם וועלט'ס געשעהן. ס'איז ניט א קראַפט, וואָס קאָן ארויסגעהן פון דעם אטאָם אָדער אריינגעגאָסען ווערען אין איהם. בעוועגונג איז די זיין'ס־אַרט פון דעם אטאָם גופא. א מאַטעריעלער אטאָם איז ניט נאָר דאָס, וואָס פילט אָן דעם רוים, נאָר, דער עיקר, דאָס, וואָס בעוועגט זיך אין איהם. יעדער אטאָם געפינט זיך אין א וועלכער עס איז אַרט בעוועגונג, ד. ה. ער טראָגט זיך אום איבער דעם רוים מיט א געוויסער גיכקייט און אין א געוויסער ריכטונג. קיין רוה איז אין דער נאַטור ניטאָ. רוהען רוהט נאָר דער רוים. אין זייערע פערשיידענע בעוועגונגען שטויסען זיך די אטאָמען צונויף און די צונויפשטויסונגען ברענגען ארויס דאָס גאַנצע שפּיעל פון דעם וועלט־געשעהען. די אזוי אָנגערופענע נאַטור־קרעפטען, ווי מעכאַנישער דרוק און שטויס, די צוציהונגס־קראַפט און די אָבשטויסונגס־קראַפט, וואַרעמקייט, מאַגנעטיזם, עלעקטריע און ליכטשיין זענען ניט קיין אַנדער זאַך, ווי א געוויסע בעוועגונגס־אַרט, וואָס קומט פאָר צווישען פערשיידענע שטאָפען. די לעבענס־ערשיינונגען זיינען ניט מעהר, ווי געוויסע זעהר פערפּלאָנטערטע בעוועגונגס־אַרטען, וועלכע די אטאָמען פיהרען אויס אין יענעם שטאָף, וואָס רופט זיך איי־ווייסעל. און די עמפּפינדונג אָדער דאָס בעוואוסטזיין, יענער גאַנצער סכום פון פּראָצעסען, וואָס מיר

רופען אַן „נשמה“ אָדער פּסיכישע ערשיינונגען, זענען אין זייער לעצטען תּוך אויך ניט מעהר ווי געוויסע בעוועגונגס־אַרטען, וואָס שפּיעלען זיך אָב אין אַ בעשטימטער אַרט איי־ווייסעל, וואָס איז לויט זיין שטאָף זעהר נאָהענט צו דעם שטאָף פון די נערוועך און דעם מאַרך. פאַלט פאַנאַנדער דער „עמפּפינדונג־שטאָף“, — אַזוי לאָמיר אָנרופען יענע בעשטימטע אַרט איי־ווייסעל, וואָס גיט עמ־פּפינדונגען, — הערען אויף אַלע גייסטיגע פּראָצעסען; פאַלט פאַנאַנדער דער איי־ווייסעל, פערשווינדט אין גאַנצען דאָס לעבען.

אַגב אורחא, זעהען מיר דערפון, ווי ניט ריכטיג עס איז, ווען ביוכנער האָט די לעצטע מאַטעריאַליסטישע פּרינציפּען אַ נאָמען געגעבען „קראַפט און שטאָף“. „קראַפט“, — ווי עלעקטריע און וואַרעמקייט, — איז שוין אַ געוויסע בעשטימטע אַרט פון בעווע־גונג, אַקוראַט ווי „שטאָף“, — גאָלד, זילבער, איי־ווייסעל, נערווען־סובסטאַנץ, — איז שוין אַ געוויסע קאָמפּליצירטע אַרט פון מאַטעריע.

„מאַטעריע און בעוועגונג!“ דאָס איז דער פריידיגער אויס־געשריי פון דעם מאַטעריאַליזם, וואָס גלויבט, אַז ער האָט געפונען דעם שליסעל צו אַלע וועלטליכע סודות. און בעוועגונג איז ניט עפּעס, וואָס קאָן אָבגעטיילט ווערען פון דער מאַטעריע. זיי זענען איין און די זעלביגע זאַך. זיי זענען ביידע אייביג אומבעשאַפען און אונפערטיליגבאַר. מחמת דעם קאָן דער סכום פון דער מאַ־טעריע ניט גרעסער ווערען און ניט קלענער ווערען אין דער וועלט און מחמת דעמזעלביגען טעם קאָן אויך ניט גרעסער ווערען און ניט קלענער ווערען דער סכום פון בעוועגונג. דער לאָגישער פּועל יוצא דערפון פאַר דער פיזיק איז דאָס געזעץ פון די „קרעפטען־דערהאַלטונג“, וואָס איז איינגעפונדעוועט געוואָרען אין דער צווייטער העלפט פון דעם פאָריגען יאָהרהונדערט (און וואָס ווערט, אַגב, ווידער שטאַרק פאַנאַנדערגעשאָקעלט אין דער איצטיגער וויסענ־שאַפט). אויך די טעאָריע פון די „קרעפטען־איינהייט“, וואָס לערנט אונז, אַז מעכאַנישע רייבונג, וואַרעמקייט, עלעקטריע, מאַג־נעטיזם א. אז. וו. זענען אין תּוך אריין איין־און־דיזעלביגע זאַך און קאָנען איבערגעהן איינע אין די אַנדערע, איז אויך ניט מעהר ווי אַ לאָגישער קאָרעלאַט צו דער איינהייט פון דער מאַטעריע.

אַלע אָרטען פון בעוועגונגען קאָנען צוריקגעפיהרט ווערען צו דער איינפאַכסטער אָרט, דעם מעכאַנישען דרוק און שטויס, ווי אַלע אָרטען פון דעם וועלט־שטאָף קאָנען צוריקגעפיהרט ווערען צו דער איינציגער אָרט, דער איינפאַכער אָנגעפילטקייט.

ווייל מען דעריבער דערקלעהרען א וועלט־ערשיינונג ביז צו איהר לעצטען גרונד, דאַרף מען אַזוי ווייט פאָרשען און אַריינדרינגען אין איהר, ביז מיר זאָלען זעהן קלאָר פאַר אונזער גייסטיג אויג, אויב ניט דורכ'ן מיקראָסקאָפּ, ווי אַזוי די פערשיידענע אַטאָמען פון דער מאַטעריע פיהרען אויס זייערע פערשיידענע מעכאַנישע בעוועגונגען אין דעם לעדיגען רוים. דער גרויסער פיזיקער פון דעם 19טען יאָהרהונדערט, וויליאם טהאָמסאָן, איז דעריבער געווען זעהר קאָנסעקווענט, ווען ער האָט געפאָדערט, אַז מען זאָל זיך ביי דעם שטודיום פון א פיזיקאַלישער ערשיינונג ניט בעפריעדיגען ביז צו דעם מאָמענט, ווען מען איז ביכולת אויפצובויען א מעכאַנישען מאָדעל, וואָס שטעלט זי ריכטיג פאָר.

איך וויל נאָך דאָ א ביסעל קלאָרער מאַכען איין איינציגען פונקט פון דער מאַטעריאַליסטישער פילאָסאָפיע, וואָס איז אין עצם ניט אַזוי וויכטיג פאַר אונז, אָבער וואָס וועט אונז נאָך פולער אויסמאָלען איהר בילד. מיר האָבען געזעהן, אַז דער לעדיגער וועלטען־רוים איז אונענדליך. איז אויך אונענדליך די מאַטעריע? די מאַטעריאַליסטישע פילאָסאָפען זענען צווישען זיך ניט איינס אין דעם דאָזיגען ענין. פאַרהאַן אַזוינע, וואָס שטעהען, ווי צ. ב. דיוהרינג, פאַר דער ענדליכקייט, בעת דאָס רוב לייקענט זי אָב. מיר דוכט, אַז די ענדליכקייט פון דער מאַטעריע אין דינם רוים איז א געדאַנק, וואָס פּאַסט בעסער צו דעם סיסטעם פון דעם מאַטעריאַליזם. זי שטימט האַרמאָנישער צונויף מיט זיין גרונדגעדאַנק, אַז דער סכום פון דער מאַטעריע אין דער וועלט איז איין מאָל פאַר אַלע מאָל „געגעבען", א פאַרטיגער, אַן „אָבגעצעהלטער". אויך די טעאָריע פון די „קרעפטען־דערהאַלטונג" לאָזט זיך מאַטעמאַטיש בעסער דורכפיהרען, ווען מיר נעהמען אָן, אַז די צאָהל פון די אַטאָמען איז אַן „אָבגעצעהלטע", ווען אפילו א מאיום'דיג גרויסע, וואָס שטייגט אַריבער יעדע מענשליכע צעהל־קונסט. און איניגע געלערנטע ווילען האָבען, אַז דער געדאַנק פון דער „קרעפּ־

טען־דערהאַלטונג" קאָן דורכגעפיהרט ווערען נאָר יעמאָלט, ווען מען גיט צו, אַז דער סכום פון דער מאַטעריע אין דעם וועלט־אַל, איז אַ בעגרעניצטער, און אַז דער גאַנצער סיסטעם פון בעוועגונגען, וואָס ווערען אויסגעפיהרט פון איהר, איז אַן ארומגעצירקעלטער און אַן אָבגעשלאָסענער אויף אייביג.

איך לאָז דאָ אין גאַנצען אַרויס דעם פּראָבלעם פון דער וועלט־ענטוויקעלונג און איהר שייכות צו דעם מאַטעריאַליזם. איך טהו דאָס דערפאַר, ווייל די ענטוויקעלונגס־טעאָריע איז ניט אַרויסגעוואַקסען פון דעם מאַטעריאַליזם און איז ניט ענג לאָגיש פערבונדען מיט איהם. פאַר דעם מאַטעריאַליזם זענען די ערשיינונגען פון דער ענטוויקעלונג — אַ ספּעציעלער פאַל אין דעם שפּיעל פון די וועלט־אַטאָמען. זיי טראָגען ניט אַריין קיין איינציגע נייע זאַך אין דעם מהות פון דער מאַטעריע און איהר בעוועגונג. אדרבא! דורך דעם פּשוט'ען שפּיעל פון דער מאַטעריע און פון דער בעוועגונג וויל דער מאַטעריאַליסט (אָדער דער האַלבער מאַטעריאַליסט, ווי ספּענסער), דערקלעהרען די ערשיינונגען פון דער ענטוויקעלונג. אויך איז די קולטור און די מענשליכע געשיכטע און די פּאָעזיע און די קונסט, ניט עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל ניט קאָנען הויזען מיט די איינפאַכע מעכאַנישע געזעצען פון דער מאַטעריע. זיי אַלע זענען אין תוך אַריין ספּעציאַל־פעלען פון דעם מאַטעריעלען אַטאָמען־שפּיעל. — על כל פּנים, גלויבט אַזוי דער מאַטעריאַליסט.

וואָלט אַ גרויסער מאַטעמאַטישער קאָפּ מיט אַן איבערמענשליכער פאָלקאָמענער רעכענונגס־קראַפט אין די צייטען פון משה רבינו געקאָנט זעהן דעם גאַנצען סכום מאַטעריע און אַלע אַרטען בעוועגונג, וואָס קומט אין איהר פאָר, וואָלט ער יעמאָלט גאַנץ לייכט געקאָנט אויסרעכענען, צ. ב., ווען עס דאַרף אויסברעכען די רעוואָלוציאָן אין פראַנקרייך, אָדער ווען און ווי אַזוי ראַפאַעל וועט מאָלען זיין סיקסטינישע מאַדאָננע.

דער איצטיגער צושטאַנד פון דער וועלט איז אַ נויטווענדיגער פּועל־יוצא פון זיין פריהערדיגען און אין איהם ליעגט שוין איינגעוויקעלט די גאַנצע צוקונפט.

אָט דאָס זענען אין די וויכטיגסטע שטריכען די גרונד־פּרינציפּען פון דעם נאַטור־פילאָסאָפישען מאַטעריאַליזם.

**וואָס איז זיין ווערט פאַר דער מענשליכער ערקענטניס?**

דער מאַטעריאַליזם פערזיכערט אונז, אַז ער איז דער אבסאָ־לוטער אמת און די פשוטע קלאָרע קאָפּיע פון דעם, וואָס מיר געפינען אין דער ערפאַהרונג. איז דאָס ווירקליך אַזוי?

כדי צו געבען אַ קלאָרען ענטפער אויף דער שאלה, מוזען מיר אַ ביסעל מעהר בעקאַנט ווערען מיט דער מאַטעריאַליסטישער טעאָריע פון אונזער ערקענטניס, וואָס וועט אונז בכלל העלפען פאַנאַנדערקלייבען זיך אין דעם פילאָסאָפישען ווערט פון דעם גאַנצען סיסטעם.

**ווי אַזוי ערקענען מיר די דרויסענדיגע וועלט?**

איך שטעה אין מיין צימער און זעה דורך די גלאָז פון מיין פענסטער אַ קאַרשען־בוים מיט רויטע קאַרשען, וואָס וואַקסט אויף אַ הויכען גרינעם באַרג. לאָמיר אָננעהמען, אַז אַלץ, וואָס איך ז ע ה, איז אבסאָלוט ריכטיג. עס איז אַ קלאָפּטער פּופציג פון מיין אויג באמת דאָ אַזאַ הויכער גרינער באַרג מיט אַ קאַרשען־בוים, אויף וועלכען עס זיינען רויטע קאַרשען. ווי אַזוי זעה איך דאָס?

„מיט מיינע אויגען!" — ענטפערט דערויף דער פשוט'ער שכל, וועלכער וויל זיך ניט אריינטראַכטען אין דעם גרויסען וואונ־דער, וואָס ליעגט אין דעם פּראָבלעם פון זעהן. אָבער מיינע אויגען זיינען דאָך אַ שטיקעל מ אַ ט ע ר י ע, אַקוראַט אַזאַ חומר ווי די הויט פון מיין שטערען איבער זיי. אויב עס איז אַזוי פשוט, וואָס מאַטעריע קאָן זעהן, פאַר וואָס זעהט ניט די שטערען־הויט דעם זעלביגען בוים? אמת, אַז מיר קוקען אויף אַ לעבעדיג אויג, דוכט זיך אונז, אַז דאָס איז גאָר אַן אַנדער מין מאַטעריע, איידער די שטערען־הויט, אַ מאַטעריע, וואָס איז פול מיט „רוחניות". דאָס זעהט, און דאָס טראַכט, און דאָס פרעהט זיך, און דאָס צאַרנט. אָבער אין אמת'ען דוכט זיך עס נאָר אַזוי. די מאַטעריע פון דעם אויג איז אַקוראַט אַזאַ פשוט'ער, גשמיות'דיגער חומר, אָהן אַ ברעקעל „רוחניות", ווי דאָס האָלץ פון'ם טיש, ווי די הויט פון מיין שטערען, ווי די זאַמד אויפ'ן גאַס. מיר קאָנען מיט פשוט'ע „ערדען", וואָס מען רופט „מאָל־פאַרבען", אויסמאָלען אויף אַ פשוט'ען לייוונד אַקוראַט אַזאַ פּאָר מענשליכע אויגען און אונז

וועט זיך אויך דוכטען, אז זיי זעהען אָדער טראַכטען, אָדער שמעקען, צאָרטעלדיגע פיילען. נאָך א מאָל! דאָס אויג איז ניט מעהר מיוחס, איידער די שטערען־הויט. ווי אַזוי קאָן עס דען זעהן דעם בוים און דעם באַרג, וואָס איז א קלאַפטער פופציג ווייט פון איהם? ווי אַזוי קאָנען דער בוים און דער באַרג אריינשפאַצירען אין אונזער אויג, ניט פערלאָזענדיג זייער אָרט.

דעם ענטפער אויף דערויף גיט אונז די מאָדערנע פיזיק און די פיזיאָלאָגישע פסיכאָלאָגיע, וואָס זענען אויפגעבויט געוואָרען אונטער דעם איינפלוס פון דעם מאַטעריאַליזם און מיט וועלכע דער מאַטעריאַליזם שטימט אין גאַנצען איין. דער בוים און דער באַרג, לערנען אונז די אָפּטיק און די נערווען־פיזיאָלאָגיע, בלייבען דרויסען וואו זיי שטעהען. אָבער ס'איז דאָ אַזאַ מאַטעריעלע ממשות צווישען אונזער אויג און דעם בוים וואָס רופט זיך וועלט־עפיר, און וואָס בעוועגט זיך שטענדיג, ווי די וואַלען פון ים. ווען די שטראַהלען פון דער זון, וואָס זענען אויך ניט קיין אַנדער זאַך ווי וואַלען־בעוועגונגען פון דעם עפיר־ים, פאַלען אַרויף אויף דעם באַרג און דעם בוים, ווערט א טייל פון די בעוועגונגען איינגע־שלונגען פון זיי. א טייל אָבער בלייבט זיך טרייסלען אַרום דעם באַרג און דעם בוים. דערפון שטאַמט זייער פאַרב. אָט די טרייס־לונגען פון דעם עפיר, — ניט דער בוים, און ניט דער באַרג און ניט זייערע פאַרבען, — דערגרייכען צו אונזער אויג. זיי שלאָגען זיך אָן אָן דאָס אויג, ווי די וואַלען פון א ים אָן א פעלזענעם ברעג, יעדער וואַל אויף א בעזונדער שמייגער, וואָס שטימט איבעראיין מיט יעדען פיצעלע „בעפאַרבטען“ רוים, וועלכען דער באַרג און דער בוים נעהמען איין. פון די רויטע קאַרשען געהט דער וואַל אין איין מין בעוועגונג, פון די גרויע צווייגען אין אַן אַנדערער, פון די גרינע גראָז און די בלעטער ווידער אין אַנדערע. טאָמער זענען אויבען אויפ'ן שפּיץ פונ'ם בוים עטליכע בלעטלעך געוואָרען ברוין, שיקען זיי אַנדערע עפיר־וואַלען, און זיי בעריהרען אונזער אויג אין איינעם מיט די אַנדערע אין דעם זעלביגען סדר, אין וועלכע די ברוין־בלעטלעך זענען צושפּרייט איבער דעם שפּיץ פון דעם בוים.

לאָמיר זיך דאָ א ווײַלע אָבשטעלען, כדי קלאָר צו מאַכען

איינינע פונקטען, וואָס זענען זעהר וויכטיג פאַר דער גאַנצער טעאָריע. קודם כל, מוז מען פערשטעהן און געדענקען, אַז דער באַרג און דער בוים בלייבען אויפ'ן אָרט און שווימען ניט מיט דעם שטראָם פון די עפיר־וואַלען. זיי וואָלטען סיי ווי סיי ניט געקאָנט דורכקריכען דורך דעם האַרטען גלאָז און דעם ענגען רויס פון דעם פענסטער. הייסט דאָס, אַז אונזער אויג שפּירט דירעקט ניט זיי, נאָר דעם שטראָם פון די עפיר־וואַלען. ווייטער! די פאַרבען: גרין, ברוין און רויט שווימען אויך ניט מיט דעם שטראָם פון די וואַלען. אויב זיי זענען דאָ אויף דעם באַרג, בלייבען זיי וואו זיי זענען געווען. און אפילו ווען זיי וואָלטען געשוואומען, וואָלט מען אויך זיי ניט געקאָנט שפּירען דערפאַר, ווייל ניט דער גאַנצער שטראָם שלאָגט זיך אָן דעם אויג, נאָר דער ע נ ד פון דעם שטראָם. דער שטראָם פון רויט קלאַפּט אָן מיט זיין ענד אָן דעם אויג, לאָמיר זאָגען, אַזוי פיעל מיליאָנען מאָל אין אַ רגע, דער שטראָם פון גרין אָן אַנדער צאָהל מיליאָנען אָדער ביליאָנען און פון ברוין שוין ווידער אַ דריטע. די צאָהל טרייסלונגען אין דער סעקונדע, מיט וועלכע דער ענד פון דעם שטראָם ווירקט אויף דאָס אויג, איז ווי אַ מין טעלעגראַפישער צייכען פאַר יעדער בעשטימטער פאַרב. און נאָך אַ זאַך מוז מען גוט און פעסט אריינגעהמען אין זין: דער עפיר־שטראָם, וואָס טראָגט די דעפּעש, דרינגט ניט דורך דורך דאָס אויג; ער בלייבט דרויסען און טהוט נאָר איין זאַך: ער קלאַפּט אוים אָהן אָן אויפהער זיין דעפּעש אָן דאָס הייטעל פון דעם אויג. אָט די דעפּעש ווערט ערגעץ־וואו געלייענט און אויסגעטייטשט: „אַזוי פיעל מיליאָנען עפיר־טרייסלונגען אין אַזאַ סדר? אהא! אַ ברוינע בלאַט אויבען, רעכטס!"

ווער לייענט דאָס און טייטשט דאָס אוים אַזוי קונציג און ריכטיג? ניט דאָס אויג. דאָס אויג איז ניט מעהר ווי אַ פערמיטלונגס־סטאַנציע. דאָרטען ווערט די דעפּעש איבערגעזעצט אין אַ גאַנץ אַנדער שפּראַך און אַוועקגעשיקט ווייטער. די טרייסלונגען פון די עפיר־וועלען ווירקען אויף אַ כ ע מ י ש ע סובסטאַנץ (אָדער עטליכע כעמישע סובסטאַנצען) וואָס געפינען זיך אין דעם אויג־אַפּאַראַט. אין דער סובסטאַנץ קומען פאַר כ ע מ י ש ע ע נ ד ע ר ו נ ג ע ן, וואָס מוזען מאַטעריאַליסטיש אויסגעטייטשט

ווערען, ווי געוויסע בעוועגונגען, וואָס קומען פאָר צווישען אטאָמען.
וואָס פאָר אַן אַרט בעוועגונג דאָס איז, ווייסען מיר נאָך עד היום
ניט. אָבער דאָס מאַכט ניט אויס. וויכטיג איז גאָר דאָ צו גע־
דענקען, אַז די כעמישע בעוועגונגען, וואָס ווערען אַרויסגערופען
פון די ליכט־וואַלען, זענען שוין גאַנץ אַנדערע, איידער די עפיר־
וואַלען, וואָס קלאַפּען זיך פון יענער זייט אויג. די בעוועגונגען
אין דער זעה־סובסטאַנץ זענען די נייע שפּראַך, אין וועלכער די־
עפיר־וואַלען ווערען, בוכשטאַב פאַר בוכשטאַב, איבערגעזעצט און
ווייטער געשיקט צו אַ געוויסער שטעל אין מאַרך. דאָס געשעהט
אויף אַזאַ'ן אופן. צווישען די כעמישע זעה־סובסטאַנצען און דעם
דאָזיגען פּלאַץ אין מאַרך ציהען זיך ווי פעדימער די זעה־נערוועז.
די זעה־נערוועז נעהמען אויף מיט איין ענד זייערען די כעמישע
בעוועגונגען פון דעם זעה־סובסטאַנץ און מיט דעם אַנדערען ענד
גיבען זיי דאָס איבער דעם מאַרך. וואָס דערביי שפּיעלט זיך אָב
אין דעם זעה־נערוו, איז דערווייל נאָך ווידער אַ גרויסער סוד. אַ
מאָל האָט מען געגלויבט, אַז די בעוועגונג אין דער נערוו־סובסטאַנץ
איז אַ מין עלעקטרישער שטראָם. שפּעטער האָט דאָס רוב גע־
לערנטע אויסגעפונען, אַז זי האָט גאָר נישט צו טהאָן מיט עלעק־
טריע, און אַז עס איז ריכטיגער צו בעטראַכטען זי, ווי אַ כעמישען
פּראָצעס. על כל פּנים איז דאָס ניט די כעמישע בעוועגונג, מיט
וועלכער מיר האָבען געהאַט צו טהאָן אין דער זעה־סובסטאַנץ,
ווייל דער כעמישער שטאָף איז דאָ אין די נערוועז אַ גאַנץ אַנ־
דערער. צוליעב קורצקייט לאָמיר זיי אַ נאָמען געבען די נערוישע
— שוין אַ גאַנץ נייע „שפּראַך", אין וועלכער מיר האָבען גאָר
קיין שפּור ניט פון די כעמישע בעוועגונגען, וואָס זענען פאָרגע־
קומען אין דער זעה־סובסטאַנץ. גאַנץ נייע צייכענס פיהרט זי
מיט זיך און ברענגט צו דער לעצטער סטאַנציע, צו אַ צענטראַל־
פּונקט אין מאַרך, וואו די דעפּעש ווערט פאַנאַנדערגעשיפרירט,
איבערגעלייענט און אויסגעטייטשט. אַלס אַ רעזולטאַט פון דעם
פּראָצעס ווערט אין מאַרך אויפגעפלאַמט אַ בעוואוסטזיין,
וואָס זעהט פאַר זיך קלאָר דעם גרינעם באַרג מיט דעם גרינעם
בוים, מיט די רויטע קאַרשען, מיט די ברוין־געוואָרענע בלעטלעך
אויפ'ן שפּיץ. מיר וועלען אָט די אַרט העלקייט, וואָס פלאַמט

אויף אין מארך, א נאמען געבען דער זינליכער בעװאוסטזיין, דער בעװאוסטזיין פון די חושים. אויסטייטשען איהם געהנטער קאן מען ניט, װייל מיט זיין מהות זענען מיר בעקאנט נאר פון דער אינװעניגסטער ערפאהרונג.

זעהן דעם בארג און דעם בוים און די פארבען הייסט דעריבער: „עס פלאמט אויף אין מארך א בעװאוסטזיין, א „געװאהרװערונג" פון א בארג, א בוים אין געװיסע פארבען". אין די אלע זאכען, װאס מיר „זעהען", איז ניטא קיין איין ברעקעל „גשמיות" פון יענער מאטעריע, װאס פון איהר בעשטעהען די זאכען אין דער דרויסענדיגער װעלט. דאס „געזעהענע" איז, לויט זייער אינװעניגסטען תוך, ניט מעהר װי בעװאוסטזיין, דורך און דורך בעװאוסטזיין.

דאס װערט אונז נאך קלארער, װען מיר טראכטען זיך װייטער אריין אין דעם מאטעריאליסטישען ערקענטניס־פראצעס.

װאס קומט פאר אין מארך, בעת עס פלאמט אויף דער זינליכער בעװאוסטזיין? דאס איז דערװיילע א סוד, אין װעלכען קיין מענשליך אויג איז ניט אריינגעדרונגען. אבער מיר האבען דאך דעם מאטעריאליסטישען שליסעל אין די הענד. מיר װייסען שוין איצטער אין פרינציפ, װאס די פארשונג מוז װען עס איז ארויסברענגען על פי דער מאטעריאליסטישער פילאסאפיע: אין דעם מארך מוז דערביי פארקומען א געװיסע ארט בעװעגונג פון אטאמען. אויב מען װאלט געקאנט אנשטעלען א שפאקטיװע אויפ'ן מארך, בעת אין איהם פלאמט אויף דאס זינליכע בעװאוסטזיין פון דעם בארג, — א שפאקטיװע, װאס זאל פערגרעסערען דעם פראצעס ביז צו דער נויטװענדיגער מדרגה פון קלארקייט, — װאלטען מיר יעמאלט אפשר דערזעהן, װי די גאנצע קיילעכדיגע װעלט־אטאמען בעװעגען און דרעהען זיך איינער ארום דעם אנדערן און ארום דעם אייגענעם צענטר. מיר קאנען לכתחילה זיין זיכער, אז דארטען קאן ניט פארקומען קיין איין בעװעגונגס־ארט, װעלכע מיר זאלען ניט קאנען צוריקפיהרען צו די אונז בעקאנטע מעכאנישע בעװעגונגען. א שװאכען בילד פון זיי קאן אונז געבען דאס שפיעל פון די שטויבעלעך אין א זונען־שטראהל, אדער פון די קליינע זומער־פליגעלעך אין דער לופט. װיל מען נאך קלארער

אויסמאָלען דאָס בילד פֿאַר די אויגען, קאָן מען דאָס אין דעם דמיון פֿערגרעסערן אַזוי, אַז יעדער אַטאָם זאָל אויסזעהן, ווי אַ ביליאַרד־קוגעל. אין דעם תוך פֿון דעם פּראָצעס וועט דאָס אַ ברעקעל ניט ענדערן, נאָר די אַרט בעוועגונג, וואָס די אַטאָמען קאָנען דערביי אויספּיהרען, וואָלט אַרויסגעטראָטען שאַרפֿער, און נאָך בולט'ער וואָלט זיך געזעהן דער לעדיגער חלל פֿון דעם וועלטען־רוים צווישען די אַטאָמען. — על כל פּנים איז דאָס אַ גאַנץ אַנדער בעוועגונג, איידער די, וואָס איז געווען אין די נערוווען־פּעדימער. דאָס איז ווידער אַ נייע שפּראַך, און לאָמיר זי אַ נאָמען געבען: די מאָרך־בעוועגונג.

דאָס העל ווערען פֿון דעם בּאַרג אין דעם זינליכען בעוואוסט־זיין איז דער לעצטער עטאַפּ אין דעם פּראָצעס פֿון זעהן, וואָס אינטערעסירט אונז. אויף דעם זעלביגען אופֿן קאָנען מיר אויך דורכנעהמען דעם פּראָצעס פֿון הערען, טאַפּען, פֿיהלען אַ טעם און שמעקען, — קורץ, פֿון אַלע חושים, וואָס ברענגען דעם מאַטעריאַל פֿון דער דרויסען־וועלט פֿאַר דעם זינליכען בעוואוסטזיין.

דאָס הערען אַ קלאַנג אָדער אַ גערויש איז אויפֿגעבויט אויף אַ מעכאַנישער בעוועגונג אין דער דרויסען־וועלט. דאָס מאָל זענען דאָס ניט עפּיר־וואַלען, וואָס קלאַפּען אויס די דעפּעש אין אונזער אויער, נאָר די וואַלען פֿון דער אַטמאָספֿערישער לופֿט. די איבער דרייסיג טויזענד נערוווען־פּעדימער פֿון די געהער־נערוווען כאַפּען אויף דאָס קלאַפּען פֿון די לופֿט־וואַלען, אין וועלכע עס איז ניטאָ קיין ברעקעל קלאַנג אָדער גערויש, זעצען עס איבער אין די נערווישע בעוועגונג, ברענגען עס צו דעם געהער־בערגעלע פֿונ'ם מאָרך, דאָרטען ווערט עס פֿערוואַנדעלט אין אַ מאָרך־בעוועגונג און בעת זי קומט פֿאָר, ווערט אויפֿגעפֿלאַמט אַ בעוואוסטע עמפּפֿינ־דונג, אַ הערען.

מיט דעם טאַפּען איז די אייגענע זאַך. אז איך ריהר אָן אַ גלאַטען, האַרטען, קאַלטען געגענשטאַנד, ווערען אין מיינע טאַפּ־נערוווען אַרויסגערופֿען נערווישע בעוועגונגען, וואָס זענען אין זיך ניט האַרט און ניט ווייך, ניט גלאַט און ניט רויה, ניט קאַלט און ניט וואַרעם. אין די טאַפּ־צענטרען פֿון מאָרך דערוועקען זיך מאָרך־בעוועגונגען, פֿאַר „האַרט“ אין איין פֿאָרם, פֿאַר „קאַלט“ אין אַ

צווייטער, פאר גלאט אין א דריטער און באותו רגע צינדען זיך אָן אין דעם זינליכען בעוואוסטזיין די טאָפּ־עמפפינדונגען.

נעהם איך א שטיקעל צוקער אויפ'ן שפּיץ צונג, ווערט דער זיסער טעם אויף דעם זעלביגען אופן טראנספּאָרטירט צו דעם זינליכען בעוואוסטזיין. דאָס „זיס" פערשווינדט לגמרי אין די נעירישע בעוועגונגען פון די געשמאק־נערווען, עס ווערט איבערגעזעצט אין אן אנדער שפראך. די מארך־בעוועגונג פערוואנדעלט די ווירקונגען פון די נערווען־פעדימער אין איהר לשון און עס פלאמט אויף די בעוואוסטע עמפפינדונג: איך פיהל דעם טעם פון זיס. — גאנץ אויף דעם איינענעם שטייגער שפּיעלט זיך פאר דער פּראָצעס פון שמעקען א וועלכען עס איז ריח.

אָט די אלע עמפפינדונגען זענען, לויט זייער תוך, פון דערזעלביגער ארט. שפּירען אָדער עמפפינדען עפּעס איז דעריבער ניט קיין אנדער זאך, ווי „עס פלאמט אויף אין בעוואוסטזיין א געוואָהר־ווערונג פון א בעשטימטער איינענשאפט" און די איינענשאפט גופא איז דורך־און־דורך בעוואוסטזיין. דער פּראָצעס פון שפּירען און דער רעזולטאט פון שפּירען — די בעשטימטע עמפפינדונג פון „גרין", „זיס", „קאלט" און אזוי ווייטער — ווערען בעשאפען און שפּיעלען זיך אָב ניט אין דער דרויסענדיגער וועלט, נאָר ביי מיר אין קאָפּ, ביי מיר אין מארך.

צו דעם בילד פון דעם ערקענטניס־פּראָצעס, וואָס מיר האָבען איצטער פאר אונז, מוזען מיר נאָך צוגעבען א פּאָר שטריכען, און די גאנצע סכעמע וועט זיין פאַרטיג. בעת אין מארך פלאמט אויף דאָס זינליכע בעוואוסטזיין, ווערט דאָרטען דאָס רוב און אפשר אלע מאָל געבאָרען אויך דאָס בעוואוסטזיין פון אן „איך". „איך" זעה דעם בארג, הער דעם קלאנג, פיהל דעם טעם, שמעק דעם ריח. און איך שפּיר די דאָזיגע עמפפינדונגען, אקוראט ווי זיי וואָלטען זיין ניט אין דעם מארך, ניט אין מיין קאָפּ, נאָר דרויסען, דאָרטען, וואו עס ליענט, אָדער וואו דער מארך רעכענט, אז עס ליענט, די מאטעריעלע אורזאך, וואָס האָט זיי ארויסגערופען.

דעם בארג זעה איך פּופּציג קלאַפטער ווייט פון מיין קאָפּ. א שטערען אין הימעל, וואָס איז ווייט פון אונז אזוי, אז זיינע ליכט־שטראהלען קאָנען צו אונז דערגרייכען אין א צוויי מיליאָן

יאָהר, — די אַסטראָנאָמיע פערזיכערט אונז, אז עס זענען דאָ אַזעלכע שטערען, — ווערט פון אונז געזעהן דאָרטען אויבען אין הימעל, פון וואַנען ער האָט אונז געשיקט זיינע שטראַהלען, ווען אפילו ער איז שוין אפשר לאַנג אויסגעלאָשען געוואָרען, אָדער ער האָט פערלאָזען זיין פּלאַץ אין דעם וועלטען־רוים. אויב ער איז צופּלאַצט און פאַנאַנדערגעפאַלען געוואָרען, וועלען מיר דאָס ערשטע זעהן אין צוויי מיליאָן יאָהר אַרום, אָבער זעהן וועלען מיר עס דרויסען פון אונזער קאָפּ, אין דעם וויַיטען וועלטען־רוים, גראָד אויפ'ן אָרט, וואו דאָס האָט פּאַסירט — מיט צוויי מיליאָן יאָהר צוריק.

דאָס אייגענע איז אויך מיט אַלע אַנדערע עמפּפינדונגען.

אָט די לעצטע אייגענשאַפט רופט מען אָן די ל אָ ק אַ ל י־ זאַ צ י ע פון דער עמפּפינדונג, איהר אַריינזעצען אין דעם וועלטען רוים. און ניט ביי אַלע עמפּפינדונגען קומט די לאָקאַליזאַציע אַרויס גענוי און פּינקטליך. דאָס איז איבערהויפּט זעהר אַ שווע־ רער און פערוויקעלטער ענין אין דער פיזיאָלאָגישער פּסיכאָלאָגיע; פערשיידענע טעאָריען דערקלעהרען זי אויף אַ פערשיידענעם אופן. אָבער דער פאַקט אַליין קאָן פון דער מאַטעריאַליסטישער פּסיכאָלאָ־ גיע ניט אָבגעלייקענט ווערען. וואָלט ניט געוועזן אָט דער פּראָצעס פון לאָקאַליזאַציע, פון אַרויסוואַרפען „אונזערע" אינווענינגסטע עמפּפינדונגען אין דרויסען, וואָלטען מיר איבערהויפּט ניט געהאַט קיין השגה פון אַ דרויסענדיגער וועלט, ווייל אַלע עמפּפינדונגען וואָלטען מיר יעמאָלט געשפּירט נאָר אין אונזער אייגענעם קאָפּ.

איצטער האָבען מיר אונז אָבגעגעבען אַ קלאָרען דין וחשבון וועגען די רעזולטאַטען, וואָס מיר האָבען געפונען אויף דעם וועג.

אין קורצען זאָגט אונז אונזער ערקענטניס־טעאָרעטישע סכעמע אַזוי: איידער עס קאָן ווערען בעוואוסטע ערקענטניס, מוז די דרויסענדיגע וועלט מיט אַלע איהרע ליכטער און שאָטענס, מיט אַלע איהרע פאַרבען, קלאַנגען, וואַרעמקייטען און גערוכען זיך אַריינוואַרפען און דערטרינקען אין אַ ים פון פערשיידענאַרטיגע בעוועגונגען: עפיר־און לופט־בעוועגונגען דרויסען פון דעם ערקע־ נענדען קערפּער, כעמישע, נערווישע און מאַרך־בעוועגונגען אינ־ ווענינ, אין דעם מענשען'ס קאָפּ. אין דעם דאָזיגען ים צוגעהט

זי, די וועלט, און פערשווינדט אין גאנצען, אהן א זכר. ערשט צו דעם סוף פּראָצעס, בעת די אטאָמען אין מארך טאַנצען אוים דעם לעצטען טאנץ, שווימט זי וויעדער ארויף אין בעוואוסט־זיין, אין איהר גאנצער פרישקייט, מיט אלע איהרע פארבען און קלאַנגען און גערוכען.

בכן קאָנען מיר נאָך פּינקטליכער פאָרמולירען דעם גרונד־זאַץ פון דער אונז אינטערעסירענדער ערקענטניס־טעאָריע. „זאכען פון דער וועלט ווערען דערקענט" איז דער טייטש: „עס ווערען אין בעוואוסטזיין בעשאפען „בילדער" פון זאכען און די דאָזיגע בילדער ווערען אריינגעזעצט אין דעם רוים דאָרטען, וואו די דערקענטניס רעכענט, אז די זאכען דארפען זיך געפינען".

אויף אזא'ן אופן איז די איין־איינציגע וועלט דאָ פאנאנדער־געשפּאָלטען געוואָרען אין צוויי „וועלטען", צווישען וועלכע עס ליעגט דער ים פון די בעוועגונגען. די ערשטע פון „יענער" זייט ים, די אנדערע פון „דער" זייט. אויב מיר ווילען די ערשטע אָנרופען דיווירקליכע וועלט, קאָן מען די צווייטע אָנרופען — די „אבגעשפּיגעלטע" אין מארך. זענען די צוויי וועלטען אין אלע פונקטען גלייך? אין וואָס געהען זיי זיך צונויף און אין וואָס געהען זיי זיך אפשר פאנאנדער?

איז די „אָבגעשפּיגעלטע" וועלט, ד. ה. די געזעהענע, גע־הערטע, געפּיהלטע, — די „בילדער"־וועלט, — אין אלע איהרע טיילען גלייך צו דער אמת'ער וועלט, דער „ווירקליכער", צו דער, וואָס איז „פון יענער זייט ים"? פילאָסאָפיש אויסגעדריקט: איז דער „אָביעקט", — די „זאך" אין דער ווירקליכער וועלט, — גלייך צו דעם „בילד" פון איהר, וואָס ווערט בעשאפען אין דעם דערקע־נענדען „סוביעקט"?

קודם כל מוז מען ארויסטרייבען דעם לעצטען ספק, אז די מאַטעריאַליסטישע ערקענטניס־טעאָריע גיט אונז צוויי וועל־טען, און ניט איינע.

פון א געוויסען פראקטישען שטאנדפּונקט קאָן מען גאנץ גוט זאָגען, אז דער בארג, וואָס דער דרויסען, און דער בארג, וואָס אין קאָפּ, איז איין־און־דערזעלביגער בארג; ווי מען קאָן אויך זאָגען, אז דער שטוהל, וועלכען איך זעה פאר מיינע אויגען אין שפּיגעל, און

דער ווירקליכער שטוהל אין צימער, וואָס שטעהט הינטער מיר, איז איין און דערזעלביגער שטוהל. דאָס וויל בעטייטען, אַז נאָר דער שטוהל, וואָס איז אין צימער, איז אַ ווירקליכער שטוהל, דער אָבגעשפּיגעלטער אָבער איז ניט מעהר ווי אַ דמיון און איז בעצם גאָר ניטאָ. מיט אַ געוויסען רעכט קאָן איך אויך זאָגען, אַז מיין פריינד און דאָס פאָטאָגראַפישע בילד פון מיין פריינד זענען „איין־און־דיזעלביגע זאַך". ווען איך האַלט דאָס פאָטאָגראַפישע בילד אין די הענד, וועט גאָר ניט זיין קיין אונזין פון מיר, אויב איך וועל זאָגען, אַז „דאָס" איז מיין פריינד, ווייל איך מיין מיט דעם וואָרט: „דאָס" — „עפּעס, וואָס איז זעהר עהנליך צו יענער זאַך, וועלכע איך האָב אין זין", און יענע זאַך איז איין־איינציגע: מיין ווירקליכער פריינד, און ניט דער שטיקעל קאַרטאָן.

אָבער אין דעם פּראָצעס פון דער ערקענטניס טאָרען מיר אַזאַ פעהלער ניט מאַכען. דאָ מוזען מיר מיט אַלע כחות האַלטען אין געדאַנק, אַז דער קאַרטאָנענער פּאָרטרעט איז ניט דער ווירקליכער פריינד, דער אָבגעשפּיגעלטער שטוהל ניט דער שטוהל, וואָס אין צימער, און דער באַרג אין „בעוואוסטזיין" ניט דער באַרג, וואָס דרויסען, ווייל צווישען די צוויי בערג ליעגט אַ מהלך פון פופציג קלאַפטער און אַ גאַנצער ים פון בעוועגונגען. נאָך קלאָרער ווערט דאָס, ווען מיר דערמאָהנען זיך אָן דעם ווייטען־ווייטען שטערען, וועמעס ליכט מיר זעהען נאָך, בעת ער איז אין דער ווירקליכקייט אפשר שוין לאַנג פערשוואונדען. דער ווירקליכער שטערען, וואָס אין דער וועלט, און דער „אָבגעשפּיגעלטער" וואָס אין אונזער מאַרך, זענען אָבגעשיידט איינע פון די אַנדערע ניט נאָר מיט אַ מהלך פון ביליאָנען מיילען, נאָר אויך מיט אַ צווישענשייד פון אַ פּאָר מיליאָן יאָהרען. בעת ער האָט צום ערשטען מאָל אַרויסגעשיקט זיינע ליכט־שטראַהלען, האָט ער אין מיין בעוואוסטזיין בשום אופן ניט געקאָנט עקזיסטירען. דאָ איז ער גע־באָרען געוואָרען ערשט מיט אַ פּאָר מיליאָנען יאָהרען שפּעטער. און ווען איך זאָג, אַז איך זעה איצטער יענעם שטערען פון אַ מאָל־אַ מאָל, בעטייט דאָס אייגענטליך, אַז איך שטעה איצטער אונטער דער ווירקונג פון יענע עפיר־בעוועגונגען, וועלכע דער שטערן האָט אַרויסגעשיקט, — ווירקונגען, וואָס רופען אַרויס אין מיין מאַרך

זיין „אָבשפּיעגלונג“, אָדער זיין בילד. און זיין בילד איז ניט ער.

אָבער ניט נאָר מיט דעם איז דער ווירקליכער באַרג פערשיידען פון דעם אָבגעשפּיגעלטען, וואָס צווישען די צוויי ליעגט אַ מהלך אין דעם רוים און אין דער צייט. ס'איז דאָ נאָך אַ וויכטיגערע נפקא מיניה צווישען זיי. דער ווירקליכער באַרג פערנעהמט, לאָמיר זאָגען, אַ האַלבען מייל, אויך דער אָבגעשפּיגעלטער האָט אַ פערנעהם פון אַ האַלבען מייל. אָבער בעת דער ווירקליכער באַרג פערנעהמט אַ פּלאַץ פון אַ האַלבען מייל אין דעם לעדיגען וועלט-רוים, פערנעהמט דער אָבגעשפּיגעלטער רוים אַ פּלאַץ פון אַ האַלבען מייל א י ן ד ע ם ב ע ו ו א ו ס ט ז י י ן. אַזוי אָבער ווי מיין בעוואוסטזיין געפינט זיך אין דעם קאָפּ, און דער קאָפּ פערנעהמט העכסטענס עטליכע קובישע דעצימעטער, מוז ל כ ל ה פ ח ו ת דער איבעריגער חלק פון דעם געזעהענעם האַלבען מייל זיין אַ צוזעטראַכטער, אַ ד מ י ו ן פון מיילען, ווי די טיעף, וואָס מיר זעהען אין שפּיגעל. מיט אַנדערע ווערטער: דער פערנעהם פון דעם „אָבגעשפּיגעלטען“ באַרג, פון זיין ב י ל ד אין בעוואוסטזיין, ווי גרויס ער זאָל ניט זיין, פערנעהמט ניט קיין איין ברעקעל פּלאַץ אין דעם ווירקליכען וועלטען-רוים. ער איז ריין פ ס י כ י ש, „רוחניות'דיג“, ווי יענער רוים, וועלכען מיר זעהען אין חלום. און וואָס עס איז אמת מיט זיין פערנעהם, איז אמת אויך מיט זיין קליינער פאָרם און מיט אַלע אייגענשאַפטען, וואָס מיר געפינען אין איהם. זיי אַלע זענען אין בעוואוסטזיין פּסיכיש. און וואָס עס איז אמת וועגען דעם באַרג, איז אמת וועגען דער גאַנצער וועלט. די גאַנצע וועלט, מיט איהר רוים און מיט איהרע פאַרבען און מיט איהרע קלאַנגען איז געבליעבען פון יענער זייט ים. די וועלט און דער רוים און די פאַרבען, וואָס מיר ז ע ה ע ן, בעזיצען קיין ברעקעל פּלאַץ ניט אין דעם ווירקליכען וועלטען-רוים, ווען מען זאָל דערוויילע ניט רעכענען יענעם שטיקעלע וועלטען-רוים, וואָס ווערט פערנומען פון אונזער קאָפּ, וואו די מאַרך-אַטאָמען טאַנצען זייער פרעהליכען ערקענטניס-טאַנץ. ממילא איז די גרויסע, אונענדליך אויסגעשפּרייטע וועלט, וואָס מיר זעהען ב ח ו ש, אַקוראַט אַזוי פּסיכיש, „רוחניות'דיג“, ווי די וועלט אין אַ חלום; עס איז נאָר דאָ א י י ן אונטערשייד צווישען חלום און וואָהר.

דער „וואָהר" איז אַ גייסטיגער בילד פון אמת׳ע, ווירקליכע אָבער „טראַנס־אָקעאַנישע" פּראָצעסען, בעת דער חלום כאַפּט אויף בילדער פון בילדלעך און פערבינדט זיי אויף אַ פאַנטאַסטישען אופן.

דער רעזולטאַט, צו וועלכען מיר זענען נאָר וואָס געקומען, קלינגט — און איז — זעהר אידעאַליסטיש: די גאַנצע געזעהענע וועלט איז ניט מעהר ווי „אידעען", בילדער, פאָרשטעלונגען אין אונז. אָבער מיינט ניט, אַז דער מאַטעריאַליזם שטימט מיט דעם ניט איין, אָדער אַז ער ווערט פון דעם נתפעל. אַ ברעקעל ניט!

אַז די גאַנצע וועלט, וואָס מיר זעהען בחוש, איז ניט מעהר ווי אַ פּסיכישע וועלט, דאָס לייקענט בשום אופן ניט דער מאַטעריאַליזם. אדרבה! ער פאָדערט, מען זאָל דאָס האָבען שטענדיג אין אויג, ווייל גראָד דאָ אויף דעם באָדען פון דער צווייטער, אָבגעשפּיגעלטער פּ ס י כ י ש ע ר וועלט, וויל ער בעווייזען זיין גבורה. ערשטענס בינדט ער צונויף אָט די גאַנצע גרויסע, געזעהענע און געפיהלטע וועלט מיט אַ קליין פּיצעלע מאַרך־סובסטאַנץ, און זאָגט, אַז דאָס ביסעלע מאַרך־סובסטאַנץ איז דער אמת׳ער תמצית פון יענער געזעהענער, ד. ה. אָבגעשפּיגעלטער וועלט, און צווייטענס ברענגט ער דערפון אַרויס די ראיה, אַז זי, די וועלט, וואָס מיר זעהען בחוש, קאָן ניט זיין די ווירקליכע וועלט, אַז אויב מיר ווילען וויסען דעם אבסאָלוטען אמת וועגען איהר, מוזען מיר מיט׳ן שכל אַרויסדעסטילירען פון דער בילדער־וועלט איהר ריכטיגען תוך.

וועגען דער ערשטער גבורה זיינער וועלען מיר נאָך רעדען שפּעטער. דאָ האָבען מיר צו טהאָן דערווייל מיט דער קאָררעקטור, וואָס דער מאַטעריאַליזם טראָגט אריין אין אונזער ערקענטניס פון דער וועלט. מיר קענען זי שוין, די קאָררעקטור. די גאַנצע צייט, וואָס מיר האָבען דאָ פערבראַכט אויף דאָס שטודיום פון דעם ערקענטניס־פּראָצעס, האָבען מיר אַלץ אָנגענומען, אַז עס איז דאָ אַ ליכטיגע וועלט פון פאַרבען און קלאַנגען, אַז זי איז געבליבען פון יענער זייט אויג און אויער און אַז אין דעם זינליכען בעוואוסטזיין איז אויפגעשטאַנען אַ ריכטיגער בילד פון איהר. אָט די ריכטיגקייט פון דעם בילד בעשטרייט דער מאַטעריאַליזם. אין דער וועלט „מעבר לים" זענען ניטאָ קיין פאַרבען, ניט קיין טענער.

זי בעשטעהט נאָר פון לעדינען רוים און זיך בעוועגענדע אטאָמען. קאָן עס זיין ליכטיג אין יענער וועלט? ניין, ליכט איז נאָר א פסיכישע געגען־ווירקונג פון דעם זעה־צענטער אויף די עפיר־וועלען, וואָס האָבען קיין ברעקעל ליכט נים אין זיך. איז יענע וועלט קאַלט אָדער ווארעם? הארט אָדער ווייך? ניין, ניין און ניין! זי האָט אין זיך קיין ברעקעל קוואַליטעט נים פון דעם, וואָס ווערט געבוירען אין אונזערע נערוועז און אין אונזער מארך.

פערגעסען מיר נים דעם גרונד־געדאַנק פון דעם נאַטור־פילאָסאָפישען מאטעריאַליזם: אין דער ווירקליכער וועלט זענען ניטאָ קיין קוואַליטעטען (איכות'ען). עס זענען דאָ נאָר קוואַנטיטעטען (במות'ען): א בעשטימטע צאָהל פון מאטעריעלע אטאָמען, וואָס פיהרען אוים בעשטימטע ארטען פון בעוועגונגען אין דעם אבסאָלוט־לעדיגען רוים. פארבען, טענער, גערוכען, געשמאַקען און אלע אנדער קוואַליטאַטיווע איינדרוקען, וואָס מיר מיינען, אז מיר זעהען זיי, אָדער שפירען זיי אין דער מאטעריע, זענען בעצם אין איהר ניטאָ: זיי ווערען געבוירען און עקזיסטירען נאָר אין דעם זינליכען בעוואוסטזיין.

אָט די קאַרעקטור ציהט מיט זיך נאָך איינע. אויב דער בארג, וואָס געפינט זיך אין דער ווירקליכקייט, איז גאָר נים קיין גרינער בארג, נאָר א הויפען פון זיך בעוועגענדע אטאָמען, וואָס שטעהען אין א דירעקטען צוזאַמענבונד מיט די אטאָמען פון די עפיר־בעוועגונגען, האָט יעמאָלט קיין זין נים צו רעדען וועגען א וועלט „מעבר לים" און א ים פון בעוועגונגען, וואָס זאָלען ליעגען צווישען דעם ווירקליכען בארג און זיין אָבשפּיעגלונג. ער און אלע מאטעריעלע בעוועגונגען, אויך די פון אונזער מארך און אונזערע נערוועז, זענען איין איינציגער ים, — איין גרויסע, פינסטערע, שטומע מאטעריעלע מאסע, וואָס בעוועגט זיך אין אלע איהרע טיילען, לויט אייביגע נויטווענדיגע מעכאַנישע געזעצען. אָט די שטומע פינסטערע מאסע איז די אמת'ע וועלט, ווי דער שכל דעמסטילירט זי ארוים פון דעם ל י כ ט י ג ע ן בעוואוסטזיין. נאָר וואו נים וואו, אין דער פינסטערער מאסע, דאָרטען, וואו די אטאָמען גרופּירען זיך צונויף אין נערוועך און מארך־שטאָף, — ריכטיגער נאָר אין דעם מארך־שטאָף, — קומט פאָר עפּעס אזוינס,

וואָס רופט זיך אָן בעוואוסטזיין, וואָס שטעלט זיך פאָר ליבטיגע וועלטען, וועלכע האָבען אָבער באמת קיין ברעקעל ממשות ניט. ווירקליך איז די פינסטערע, שטומע, זיך שטענדיג טרייסלענדע, זיך שטענדיג בעוועגענדע מאַטעריעלע מאַסע. דאָס איז דער אַבסאָלוטער אמת פון דער וועלט.

לאָמיר איצטער אַ פרעג טהאָן: איז דער מאַטעריאַליסטישער אבסאָלוטער אמת ו ו ע ג ע ן דער וועלט און די וועלט גופא, — איז די פ אָ ר ש ט ע ל ו נ ג וועגען דער פינסטערער שטומער מאַסע און די דאָזיגע פינסטערע שטומע מאַטעריעלע מאַסע גופא איין־און־דיזעלביגע זאַך? עס פערשטעהט זיך, אַז יעדער דענקענדער מאַטעריאַליסט וועט אייך ענטפערען, אַז ניין. דער אַבסאָלוטער אמת איז אַ געדאַנק. אַ געדאַנק איז אָבער אַ ט י י ל פ ו ן ד ע ם ב ע ו ו א ו ס ט ז י י ן, אַ טייל פון דעם פסיכישען געשעהען אין דעם מ אַ ר ך. און אַז מיר וועלען ווייטער פרעגען: איז דער מאַרך, ווי ער איז אין קאָפ, און די פאָרשטעלונג וועגען דעם מאַרך, ווי זי איז אין דעם מאַרך גופא, איין־און־דיזעלביגע זאַך? וועט אייך ווידער דער עהרליכער און קלאָר דענקענדער מאַטעריאַליסט ענטפערן, אַז ניין. דער ווירקליכער מאַרך איז אַ טייל פון דער פינסטערער, שטומער וועלט־מאַסע. דער מאַרך וואָס מיר זעהען און שטודירען אין דער אַנאַטאָמיע, דער, וועגען וועלכען מיר דענקען, איז אַ טייל פון דעם ליכטיגען פסיכישען בעוואוסטזיין.

הייסט עס, וועט איהר ווייטער פרעגען, אַז דער מאַטעריאַליסטישער אמת איז אויך ניט מעהר ווי אַ געדאַנקען־וועלט? און די וועלט־מאַטעריע איז ניט מעהר, ווי אַ פסיכישער אקט, וואָס פערנעהמט ניט קיין איין ברעקעל פלאַץ אין דעם וועלטען־רוים? און דער לעדיגער וועלטען־רוים אליין איז אויך ניט מעהר, ווי אַ פסיכישער אקט פון דעם בעוואוסטזיין? היינט וואו איז די נפקא מיניה צווישען דעם מאַטעריאַליזם און זיין געגנער, דעם אידעאַליזם? גיט דאָ דער מאַטעריאַליזם ניט אַלץ אוועק דעם געגנער מיט די אייגענע הענד? וואָס לאָזט ער זיך?

די נפקא מיניה צווישען אידעאַליזם און מאַטעריאַליזם הענגט פסיכאָלאָגיש אויף איין האָר, אָבער ערקענטניס־טעאָרעטיש און פילאָסאָפיש איז די האָר — אַ ג אַ נ צ ע ר ת ה ו ם, און דער

מאַטעריאַליזם לאָזט די האָר ניט אַרויס פון דער האַנד. געוויס מוז דער מאַטעריאַליזם צוגעבען, אַז דער אַבסאָלוטער מאַטעריאַליסטישער אמת, די וועלט־מאַטעריע און דער וועלטען־רוים, זענען אין בעוואוסטזיין ניט מעהר, ווי געדאַנקען, ווי פּסיכישע אַקטען. אָבער ער איז איבערצייגט, ווייל ד אַ ס פּ אָ ד ע ר ט ד ע ר ש כ ל, אַז אַ חוץ דעם איז דרויסען פון „מיין" בעוואוסטזיין דאָ אַ וועלט, אַז זי איז אַן אויסגעשפּרייטע און אַ מאַטעריעלע, — אַ פינסטערע און שטומע מאַסע פון אַטאָמען, וואָס בעוועגען זיך און רופען אין מיין מאָרך אַרויס אַ פּסיכישע פאָרשטעלונג פון דעם וועלט־געשעהען. דאָס עמפּפינדען די וועלט און די געדאַנקען וועגען איהר, — אפילו די אַבסאָלוט־ריכטיגע, — זענען ריין־פּסיכיש, אָבער די אורזאַכען, וואָס רופען אַרויס אָט די עמפּפינדונגען און געדאַנקען זענען מאַטעריעל.

די גאַנצע וועלט, וואָס איך זעה, געפינט זיך אין מיין קאָפּ און פון דעסטוועגען געפינט זיך מיין קאָפּ אין דער וועלט. ער איז אַ טייל פון דעם גרויסען וועלטליכען אַטאָמען־פּראָצעס, אָבער אין דעם טייל שפּיעלט זיך אָב דער פּסיכישער פּראָצעס פון זעהן און דענקען אַ וועלט.

אין אונזער בעוואוסטזיין איז דאָס „זעהן אַ וועלט" איין איינציגער אַקט. אין דער אמת'ען אָבער בעשטעהט ער פון אַ מאַסע פּראָצעסען.

דער איין־איינציגער בוים, וואָס איך זעה אין איין מאָל, ווידערהאָלט זיך אין דער ערקענטנים לכל הפחות ז ע ק ס מאָל.

ער איז, ע ר ש ט ע נ ס, אַ גרופּע פון ווירקליכע אַטאָמען אין דער ווירקליכער וועלט, אַ פופציג קלאַפטער ווייט פון מיין אויג.

ער איז, צ ו ו י י ט ע נ ס, אַ גרופּע פון עפּיר־ווועלען, וואָס בעוועגען זיך און שטויסען זיך אָן אין מיין אויג.

ער איז, ד ר י ט ע נ ס, אַ גרופּע פון אַנדערע אַטאָמען, וואָס פיהרען אויס דעם נעירישען פּראָצעס.

ער איז, פ ע ר ט ע נ ס, די גרופּע אַטאָמען אין דעם מאָרך־פּראָצעס.

ער איז, פ י נ פ ט ע נ ס, דער „אָבגעשפּיגעלטער" געזעהענער בוים אין מיין קאָפּ.

און ער איז, זעקסטענס, די ריכטיגע פאַרשטע־לונג, אַז ער איז נים מעהר ווי אַ גרופּע פון אַטאָמען, פּונקט קלאַפּטער ווייט פון מיין אויג. אַט דאָס בעטייט די האָר, וועלכע דער מאַטעריאַליסט לאָזט נים אַרויס פון האַנד.

אין דער צווייטער פאַרלעזונג וועלען מיר זעהן, אויף וואָס „די האָר" האַלט זיך און ווי שטאַרק איז איהר קראַפט.

# צוויי פארלעזונגען וועגען דעם נאטור-פילאסאפישען מאטעריאליזם

### צווייטע פארלעזונג

## די קריטיק פון דעם נאטור-פילאסאפישען מאטעריאליזם.

חברים און פריינד!

מיין ערשטע פארלעזונג האט זיך בעשעפטיגט מיט דעם נאטור-פילאסאפישען און ערקענטניס-טעארעטישען מאטעריאליזם.

איך ווייס גאנץ גוט, אז דער מאטעריאליזם בעגרעניצט זיך ניט מיט יענע צוויי פעלדער פון דעם מענשליכען פארשען. מיר האבען נאך דערצו א פסיכאלאגישען מאטעריאליזם, וואס לערנט, אז די אזוי אנגערופענע נשמה איז ניט מעהר, ווי א פונקציע פון דעם גוף, — אן עטישען און א געשיכטס-פילאסאפישען, און פיעלע גלויבען, אז די אלע ארטען מאטעריאליסטישע פילאסאפיע זענען אזוי ענג צונויפגעבונדען אין איינעם אין איין סיסטעם, אז קוים שלעפט איהר ארויס פון דעם סיסטעם איין טהייל זיינעם, אזוי מוז דער גאנצער בנין לאגיש פאנאנדערפאלען.

דערהויפט האלטען זיך פאר דעם דאזיגען געדאנק די פילאסאפישע מארקסיסטען, וועלכע זענען זעהר אונצופריעדען, ווען זיי בעגעגענען זיך מיט דענקער, וואס האלטען פון דעם געשיכטס-פילאסאפישען, אדער דעם אזוי אנגערופענעם „עקאנאמישען" מאטעריאליזם, און ווילען גאר נישט ניט וויסען פון דעם נאטור-פילאסאפישען, ערקענטניס-טעארעטישען אדער דעם עטישען מאטעריאליזם. פון דעם לעצטערען, לאזט מיך, אגב אורחא, איך זאגען, האט אויך קארל מארקס גאר נישט ניט געהאלטען.

ווי אַ גענגער פון דעם מאַטעריאַליזם בכלל, אין אַלע זיינע צווייגען, וואָלט פאַר מיר זעהר נעפּאַסט, אַז דער דאָזיגער געדאַנק פון די פילאָסאָפישע מאַרקסיסטען וועגען דער ענגער אויסגע־בונדענקייט פון אַלע זיינע טהיילען וואָלט געוועזען דער ריינסטער אמת. ווי לייכט וואָלט מען יעמאָלט געקאָנט פאַרטיג ווערען מיט דעם גאַנצען סיסטעם, — אויך מיט דער גאַנצער מאַרקסיסטישער געשיכטס־פילאָסאָפיע! מען דאַרף נאָר צושטערען דעם נאַטור־פילאָסאָפישען פונדאַמענט — און דער שטאָלצער טעמפּעל צו־פאַלט אין שטויב.

דער אמת מוז אָבער אַרויסגעזאָגט ווערען, אַז אַזאַ גאַנצקייט, אַזאַ אָרגאַנישע צונויפגעוואַקסענקייט פון זיינע טיילען איז אין דעם מאַטעריאַליסטישען סיסטעם ניטאָ. די כלומרשט'דיגע צו־נויפגעגאָסענקייט פון אַלע מאַטעריאַליסטישע געדאַנקען אין איין־איינציגע וועלט־און־לעבענס־אַנשויאונג, איז, אגב, — ווי יעדער פילאָסאָפישער סיסטעם, — ניט מעהר ווי אַ היסטאָרישע אידעען־פערבינדונג אין די איינצעלנע קעפּ פון די איינצעלנע דענקער. מען קאָן גאַנץ גוט לאָגיש פאַנאַנדערנעהמען די איינצעלנע טיילען פון דעם מאַטעריאַליסטישען געבייי, און יעדער טייל לאָזט זיך פון זיין זייט גאַנץ גוט לאָגיש צונויפבינדען מיט אַנדערע, ניט מאַ־טעריאַליסטישע טיילען צו איין־איינציגען וועלטען־בילד.

דער בעריהמטער מאַטעריאַליסט ביוכנער, צ. ב., האָט אויף דעם גרונד פון אַ נאַטור־פילאָסאָפישען, ערקענטניס־טעאָרעטישען און פּסיכאָלאָגישען מאַטעריאַליזם אויפגעבויט אַן עטישען און געשיכטס־פילאָסאָפישען אידעאַליזם. און אויב איהר וועט ניט וועלען זיך לאָזען ברענגען אַ ראיה פון ביוכנער'ן, ווייל איהר האַלט איהם אפשר פאַר אַ צו שוואַכען פילאָסאָף, — אַ פּונקט, אין וועל־כען איך שטים מיט אייך אין גאַנצען איין, — וועל איך דער־מאָהנען אָן אַן אַנדער דענקער, וועמעס קראַפט עס איז נאָך קיין מאָל ניט אָוועקגעשטעלט געוואָרען אין אַן אָבפרעג: איך מיין דאָ שאָפּענהויער'ן.

שאָפּענהויער האָט אויף דעם פונדאַמענט פון אַן אידעאַליס־טישער נאַטור־פילאָסאָפיע און ערקענטניס־טעאָריע אויפגעבויט אַ מאַטעריאַליסטישע פּסיכאָלאָגיע, וואָס שטעהט שטאָל און אייזען

פאַר דעם געדאַנק, אַז אַלע אונזערע בעוואוסטע פסיכישע פּראָ־צעסען, דער גאַנצער אינטעלעקט, איז ניט מעהר, ווי אַ פונקציע פון דעם מאַרך. דער מאַרך איז אַ פּראָדוקט פון דעם אומבעוואוסטען וועלט־ווילען, אָבער דער מענשליכער פערשטאַנד, מיט אַלע זיינע טעאָריען, איז ניט מעהר, ווי אַן אויסשיידונג פון דעם מענשליכען מאַרך. שאָפּענהויער האָט דאָס דער ערשטער אַרויס־געזאָגט יענעם „שרעקליך" מאַטעריאַליסטישען זאַץ, וואָס האָט שפּעטער אין דעם מויל פון די ביוכנער'ס און די קאַרל פאָגט'ס אָנגעוואָרפען אַזאַ אימה אויף דעם פרומען עולם: אַז אַקוראַט ווי די ניערען שיידען אָב אורין און די געניטאַליען — זרע, אַזוי ווערט „געדאַנק" אַרויסגעשיידט פון דעם מאַרך.

אַ קריטיק פון דעם נאַטור־פילאָסאָפישען מאַטעריאַליזם — און מיט דער קריטיק דאַרפען מיר זיך בעשעפטיגען היינט — איז דעריבער נאָך בשום אופן ניט קיין קריטיק פון דעם פּסיכאָלאָגישען, עטישען אָדער דעם געשיכטס־פילאָסאָפישען. דאָס איז באמת אַן עגמת נפש, אָבער איך קאָן מיר ניט העלפען: עס איז אַזוי. עס בלייבט מיר ניט מעהר, ווי איין טרייסט, אַז דער שכל, איינמאָל זיך בעפרייט פון דעם מאַטעריאַליסטישען כשוף אין דער נאַטור־פילאָסאָפיע, וועט זיך לייכטער קאָנען איינהערען אין יענע ספּעציעלע אַרגומענטען, וואָס ווילען מאַכען אַ תל פון דער מאַ־טעריאַליסטישער פילאָסאָפיע אויך אין די איבעריגע פעלדער פון דעם מענשליכען דענקען און פאָרשען.

אָבער דערווייל האָבען מיר צו טהאָן נאָר מיט דעם נאַטור־פילאָסאָפישען מאַטעריאַליזם אין זיין ענגען צונויפבונד מיט יע־נער ערקענטניס־טעאָריע, וואָס איז אויסגעוואַקסען דירעקט פון מאַטעריאַליסטישע דענקער און פאָרשער אָדער אונטער דער שטאַרקער שליטה פון דעם מאַטעריאַליסטישען גרונד־פּרינציפּ. אָט דער נאַטור־פילאָסאָפישער מאַטעריאַליזם זיצט נאָך פעסט אין די מוחות פון אַ סך ראַדיקאַל דענקענדע מענשען, ווי דער איינ־ציגער לאָגישער און וויסענשאַפטליכער פונדאַמענט פון אַן אַב־סאָלוט דיכטיגער וועלט־אַנשויאונג, — אַלץ איינס, וואָס פאַר איבער־שטיבלעך עס זאָלען ניט אויפגעבויט ווערען אויף יענעם פונדאַמענט. אַז אין דער נאַטור איז קיין זאַך נישטאָ און קאָן ניט

זיין אַ תוך מאַטעריעלע אַטאָמען און בעוועגונג, איז פאָר דאָס דוב פון אונזערע ראַדיקאַלען דער לעצטער אמת, צו וועלכען דער פרייער מענשליכער שכל איז געקומען, און דעם אמת קאָן ער שוין קיינמאָל ניט אַריבערשפּרייזען.

אויף דער גרויסער שאלה, מיט וועלכער מיר האָבען אָנגע־הויבען אונזער פאָריגע פאָרלעזונג, דער שאלה פון „זיין" און „ווערען", פון „אייביגקייט" און „פערענדערליכקייט", פון ענט־שטעהן" און „פערגעהן" אין דער וועלט, — דעם גרויסען פּראָ־בלעם, וואָס איז אַריינגעבראַכט געוואָרען אין דער פילאָסאָפיע פון די עלעאַטען און פון הערואַקליט און וואָס הערט ניט אויף צו בעשעפטיגען דעם מענשליכען שכל עד היום, גיט דער מאַטעריאַליסט אזא'ן ענטפער: אייביג אין דער וועלט פון דעם „זיין" זיינען די אַטאָמען און זייער בעוועגונג, אַלע פערענדערונגען זענען ניט מעהר ווי פערשיידענע קאָמבינאַציעס פון די אייביגע אַטאָמען. און אַקוראַט ווי די מאַטעריע איז אייביג אין דער וועלט, אזוי איז דער מאַטעריאַליזם אייביג אין דעם מענשליכען געדאַנק. איינמאָל „ענטשטאַנען", קאָן ער שוין ניט „פערגעהן".

איז דאָס אמת?

מיר וועלען היינטיגען אָוונט בעקאַנט ווערען מיט אייניגע פאַקטען און אַרגומענטען, וואָס מאַכען, אַז דער מאַטעריאַליזם זאָל „פערגעהן" פון דעם פילאָסאָפישען געדאַנק, ווען אַפילו אַלע מאַטעריאַליסטען גלויבען, אַז זייער סיסטעם איז דער לעצטער אייביגער אַבסאָלוטער אמת, וואָס קאָן שוין אויף קיין אַנדער גע־דאַנק ניט פערביטען ווערען. די גאַנצע בעטראַכטונג וועגען דעם אייביגען פערענדערונגס־געזעץ, וואָס איך האָב אייך פאָרגעבראַכט אין דער ערשטער לעקציע, האָט געהאַט אין זינען דעם ציעל, ניט נאָר צו דערמאָהנען אייך אָן יענעם געזעץ, פון וועלכען עס איז אַרויסגעגאַנגען דער מאַטעריאַליזם, נאָר אויך אַ ביסעל נעהנטער צו ברענגען איהם צו דעם גייסטיגען אויג, ווייל שוין פון איהם אַליין קאָן קלאָר ווערען אַ שטיק אמת ניט נאָר בנוגע צו דעם „מאַטעריאַ־ליזם", נאָר אויך בנוגע צו אַלע אַנדערע „איזמען" פון דער מענש־ליכער פילאָסאָפיע. עס קאָן קלאָר ווערען, — וואָס פאַר אַ חוצפה'־דיגע העזה דאָס איז פון דעם שכל צו גלויבען, אַז אַ וועלכער עס

איז מענשליכער געדאַנקען־סיסטעם קאָן זיין אַ לעצטער, אייביגער, אַבסאָלוטער, ניט פערענדערליכער אמת.

אויב אין דער נאַטור, וואָס גיט אונז טעגליך דעם בילד פון אָפטע ווידערהאָלונגען, פון „אייביגע“ איינענשאַפטען, און־פערענדערליכע פאָרמען, האָט פון דעסטוועגען דער שכל דערקענט די אונגעהויערע שליטה פון דעם „ענטשטעהן“ און „פערגעהן“, היינט אַ פשיטא שוין אין דער וועלט פון דעם מענשליכען דענקען, וואו זיינע געשטאַלטונגען בייטען זיך פון דור צו דור און כמעט ווי פון מענש צו מענש, — דאָ האָט שוין, כלעבען, דער שכל געמאָגט איין מאָל פאַר אַלע מאָל זיך אויסאיינען מיט דעם געדאַנק, אַז קיין אַבסאָלוטע לעצטע, אייביגע אמת'ען האָט מען פאַר איהם ניט אָנגעגרייט און אַז עס קאָן ניט ליעגען אין זיין מאַכט — אַבצושטע־לען דעם שטראָם פון דער אייביגער גייסטיגער ענטוויקעלונג. ביי קיין פונקט אין דער ענטוויקעלונג טאָר מען ניט מיינען, אַז עס איז שוין דערגרייכט געוואָרען דער לעצטער ציעל פון דעם גייסט'ס שטרעבען.

אַ חדוש נפלא! גראָד דער ראַדיקאַלער געדאַנק פון אונזערע טעג, וואָס איז אַזאַ הייסער חסיד פון דעם ענטוויקעלונגס־געדאַנק סאַי אין דער נאַטור־פילאָסאָפיע, סאַי אין די מאָראַלישע פּראָב־לעמען, סאַי בנוגע צו די פאָרמען פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען, — גראָד ער איז נאָך עד היום איינגעגלויבט אין יענעם קינדערשען דמיון פון אַן אַבסאָלוטען אמת, וועלכען ער געפינט אין דעם מאַטעריאַליזם!

דערקלעהרען — דערקלעהרט זיך דאָס פסיכאָלאָגיש גאַנץ פשוט. דער ראַדיקאַליזם האָט זיך היסטאָריש פערבונדען מיט דעם מאַטעריאַליזם אין אַ קאַמפף אַנטקעגען אַ בשותפות'שען פיינד: אַנטקעגען דער הערשענדער קירך און דעם מיטעלאַלטער־ליכען גלויבען. דער אַלטער פיהר פון לעבען, מיט די אַלטע אַנשוי־אונגען, וואָס זיינען אויסגעוואַקסען פון איהם און אַרום איהם, איינגעזעסען אין די וואַרעמע ערטער, וואָס ער האָט זיך בעשאַפען, האָט זיך ניט געוואָלט ריהרען פון אָרט, האָט פער'עקשנ'ט, ניט געוואָלט נאָכגעבען די פאָדערונגען פון דעם ראַדיקאַלען געדאַנק. אין דער פאָלעמיק אַנטקעגען איהם שטיצט זיך די אַלטע וועלט

אויף דעם רעליגיעזען גלויבען, וואָס האָט הייליג געמאַכט אַלע איהרע יסודות. און האָט זיי פעסט צונויפגעוועבט אין געדאנק מיט דעם שטרעבען פון דעם מענשענ׳ס נשמה נאָך איביגקייט און אונענדליכקייט.

דער ראַדיקאַליזם האָט גאַנץ לייכט זיך געקאָנט אריינלאָזען אין אַ ויכוח מיט דער אַלטער וועלט וועגען דעם מהות פון איביגקייט, הייליגקייט און אונענדליכקייט און בעווייזען איהר, אַז דער „רוח הקודש" האָט זיך שוין לאַנג אָבגעטהאָן פון איהרע הייליגע יסודות; אַז, אפילו ווען מען זאָל אריינגעהמען אין די טיעפעניסען פון געמיטה דעם גאַנצען תמצית פון אַן איבער־נאַטירליכער רעליגיאָן, — דעם גלויבען אין אַ גאָט און אין אַ פרייע, אונשטערבליכע נשמה, — אַז אפילו יעמאָלט קאָן מען נאָך בשום אופן ניט איינזעהן די „הייליגקייט" פונ׳ם פריוואַט־אייגענטום, פון דעם שטאַאַט און געזעץ, פון דער אַנגענומענער געזעלשאַפטליכער מאָראַל און פון דעם גאַנצען פיהר פון דעם איצטיגען לעבען. דער ראַדיקאַלער געדאַנק האָט דאָס אָבער ניט געטהאָן. אַנשטאָט אַנצופאַלען אויף די פאָזיציעס פון דעם געגנער מיט יענע כלי־זין, וועלכע ער אַליין געברויכט, האָט זיך דעם ראַדיקאַליזם בעסער געלוינט אין גאַנצען מבטל צו זיין די קראַפט פון יענע כלי־זין, און פאַר דעם ציעל איז שווער געווען צו געפינען אַ בעסערען מיטעל, איידער די מאַטעריאַליסטישע פילאָסאָפיע. וואָס לייקענט לגמרי אָב דאָס זיין פון אַ וועלכען עס איז גייסטיגען, ניט מאַטעריעלען פרינציפּ אין דער וועלט.

ניט קיין קליינע ראָלע האָט דערביי געשפּיעלט אויך יענער פאַקט. וואָס דער מאַטעריאַליזם איז נאָר־וואָס ארויסגעטרעטען אין דעם גאַנצען גלאַנץ פון זיין יוגענד, אין דער גאַנצער מאַכט פון זיין שפּרודעלנדער ענערגיע, וואָס האָט איהם געבראַכט אַ נצחון נאָך אַ נצחון אויף דעם פעלד פון דער וויסענשאַפטליכער פאָרשונג. עס האָט זיך יעמאָלט אַזוי לייכט געגלויבט, אַז די מענשהייט האָט סוף־כל־סוף אויסגעפונען דעם אַזוי לאַנג געזוכטען אמת! אַ דאַנק דעם איז די היסטאָרישע אידעען־פערבינדונג פון מאַטעריאַליזם און ראַדיקאַליזם געוואָרען נאָך טיעפער און פעסטער.

אָבער די גייסטיגע לאַגע האָט זיך אין דער איצטיגער צייט

אין נאַכקומען איבערגעבליבן. אויך דער מאַטעריאַליזם, ווי אַלע סיס־טעמען וואָס האָבן געהערשט ביז צו איהם, האָט שוין לאַנג געענדיגט, גוסס'ען און האַלט שוין ביין לעצטען עטהעמען. עס איז דעריבער צייט זיך אַ פרעג צו טהאָן: זאָלען מיר זיך נאָך האַלטען פאַר יענער היסטאָרישער אידעען־פערבינדונג? קאָנען מיר זיך נאָך ארומשלעפּען אין אונזער וועלט־אַנשויאונג מיט אַ בר־מינן? לוינט זיך נאָך צו פערבינדען אין דער וועלט־אַנשויאונג דעם גורל פון אונזערע אידעאַלען מיט דעם גורל פון אַ פעראַלטעטען וועלט־בילד, וואָס האָט שוין ניט קיין קראַפט אין זיך צו בעהערשען דעם מענשליכען גייסט?

מיר דוכט, איינס איז לכל הדעות זיכער: מיר מוזען בעקאַנט ווערען מיט זיין לאַגע. מיט דער סכנות נפשות, אין וועלכער ער שטעהט. איז זיין צושטאַנד אין דער פילאָסאָפיע אַזאַ, אַז קיין „מאַשכעס“ קאָן איהם שוין ניט רעטען? העלפען אייך פערענט־פערען אָט די פראַגע איז די אויפגאַבע פון מיין היינטיגער פאַרלעזונג.

איך וועל אייך אין גאַנצען פערשפּאַרען די געשיכטע פון זיינע מאָדערנע ליידען, ווי אַזוי איין דענקער נאָך דעם אַנדערען האָבען איהם פערלאָזען, — די איינע מיט פרייד, די אַנדערע מיט אמת'ן צער: ווי אַזוי איין נאַטור־פאָרשער נאָך דעם אַנדערען האָבען פריהער געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ אויף זיינע רעזולטאַטען, דערנאָך העפליך דערקלעהרט, אַז מען קאָן גאַנץ גוט אויסקומען אָהן זיין הילף, דערנאָך געגעבען איהם, דעם אַלטען, אויסגעדיענטען זקן, — די „קאַפּולער אָנצוהערענים“, אַז מען וויים ניט, וואו אהינצוטהאָן איהם אין דער וויסענשאַפט, ביז מען האָט איהם אָפען און עהרליך פענסיאָנירט אין דער געשיכטע פון דער פילאָסאָפיע. איך וועל אייך אויך ניט שילדערען, ווי דער אַלטער זקן וויל זיך נאָך אַלץ ניט אונטערגעבען, ווי ער ציהט אַרויס זיינע אַמאָל געזונטע און שאַרפע, איצטער אָבער צופוילטע און אַלטע צייהן און שטעלט אַריין אָנשטאָט זיי פאַלשע, ניט ז י י נ ע, ווי ער טהוט אָן פרעמדע פּאַרוקען אויף זיין שוין נאַר גלאַטען קאָפּ, ווי ער פאַרבט זיך און פוצט זיך, כדי אויסצוזעהן ווי זיינע יונגע קאָנקורענטען און ווי עס קאָן איהם קיין זאַך ניט העלפען.... די געשיכטע איז

זעהר אינטערעסאַנט און פיעל קאָנען לערנען פון איהר די, וואָס בעטראַכטען מיט די אויגען פון אַ פילאָסאָף די שיקזאַלען פון דעם מענשליכען דענקען. אבער זי איז צו לאַנג, צו ענג פערבונדען מיט די פּראָבלעמען פון דער ספּעציעלער וויסענשאַפטליכער פאָרשונג, מען זאָל קאָנען פּאַרטיג ווערען מיט איהר אין די גרענעצען פון אַ פאָרלעזונג.

מיר וועלען זיך אויך ניט פערנעהמען מיט דעם פערגלייך צווישען דעם מאַטעריאַליזם און זיינע אינגערע קאָנקורענטען, וואָס האָבען איהם ארויסגעשטופּט פון זיין פריהערדיגער שטעל, און מיר וועלען ניט פּרואווען מעסטען זיין אָהנמאַכט אָן זייער שטאַרקייט. מיר וועלען האָבען צו טהאָן נאָר מיט איהם אליין. עס מוזען קלאָר געמאַכט ווערען יענע א י נ ג ע ו ו י ג ט ע ח לאת'ן זיינע, וואָס פיהרען איהם אין קבר אריין. דאָס קאָנען מיר איצטער טהאָן נאָכדעם, ווי מיר האָבען געוואונען אַ קלאָרע, ריכטיגע פאָרשטעלונג פון זיין מהות: פון זיינע גרונד־פּרינציפּען און דער עיקר פון דעם צענטראַלען פונקט אין זיין סיסטעם: דער מאַטעריאַליסטישער ערקענטניס־לעהרע.

מיר האָבען דאָס פאָריגע מאָל געזעהן, אַז די נפקא מיניה צווישען דעם מאַטעריאַליזם און דעם אידעאַליזם העננגט ערקענטניס־טעאָרעטיש אויף אַ האָר. אויך דער מאַטעריאַליזם גיט צו, אַז אַלץ, וואָס מיר קאָנען געוואָהר־ווערען פון דער וועלט אָדער וויסען פון איהר, איז ניט מעהר ווי אַ פּסיכישער, „אידעעלער" פּראָצעס אין אונז; אַז אפילו דער מאַרך וואָס מיר זעהען איז ניט מעהר ווי אונזערער אַ „בילד" פון דעם אמת'ען מאַרך. אין דעם פונקט געהט זיך דער מאַטעריאַליזם לגמרי פאַנאַנדער מיט דעם נאַאיווען דענקען פון דעם פּשוט'ען בשר ודם, וואָס מיינט, אַז ער זעהט אָדער טאַפּט די מאַטעריע בחוש. אויך די טאַפּ־עמפּפינדונג איז ניט מעהר, ווי אַ פּסיכישער פּראָצעס אין דעם בעוואוסטזיין. מיר שפּירען די טאַפּ־עמפּפינדונג ניט אין דער מאַטעריע, נאָר אין אונז, און אויב אונז דוכט זיך, אַז דער טיש איז „האַרט", אַז די „האַרטקייט" ליעגט אין דעם טיש, איז דאָס אַקוראַט אזא דמיון, ווי ווען אַ מאַן מיט אַן אָבגעשניטענעם פוס שפּירט דעם שמאַרץ אין דעם שפּיץ פון דעם פינגער.

און פון דעסטוועגען איז פאר דעם מאטעריאליסט קיין ברעקעל ספק ניט, אז די גאנצע „בילדער־וועלט“ פון אונזער בעוואוסטזיין, די איינציגע, וועלכע מיר ווערען געוואהר „בחוש“, ווערט ארויסגעבראכט פון א מאטעריעלער וועלט, א פינסטערער אויסגעשפרייטער מאסע, וואס קאן קיין מאל ניט אריינדרינגען אין מיין בעוואוסטזיין, און, — וואס נאך וויכטיגער, — אז דער מאטעריאליסטישער געדאנק וועגען איהר איז די ריכטיגע קאפיע פון דעם וועלט־געשעהען.

אט דאס איז „די האר“, וואס טיילט אב דעם מאטעריאליזם פון דעם אידעאליזם.

פאר וואס האלט זיך דער מאטעריאליזם פאר איהר? ניט ווייל איהר אמת איז איהם אנטפלעקט געווארען פון א וועלכען עס איז איבערנאטירליכען גאט. אויך ניט דערפאר, ווייל דער שכל איז דוקא מחייב די מאטעריאליסטישע סברה.

ער האלט זיך פאר איהר, א דאנק דער גלענצענדער ראלע, וועלכע דער מאטעריאליזם האט בעדארפט שפיעלען אין דער מענשליכער דערקענטניס, און אז מען טראכט זיך אריין אין דער ראליע, וואס ער האט געדארפט שפיעלען און באמת אנגעהויבען שפיעלען אין דער פילאסאפיע און אין דער וויסענשאפט, איז גאר קיין חדוש ניט, וואס ער האט אזוי אלעמען פער'שכור'ט.

דער מאטעריאליזם האט געהאלפען פערטרייבען פון דעם מענשליכען געדאנק און פון דער וויסענשאפט די אלע שדים און רוחות, מלאכים און לענטעכער, „סימפאטישע“ און „אנטיפאטישע“ כחות, גליקליכע און אונגליקליכע צאהלען, מזל'דיגע אדער ניט־מזל'דיגע טעג, צייטען און צייכענס, „עין הרע'ס“ און דבוקים און די גאנצע מחנה ציטערניסען און פחדים, וואס האבען געלעבט און לעבען נאך אין דעם מענשענ'ס נשמה, ווי א ירושה פון די אלטע צייטען. זיי זענען, אמת, נאך ניט אין גאנצען פערטריעבען געווארען פון אונזער „אונבעוואוסטען“ שכל. אבער פון דעם שכל און פון דעם קלארען געדאנק זענען זיי שוין ארויסגעיאגט געווארען און קיין סיסטעם אין דער וועלט האט ניט אזוי גרינדליך אויסגעריינגט זיי פון אונז, ווי דאס האט געטהאן דער מאטעריאליזם,

זואָס האָט אין גאַנצען מבטל געווען די זעלבסטשטענדיגע עקזיסטענץ פון אַ וועלכען עס איז „רוחניות'דיגען“ פּרינציפּ.

אָבער ניט נאָר נעגאַטיוו, ניט נאָר ווי אַ שאַרפע דעזינפעקציע פאַר דעם מענשליכען געדאַנק, האָט דער מאַטעריאַליזם געווירקט. ער האָט איהם געגעבען די ריינע שטאַרקענדע פרייד פון דעם אַ ב ס אָ ל ו ט ע ן   א מ ת. עס האָט זיך געדוכט, אַז דער מאַטעריאַליזם האָט ענדליך געפונען דאָס פערפאַלענע „בוך מיט זיעבען זיעגלען“, — דאָס בוך פון די לעצטע סודות. מיט אַ זיכערער האַנד האָט ער אַראָבגעריסען די חתימות, אויפגעעפענט די טאָוולען און הויך פאַר דער גאַנצער וועלט איבערגעלייענט זיין שער־בלאַט: „מאַטעריע און בעוועגונג!“

די פרייד פון דעם אבסאָלוטען אמת האָט די דענקענדע מענשהייט איבערגעלעבט ניט איין מאָל, אָבער קיין מאָל איז דאָס דאָזיגע געפיהל ניט געווען אזוי לעבעדיג, ניט אזוי טיעף, ווי ווען דער מאַטעריאַליזם האָט אָבגעעפענט די גאַנצע ווייטע אונענדליכע וועלט פאַר דעם מענשענס שכל. ער האָט זיך ניט געבריהמט, אַז ער האָט אַלץ אין דער וועלט שוין דערקלעהרט, אַז עס איז שוין מעהר ניטאָ וואָס צו זוכען און צו פאָרשען. ער האָט נאָר געוויעזען, אַז ער האָט אנטפּלעקט דעם שווערען, אָבער דערפאַר אבסאָלוט זיכערן  ו ע ג  צו דעם ריכטיגען פערשטעהן פון דער וועלט. דער וועג איז אונענדליך, ווייל דעם מענשען'ס שכל וועט אפשר קיין מאָל ניט ארומנעהמען דעם גאַנצען סכום פון די אטאָמען און די גאַנצע רייכקייט פון די פּראָצעסען, וואָס זענען ארויסגעוואַקסען און וועלען נאָך ארויסוואַקסען פון זייערע בעוועגונגען. אָבער ער האָט אונז געגעבען די  ג ע צ י י ג, מיט וועלכע מיר זאָלען אין יעדער איינצעל־וויסענשאַפט זיך קאָנען דערגראָבען ביז צו דער לעצטער טיעף.

און ווען אפילו אונזערע מענשליכע כחות מוזען זיך אויף אַ ווײלע אָבשטעלען אויפ'ן האַלבען וועג, איז זיך אויך ניטאָ, וואָס מיאש צו זיין: אין'ם פּרינציפּ האָט מען שוין דעם געזוכטען ענטפער סיי ווי סיי. מיר וועלען אפשר קיין מאָל ניט וויסען, וויפיעל אטאָמען עס שפּיעלען אַ ראָליע און וועלכע ארטען בעוועגונגען זיי פיהרען אויס, בעת אין דעם מאָרך ווערט געבוירען אַ געדאַנק.

אבער, אז דער געדאנק איז, לויט זיין בעהאלטענעם עצם, נאך, ניט מעהר ווי א סכום אטאמען, וואס געפינען זיך אין א געוויסער ארט בעוועגונג, — אין דעם האט שוין גאר קיין ברעקעל ספק ניט געקאנט זיין, ווייל קיין אנדער זאך, א חוץ אטאמען און בעוועגונגען, קאן יט געמאלט זיין אין דער וועלט. ביי אזא לאגע ווערט דעם מענשענס שכל ווי מיט א כשוף־מאכט אנגעטריעבען — ניט צו דוהען אין דער איינצעלנער פארשונג, ביז מען דערגרייכט דעם לעצטען ציעל, וואס שטעהט אזוי קלאר פאר די אויגען, ביז מען איז ניט אין דער לאגע, ווי טהאמסאן זאגט, „אויפצובויען א מעכאנישען מאדעל פון דער ערשיינונג".

אין דער קלארקייט פון דעם ציעל, וואס דער מאטעריאליזם שטעלט אוועק פאר דער פארשונג, אין דער אבסאלוטער בעפריעדיגונג, וואס דער שכל מוז דורכלעבען, ווען דער ציעל ווערט דערגרייכט, ליעגט דער הויפט־צויבער פון דעם מאטעריאליזם. דער מענש יאגט זיך אין זיין דענקען קודם כל נאך קלארקייט: ער וויל דאס, וואס ער זוכט, זעהן ווי א לעבעדיגע ווירקליכקייט פאר זיינע אויגען. גאנץ קלאר ווערט איהם אבער אן ענין ערשט יעמאלט, ווען ער זעהט אין זיין איינוועניגסטע נויט־ווענדיגקייט, ווען ער זעהט בחוש, פארוואס די זאך קאן בשום אופן ניט זיין אנדערש, איידער זי איז. און אט די נויט־ווענדיגקייט קומט ארויס אם קלארסטען, ווען די זאך ווערט צוריק־געפיהרט צו די געזעצען, וואס הערשען אין דער מאטעמאטיק; ווען די גאנצע פערפלאנטערטקייט פון דעם פראצעס וויקעלט זיך פאנאנדער, און איך זעה, ווי איין רינגעלע איז ארייננעטהאן אין דעם אנדערן און ווי זיי אלע לויפען ארויס פון אזא אבסאלוט זיכערען און קלארען זאטץ, אז צוויי מאל צוויי איז פיער, אדער אז איין און דיזעלביגע ליניע קאן אין דעם רוים ניט געהן אין דערזעלביגער צייט אין צוויי פערשיידענע ריכטונגען.

די נאהענטקייט פון דעם מאטעריאליזם צו דער מאטעמאטיק, — אט דאס האט איהם פערשאפט אזוי פיעל פריינד און אנהענגער צווישען די ערנסטע פארשער. איינינע האבען גע־גלויבט, אז דער אטאם, מיט וועלכען זיי ארבייטען אין זייער וויסענשאפט, איז א רעאלער פאקט, וועמעס עקזיסטענץ איז

אַקוראַט אַזוי זיכער, ווי עס איז אַבסאָלוט אונצווייפעלהאַפט דער געדאַנק, אַז פון גאָר נישט קאָן גאָר נישט אַרויסקומען. אַנדערע ווידער האָבען קלאָר געזעהן, אַז דער מאַטעריאַליזם איז ניט די ריינע ווייסענשאַפט, אָבער ער האָט זיך אויסגעוויעזען אין זייערע אויגען עפּעס ווי אַ מין דינג, דורכזיכטיגע פילאָסאָפישע הייטעל, וואָס לעגט זיך אַרום אַרום אַלע ערשיינונגען פון דער וועלט אַזוי נאָהענט און ענג, אַז זי פערשווינדט אין גאַנצען פון די אויגען. עס בלייבט נאָר דער צוזאַמענבונד פון די פאַקטען גופא, וואָס ווערען צוזאַמענגעהאַלטען אין איין איינציגען סיסטעם, אַ דאַנק יענער דינער, דורכזיכטיגער פילאָסאָפישער הייטעל, וואָס נעהמט זיי אַלעמען אַרום.

פערגעסען מיר אויך ניט יענע פילאָסאָפישע מעלה, וואָס מען האָט געזעהן אין איהם, — יענעם צענטראַלען בריליאַנט פון אַ פילאָסאָפישער קרוין, — דעם מאָניזם. אַלע ערשיינונגען פון דער וועלט, אַלע „קרעפטען", וואָס ווירקען אין זיי, אַלע פּראָצעסען וואָס שפּיעלען זיך אָב אין דער וועלט, ווי פערשיידען זיי זאָלען ניט זיין, ווי עס זאָל זיך ניט אויסדרוקען, אַז זיי שליעסען איינע די אַנדערע אויס, ווי לעבען און טויט, ווי מאַטעריע און גייסט, — זיי אַלע זענען אין תוך אריין איין איינציגער „מאַנאָן": די בעוועגליכע וועלט־מאַטעריע.

היינט דער שטאָלץ, וועלכען דער מענשליכער שכל האָט דערשפּירט, ווען איהם איז קלאָר געוואָרען זיין מאַכט אַראָבצורייסען דעם אייביגען צודעק, וואָס האָט פערשטעלט פון איהם דעם אמת ביז אהער!

דער מאַטעריאַליזם, ווען ער וואָלט געקאָנט אויספיהרען אַלץ, וואָס ער נעהמט זיך אונטער, וואָלט געווען אַן אידעאַל פון אַ פילאָסאָפישער וועלט־דערקלעהרונג. און עס איז דעריבער קיין חדוש ניט, וואָס ער איז בעגעגענט געוואָרען מיט אַזא התפעלות אין דעם פּראָגרעסיווען געדאַנק פון דעם נייצעהנטען יאָהרהונדערט.

און נאָך אַ זאַך איז געלעגען אין דעם מאַטעריאַליזם, וואָס האָט איהם געמאַכט אַזוי טהייער פאַר יעדען פרייען דענקער: דער טריאומף פון פּראָגרעס! ער איז געגאַנגען געגען אַלע אַלטע הער־

שענדע מיינונגען, און קיין איין הערשענדע פּאַרטיי האָט איהם ניט געוואָלט אויפשרייבען אויף איהר פאָהן. מען האָט אין איהם געזעהן די גייסטיגע קווינט־עסענץ פון אַלע צושטערענדע מעכטען, און דעריבער האָבען זיינע אָנהענגער געמוזט קוקען אויף איהם, ווי אויף די גייסטיגע קווינט־עסענץ פון דער געזעלשאַפטליכער רעוואָלוציאָן. אַ פרייע וועלט, אַן אָפענע וועלט האָט ער אנט־פּלעקט פאַר דער מענשליכער ערקענטניס, און אַ פרייע וועלט, אַן אָפענע וועלט איז געשטאַנען פאַר דעם מענשליכען שאַ־פען און דער פערווירקליכונג פון זיינע שטרעבונגען. און סיי אין דעם וועלט־געשעהן, סיי אין דעם מענשליכען שאַפען האָט גע־הערשט ניט דער קאַפּריז פון אַ וועלכען עס איז „פרייען ווילען", נאָר דער נויטווענדיגער „מוז", דער אָביעקטיווער, אבסאָלוטער אמת פון דעם אייביגען וועלט־פּראָצעס.

נאָך קיין פילאָסאָפישער סיסטעם אין דער וועלט האָט ניט פאַנאַנדערגעעפענט אַזוינע ליכטיגע האָריזאָנטען פאַר דעם פאָר־שענדען גייסט און דעם קעמפפענדען רעוואָלוציאָנער, ווי דאָס האָט געטהאָן דער מאַטעריאַליזם, — אַזאַ גייסטיגען גן־עדן פאַר דעם דענקען און שאַפען.

און אָט פון דעם גן־עדן ווערט די דענקענדע מענשהייט איצ־טער פערטריעבען. פאַר וואָסערע „זינד"? פון וועלכען עץ־הדעת האָט זי ווידער פערזוכט, וואָס זי מוז איבער אַ נייעס פערלאָזען איהר רוה און פרייד?

אַ שלל פון אַרגומענטען צווינגען זי דאָס צו טהאָן ; אַנדערע שטאַנדפּונקטען, וואָס האָבען אפשר ניט געהאַט אין זיך דעם חן פון מאָניזם, נויטווענדיגקייט און קלאָרקייט, האָבען דאָך געצווינגען צו זיך דעם געדאַנק דורך דער שאַרפקייט פון זייער אַנאַליז און דערהויפּט דורך דעם טיעפערען אַריינדרינגען אין יענעם פּראָצעס, וואָס מען רופט אָן די מענשליכע ערפאַהרונג. סוף־כל־סוף ליעגט דאָך דער אמת פאַר דעם מענשען אין דער מענשליכער ערפאַהרונג, און אויף וויפיעל די ערפאַהרונג און דאָס דענקען, וואָס וויל איהר בלייבען טריי, האָבען זיך גענומען אַרויסרייסען פון דעם מאַטער־יאַליזם, אויף אַזוי פיעל האָט גענומען פערשווינדען זיין מאַכט און זיין וואָג איז דער פילאָסאָפיע.

מיר וועלען זיך אָבער דאָ ניט אָבגעבען מיט די נייע טעאָריען פון דעם ערפאַהרונגס־פּראָצעס, ווי אויך ניט מיט יענע וועלט־בילדער, וואָס זענען ארויסגעבראַכט געוואָרען פון אַנדערע, ניט־מאַטעריאַליסטישע סיסטעמען. דאָס וואָלט געהייסען קריטיקירען דעם מאַטעריאַליזם פ ו ן ד ר ו י ס ע ן. מיר ווילען אָבער דער־ווייזען זיין א י נ ו ו ע נ י ג ס ט ע שוואַכקייט. דעריבער מוזען מיר האָבען צו טהאָן מיט איהם אַליין, מיט די אויפגאַבען, וועלכע ער האָט זיך געשטעלט, און מיט די פערזיכערונגען, וועלכע ער מאַכט.

זיין צענטראַלע פערזיכערונג, — די ערקענטניס־טעאָרעטי־שע, — בעשטעהט אין זיין פעסטער געוויסהייט, אַז דער מעכאַניזם, די נויטווענדיגקייט און די מאַטעמאַטישע איינפאַכקייט און קלאָר־קייט זענען ניט נאָר א י ד ע א ל ע ן פון דעם מענשליכען שכל, — אידעאַלען, וועלכע איהם ווילט זיך אריינטראָגען אין די נאַ־טור, — נאָר אויך אָביעקטיווע, ווירקליכע יסודות פון דעם גאַנצען וועלט־געשעהען.

אָבער — אָ ב ע ר פ ו ן ו ו א נ ע ן ו ו י י ס ד אָ ס ד ע ר ש כ ל א ו י ף ג ע ו ו י ס ? א ו י ף ו ו אָ ס ב ו י ט ע ר ז י י ן ז י כ ע ר ק י י ט ?

אָט דאָס איז די הויפּט־פראַגע, וועלכע מיר מוזען איצטער אוועקשטעלען. אַ קלאָרען און בעפריעדיגענדען ענטפער אויף דער שאלה געפינען מיר ערגעץ ניט אין דער מאַטעריאַליסטישער ליטע־ראַטור. דער טיעפסטער מאַטעריאַליסטישער דענקער פון דעם ניינצעהנטען יאָהרהונדערט איז געוויס געוועזען קאַרל מאַרקס. זיין תלמיד ענגעלס האָט אונז אין דער פּאָלעמיק אנטקעגען דיוה־רינג'ען און אין דער אַרבייט וועגען פייערבאַך'ען איבערגעגעבען דעם תמצית פון זייער ביידענ'ס מאַטעריאַליסטישער אַרגומענ־טאַציע.

מחמת דריי טעמים בויען זיי אויף דער מאַכט פון דעם מענש־ליכען שכל. לאָמיר זיך צוהערען צו זיי:

די פילאָסאָפיע, דערקלעהרט אונז ענגעלס, איז אַ געשיכט־ליכער פּראָצעס, ניט קיין אייביגער, נאָר אַ צייטווייליגער. דער אַבסאָלוטער פילאָסאָפישער אמת איז די לעצטע ענטוויקעלונגס־

פאזע פון דער פילאסאפיע, ווען זי הערט אויף צו זיין א בעזונדערע צווייג פון דער מענשליכער קולטור און גיסט זיך צונויף מיט דער וויסענשאפט. אין דער ווירקליכער געשיכטע פון דעם מענשליכען געדאנק איז די לעצטע פאזע פון דער פילאסאפיע געווען דער מאטעריאליזם פון דעם 19טען יאהרהונדערט און די גאנצע נאטור־וויסענשאפט שטעהט אונטער זיין שליטה. ממילא איז דער מא־טעריאליזם דער אבסאלוטער פילאסאפישער אמת.

דער בעוויז, ווי מען זעהט, איז זעהר טיעף און אריגינעל. דער אמת ווערט דא ניט בעטראכט ווי עפעס, וואס שטימט איבער־איין מיט דער ווירקליכער וועלט. ער איז דאס, וואס מיר מענשען מוזען דענקען, ווי אן אבסאלוטען אמת, לויט די געזעצען פון דער געדאנקליכער ענטוויקעלונג. די צרה מיט דעם בעוויז איז אבער, וואס ער האט פערגעסען פריהער צו בעווייזען, אז די פילאסאפיע איז ניט קיין אייביגער צווייג אין דער גייסטיגער קולטור און אז דער מאטעריאליזם מוז זיין די לעצטע פאזע אין איהר ענטוויקע־לונג. די צייט האט דוקא בעוויזען דעם היפך פון דעם, וואס ענגעלס האט געזעהן אין דער גייסטיגער וועלט פון זיין דור. נאך א קליינעם שטילשטאנד אין זיין שאפען, האט זיך איצטער אומע־דום וויעדער אויפגעוועקט דער פילאסאפישער גייסט און האט אריבערגעשפרייזט דעם מאטעריאליזם. פון דער אנדערער זייט בעפרייט זיך די וויסענשאפט אלץ מעהר און מעהר פון איהם. אויב מיר זאלען זיך האלטען פאר דעם היסטארישען בעוויז, קאן מען איצטער גאנץ זיכער זאגען, אז דער מאטעריאליזם האט שוין אויפגעהערט צו זיין דער אבסאלוטער אמת אין דער פילאסאפיע.

אבער לאמיר לאזען די היסטארישע ארגומענטען אן א זייט! לאמיר בעסער זעהן, וועלכע ל א ג י ש ע ארגומענטען ענגעלס קאן אונז געבען פאר דעם מאטעריאליזם אדער פאר דער אבסא־לוטער מאכט פון דעם מענשליכען שכל.

דער צווייטער בעוויז איז אזא. היות ווי די גאנצע וועלט איז מאטעריע און דער מענשליכער מארך איז דאך אויך מאטעריע, איז דעריבער קיין חדוש ניט, נאר אדרבה נאטירליך, וואס די פראדוקטען פון מארך שטימען איין מיט די פראצעסען פון דער וועלט. אויך דער ארגומענט האלט זיך אויף היהנערשע פיסלעך.

מיט דעם זעלביגען רעכט קאָן זיך אויך דער אידעאַליזם בערופען אויף איהם, און אין דער אמת'ען האָט איהם צום ערשטען מאָל ארויסגעבראַכט הע ג ע ל, וואָס האָט איהם אויפגעבויט צוליעב זיין אידעאַליסטישען סיסטעם. היות, ארגומענטירט העגעל, ווי די גאַנצע וועלט איז שכל און דער מענשליכער שכל איז ניט מעהר ווי א טייל פון דעם וועלט־שכל איז יעמאָלט קיין חדוש ניט, נאָר אדרבה נאַטירליך, ווען אונזער מענשליכער שכל דערקענט דעם שכל אין דער וועלט. די ערקענטניס־טעאָרעטישע שוואַכקייט פון ענגעלס'עס בעוויז האָב איך שוין א מאָל פאַנאַנדערגעקליבען אין מיין דייטשער ארבייט: „די ווידערשפּרוכס־לאָגיק ביי העגעל און מאַרקס". *) אין קורצען קאָן איך דאָ נאָר זאָגען, אז מען קאָן אבסאָלוט ניט איינזעהן, פאַרוואָס איין שטיקעל פינסטערע מאַטעריע זאָל איבערהויפּט קאָנען אָבשפּיגלען אין זיך עפּעס, וואָס ליעגט דרויסען פון איהר, און נאָך וועניגער לעגט זיך אויפ'ן שכל, אַז א שטיקעל פינסטערע מאַטעריע, גערופען מאַרך, וואָס האַלט אין איין פאַנטאַזירען וועגען פאַרבען און קלאַנגען, אין איין חלום'ען אויפ'ן וואָהר, אַז גראָד זי זאָל אין דעם שכל ארויסברענגען דעם לעצטען קלאָרסטען אמת וועגען דער וועלט. אפשר שפּיגעלט זיך אָב די וועלט אין דעם שכל נאָך א סך „פערהויקערטער". איידער אין דעם זינליכען בעוואוסטזיין?

אויב דער „אמת" איז ניט מעהר ווי א פּראָדוקט פון דעם מענשליכען מאַרך, יעמאָלט קאָן ניט זיין קיין אבסאָלוטער אמת, ווייל ער מוז זיך ענדערן, לויט דער צונויפשטעלונג פון דעם „רעג־קענדען" שטאָף. א ביסעלע מעהר פאַנאַנדערגערוקט אָדער צו־נויפגערוקט די אטאָמען פון מאַרך, א ביסעל אַן אנדער בעוועגונג אין זיי — און דער שכל וועט אונז „מחייב־זיין" זאכען, וואָס זענען א פּשוט'ער אונזיין אין אונזערע איצטיגע אויגען.

זאָגט ניט: עס איז דאָ א נאָרמאַלער מאַרך און ניט קיין נאָרמאַלער, און דער אבסאָלוטער אמת ווערט ארויסגעבראַכט פון אזא שטאָף, וועמעס צונויפזעצונג און ווירקונג איז אבסאָלוט נאָר־

*) אין רוסיש אין א בעזונדער ביכעל: „מאַטעריאַליזם אי דיאַלעקטיטשעסקאַיאַ לאָגיקאַ". מאָסקוואַ, 1906.

מאָל : פאַר דער טויטער, שטומער, ניט עמפּפינדענדער און ניט טראַכטענדער וועלט איז יעדער שכל ניט „נאָרמאַל“, ווייל דער מאַרך איז איבערהויפּט אַ זעלטענע אויסנאַהם אין דער נאַטור. און פאַר דעם מאַרך אַליין, וואו ווערט איהר געפינען אַ מאָס כּדי אויסצומעסטען דעם גראַד פון זיין נאָרמאַלקייט, אויב ניט אין איהם גופא ? קאָן ער דען זיין דער שופט איבער זיין אייגענער נאַטור ? אויב מען וואָלט געפרעגט ביי אַ גלייכען שפּיגעל און אַ צילינדרישען, ווי איז נאָרמאַל אָבצושפּיגלען די וועלט, — אין גלייכע ליניעס אָדער אין קרומע, וואָלט יעדער שפּיגעל געפונען זיין אַרט אָבשפּיעגלען פאַר דאָס אבסאָלוט אמת׳ע און נאָרמאַלע. ווער קאַווירט אונז, אַז דער מאַרך איז ניט אַזאַ מין צילינדרישער שפּיגעל, אין וועלכען אַלץ, וואָס קוקט אריין, מוז ווערען פערהויקערט ?

אַ טייל מאַטעריאַליסטישע דענקער, וואָס ווילען מיט אַלע מיטלען רעטען די מאַטעריאַליסטישע ערקענטניס־טעאָריע און דעם נאַטור־פילאָסאָפישען מאַטעריאַליזם, כאַפּען זיך אָן, — ווי צ. ב. דער רוסישער מאַרקסיסט געאָרג פּליעכאַנאָוו, — פאַר ספּענסער׳ס אַגנאָסטישע ערקענטניס־טעאָריע און גיבען אויף אונזער שאלה אַזאַ מין ענטפער :

„לאָז זיין, אַז אונזער מאַרך איז טאַקע ווי אַ קרומער, צילינדרישער שפּיעגעל. אָבער אויך אַ צילינדרישער שפּיעגעל „פערהויקערט“ דאָך די גלייכע ליניען נאָך בעשטימטע געזעצען. פאַר וואָס זאָלען מיר ניט קאָנען אויסשטודירען די געזעצען פון דער פערהויקערונג און אויף אַזאַ׳ן אופן ווידער אויסגלייכען די קרומע ליניעס אין געדאַנק ? די רויטע פאַרב, ווי יעדע פאַרב און יעדע קוואַליטאַטיווע אייגענשאַפט איבערהויפּט, איז געוויס אַ פערהויקערונג, ניט מעהר ווי אַ פאָרשטעלונג אין אונז. זוכט דאָך טאַקע דער מאַטעריאַליזם אויסצוגלייכען זי אין זיין סיסטעם און פערוואַנדלען זי אין מעכאַנישע בעוועגונגען.

דער ביישפּיעל, וועלכען פּליעכאַנאָוו נעהמט אריבער פון ספּענסער׳ן, בכדי נאָך בעסער מסביר צו זיין דעם געדאַנק, איז אַזאַ :

„לאָמיר זיך פאָרשטעלען אַ צילינדער און אַ קוב. דער צילינדער איז דאָך סוביעקט“ — דער וואָס דערקענט, — „דער

קוב איז דער אָביעקט", — דאָס, וואָס דאַרף דערקענט ווערען, — „און דער שאָטען־בילד, וואָס ווערט געוואָרפען פון דעם קוב אויף דעם צילינדער רעפּרעזענטירט די פאָרשטעלונג. דער שאָטען־בילד, געוואָרפען פון דעם קוב, איז אין קיין זאַך ניט גלייך צו דעם קוב: די גלייכע ליניען פון דעם קוב קומען אַרויס אין דעם שאָטען־בילד אויסגעקרימט, פלאַטשיגע פלעכען ווערען רעפּרעזענטירט דורך געבויגענע. פון דעסטוועגען וועט יעדע פערענדערונג אין דעם קוב אַרויסרופען איהר אייגענע פערענדערונג אין דעם שאָטען. קיין זאַך שטערט אונז ניט אָנצונעהמען, אַז בנוגע צו דעם פאָר־גאַנג אין דער פאָרשטעלונג קומט אויך פאָר אַן עהנליכעס: די „ווירקונגען", וואָס ווערען אין דעם סוביעקט אַרויסגערופען דורך די טהעטיגקייט פון דעם אָביעקט, זענען דורכאויס פערשיידען סיי פון דעם אָביעקט, סיי פון דעם סוביעקט, אָבער פון דעסטוועגען מוז מיט יעדער פערענדערונג אין דעם אָביעקט פערענדערט ווערען זיין ווירקונג אויף דעם סוביעקט", און ממילא קאָן מען פון די דאָזיגע פערענדערטע ווירקונגען אויף אונזער ערקענטניס אַרויס־ברענגען דורך ערפאַהרונג און דענקען די טבע פון דעם אָביעקט. *)

איך וויל מיך דאָ ניט אָבשטעלען אויף דעם פאַקט, וואָס מאַרקס און ענגעלס וואָלטען בשום אופן ניט מסכים געווען מיט דעם נייעם ערקענטניס־טעאָרעטישען פּאַרוק, וועלכען פּליעכאַנאָוו וויל אָנטהאָן אויף דעם מאַטעריאַליסטישען, גלאַט געוואָרענעם קאָפּ. לאָמיר בעסער זעהן, אויף וויפיעל דער פּאַרוק קאָן איינגער מאַכען די כחות פון דעם מאַטעריאַליזם אַרויסצוברענגען דעם אַב־סאָלוטען אמת וועגען דעם תוך פון דער וועלט.

אין פּליעכאַנאָוו־ספּענסער'ס ביישפּיעל שפּיעלט זיך די זאַך אָב זעהר גלאַט, ווייל מיר זענען לכתחילה בעקאַנט מיט דער טבע פונ'ם „אָביעקט". מיר ווייסען: דאָס איז אַ קוב, מיט גלייכע ליניעס; און אַזוי ווי מיר קענען אויך דעם „סוביעקט", איז שוין יעמאָלט קיין קונץ ניט, אַרויסצוגעפינען זייער שיכות איינער צו דעם אַנדערן. וואו עס איז אין דעם „סוביעקט" אַ קרומע ליניע,

---

*) זעה זיין ארטיקעל: מאַטעריאַליזם אָדער קאַנטיאַניזם? די נייע צייט, 1908—1909, ז. 629—630.

איז ממילא אין דעם אָביעקט אַ גלייכע. אָבער אין דעם פּראָצעס פון דער דערקענטניס זענען די אומשטענדען גאַנץ אַנדערע. „געגעבען" איז אונז נאָר איין זאַך: די פּ ס י כ י ש ע פ אָ ר ש ט ע ל ו נ ג. דער מאַטעריאַליזם פ ע ר ז י כ ע ר ט אונז בלויז, אַז די פאָרשטעלונגען שטאַמען פון געוויסע אָביעקטען אין דער דרויסענדיגער וועלט. בענעמען זיי דירעקט קאָנען מיר בשום אופן ניט. מוז מען אָנקומען צו אַ מאַטעמאַטישער אויסרעכנונג, איז — קוקט זיך צו, ווי די מאַטעמאַטישע אויסרעכנונג קאָן אַן ערך אויסזעהן:

1). די גרינע פאַרב בעציהט זיך צו אַן אונבעקאַנטער זאַך, גלייך ווי די רויטע פאַרב צו אַן אַנדער אומבעקאַנטער זאַך; ממילא

2). בעציהט זיך די גרינע פאַרב צו דער רויטער פאַרב, גלייך ווי איין אומבעקאַנטע זאַך צו אַן אַנדער אומבעקאַנטער זאַך.

און אפילו, אַז איהר זאָלט אָנשטאָט פאַרבען נעהמען די היפּאָטעטישע עפיר־וואַלען, וועט איהר אויך מאַטעמאַטיש און ערקענטניס־טעאָרעטיש ניט כאַפּען קיין מציאה, ווייל די עפיר־טרייסלונגען זענען דאָך אויך פאָרשטעלונגען אין דעם סוביעקט. איהר וועט יעמאָלט האָבען:

1) איין צאָהל עפיר־טרייסלונגען בעציהט זיך צו איין אונבעקאַנטער זאַך, גלייך ווי אַן אַנדער צאָהל טרייסלונגען צו אַן אַנדער אומבעקאַנטער זאַך, אָדער

2) איין צאָהל טרייסלונגען בעציהט זיך צו אַן אַנדער צאָהל טרייסלונגען, גלייך ווי איין אומבעקאַנטע זאַך צו אַן אַנדער אומבעקאַנטער זאַך.

וויפיעל נייע גלייכונגען איהר זאָלט דאָ ניט אויפשטעלען, וועט איהר אַלץ מוזען אריינגעהמען אין זיי ווידער און ווידער נייע אומבעקאַנטע זאַכען. איהר וועט זיך דעריבער ארומדרעהען נאָר אין די פאָרשטעלונגען (דעם „סוביעקט") און צו די זאַכען (דעם „אָביעקט") וועט איהר קיין מאָל ניט קאָנען קומען.

און פון וואַנען קאָן מען נעהמען די זיכערקייט, אַז די „בילדער" בעציהען זיך, איינס צום אַנדערן, „גלייך ווי" די זאַכען. אפשר: „פונקט פערקעהרט ווי". דאָס אויג זעהט, אַז די ערד שטעהט און די זון געהט. דער שכל דענקט, אַז די „מאַטעריע"

איז דאָס ערשטע און דער „גייסט" — אַ פּראָדוקט פון דער מאַ־טעריע. אפשר איז די מעשה מיטביידע זאַכען „פונקט פערקעהרט ווי" דאָס אויג זעהט און דער שכל דענקט?

צווישען דעם „סוביעקט", דעם וואָס דערקענט, און דעם „אָביעקט", וואָס דאַרף דערקענט ווערען, הענגט, לויט דעם דאָזיגעןביישפּיעל, אַ דיקער־דיקער שלייער פון אונזערע פאָרשטעלונגען, פון די פּסיכישע פּראָצעסען, וואָס קומען אין אונז פאָר, און מען קאָן על פּי דער מאַטעריאַליסטישער טעאָריע ניט דורכרייסען דעם שלייער אין קיין איינציגען פונקט.

אין דער מענשליכער דערקענטניס זענען געגעבען געוואָרען נאָר די „שאָטענס פון דעם קוב אויף דעם צילינדער". זיי, די שאָטענס, קאָנען וויסען נאָר זיך אליין. פון אַ „קוב", אָדער אַ „צילינדער", קאָנען זיי גאָר נישט ניט וויסען. על כל פּנים האָבען זיי אַ רעכט צו מיינען, אַז זיי זענען ניט די אָבשפּיעגלונג פון אַ קוב אין אַ צילינדער, נאָר פונקט פערקעהרט: — די אָבשפּיעגע־לונג פון אַ צילינדער אין אַ צילינדער, — ווייל די „שאָטענס" בליי־בען דאָך דערביי דיזעלביגע. ספּענסער'ס ערקענטניס־טעאָריע פּאַסט טאַקע צו זיין אַ ג נ אָ ס ט י צ י ז ם, צו זיין לעהרע, אַז דעם אמת'ען תוך פון דער וועלט קאָנען מיר קיין מאָל ניט דערגעהן, — ווען אפילו ער בלייבט איהם ניט אַלע מאָל טריי. אָבער ווי אַזוי מען קאָן זיך איינשמועסען, אַז מען קאָן דורך איהר קומען צו דעם מאַטעריאַליזם, צו דעם אבסאָלוט זיכערען גלויבען, אַז די אומ־בעקאַנטע זאַכען זענען מאַטעריע און בעוועגונג, — דאָס איז פאַר מיר דער גרעסטער וואונדער.

פריהער מוז מען פון ערגעץ אַן אַנדער קוואַל וויסען אויף זיכער, אַז די וועלט איז נאָר מאַטעריע און בעוועגונג, אַז דער שכל איז אויך ניט מעהר ווי מאַטעריע, און אַז ער שפּיגעלט אָב ריכטיג די וועלט. און ערשט יעמאָלט קאָן מען מיינען, אַז עס איז קיין חדוש ניט, וואָס די מאַטעריע פונ'ם מאַרך שטימט אין איהר ערקענטניס אַזוי שעהן צונויף מיט די ווירקליכע פּראָצעסען פון דער וועלט. אָבער מעהר נישט ווי מ י י נ ע ן ! אין דער אמת'ען וואָלט אויך יעמאָלט די זאַך געבליעבען אַ חדוש נפלא, אַ ניט צו־דערקלעהרענדער וואונדער. עס איז אַ סך לאָגישער צו

זאָגען אַזוי : היות ווי די גאַנצע וועלט איז אַ טויטע, שטומע, פינ־סטערע מאַטעריע אָהן אַ ברעקעל פונק פון ערקענטניס, און היות ווי די מאַטעריע פון דעם מאַרך איז אויך בעצם אַזאַ טויטע שטיק שטאָף, איז דעריבער קיין וואונדער ניט, נאָר אדרבה, זעהר נאַטיר־ליך, וואָס די וועלט ווערט פון איהם אַזוי אומגעלומפערט פער־הויקערט, וואָס ער זעהט רוה דאָרטען, וואו עס איז בעוועגונג, בעוועגונג דאָרטען, וואו עס איז רוה, געזעצען דאָרטען, וואו עס הערשט אייביגע פרייהייט, און אורזאַכען דאָרטען, וואו עס זענען נאָר דאָ ציעלען, און מאַטעריע דאָרטען, וואו עס איז דאָ נאָר אַ פסיכישער פראָצעס. און אַזוי ווי דער מאַרך קאָן ניט פערריכטען זיינע אייגענע גרייזען, נאָר קאָן אויסטראַכטען פערשיידענע מעג־ליכקייטען, איז דעריבער זיין חוב, אין גאַנצען צו מאַכען אַ שווייג וועגען דעם תוך פון דער וועלט, אין וועלכען ער קאָן ניט אריינ־דרינגען...

איהר זעהט, וואוהין דער מאַטעריאַליזם פיהרט? צו סקעפּטיציזם און אַגנאָסטיציזם, צו אייביגע ספיקות אָדער אבסאָלוטען ניט־וויסען. לאָזט מיך דאָ, אגב אורחא, בעמערקען, אז די טבע פון דעם מאַטעריאַליזם אויסצולאָזען זיך מיט ספיקות, אָדער מיט זיכערן ניט־וויסען, קאָן מען אויפווייזען אויף יעדען פעלד פון דער מענשליכער גייסטיגער טעטיגקייט, וואו ער ווערט נאָר אָנגעווענדט. נעהמט דעם אַזוי אָנגערופענעם „ויסענשאַפטליכען סאָציאַליזם", וואו דער סאָציאַליזם ווערט דער־פאַר דערקלעהרט פאַר אונזער ענדציעל, ווייל ער ווערט כמור־מאַטעריאַליסטיש כמו־צוריקגעפיהרט צו אַ כמו־בעוועגונג, — דער „עקאָנאָמישער" בעוועגונג פון דער געזעלשאַפט. כל זמן עס איז בנוגע דעם „נאַטירליכען ענטוויקעלונגס־גאַנג פון דער געזעלשאַפט" ניט געווען קיין ספק, אז ער געהט נאָכ'ן שנירעלע, וועלכען מאַרקס האָט אויסגעפונען, איז דער סאָציאַליזם געווען דער ענד־ציעל פון אונזער טעטיגקייט. קוים אָבער איז דער גאַנג פון דער עקאָנאָ־מישער בעוועגונג פערטונקעלט געוואָרען, אַזוי האָט זיך אויך דער סאָציאַליזם איינגעוויקעלט אין פינסטערע וואָלקענס. אַ מאַסע רעוויזיאָניסטישע מאַרקסיסטען האָבען גענומען צווייפלען ניט נאָר אין דעם, צי דער סאָציאַליזם מוז „על פי נויטווענדיגקייט" מקוים

ווערען אין לעבען. דאס וואלט, אדרבה, גאר ניט געווען קיין ווינסענשאפטליכע עולה. ביי זיי האבען זיך בעוויזען ספיקות, צי זאל דער סאציאליזם בלייבען דער אידעאל, צו וועלכען מיר זאלען בעוואוסטערהייד שטרעבען. און אזוי ווי אן אנדערן זיכערן ענדציעל קאן מען פון דער טונקעלער עקאנאמישער בעוועגונג אויך ניט ארויסברענגען, זענען זיי געבליעבען סקעפטיקער אדער אגנאסטיקער פאר דעם סאציאליסטישען אידעאל.

נאך א בעוויז ברענגט ענגעלס, וואס דארף, נאך זיין מיינונג נאך, פערטרייבען אלע ספיקות אין דער מאכט פון דעם מענשליכען שכל. דורך דער פראקטיקע, ד. ה. דעם עקספעדימענט און דער אינדוסטריע, זענען מיר ביכולת אויפצובויען אן ערשיינונג אויף א קינסטליכען אופן פון איהרע נאטירליכע בעדינגונגען. דאס וואלט געווען בשום אופן אונמעגליך, ווען מיר וואלטען אין אונזערע פארשטעלונג און בעגריפען ניט געקאנט בעשאפען „א ריכטיגען שפיגעל־בילד פון דער ווירקליכקייט". *)

אויך דעם בעוויז האב איך שוין א מאל פאנאנדערגעקליבען אין דער ארבייט, וואס איך האב פריהער דערמאהנט. דא לאזט מיך נאר ברענגען דעם רעזולטאט. די פראקטיקע קאן אין בעסטען פאל בעווייזען, אז מיר קאנען דערקענען איינציגע צוימוועגדיגע שייכות'ען, וואס הערשען צווישען איינציגע אייגענשאפטען פון דער אזוי אנגערופענער קערפער־וועלט. אז מיר פלאנצען איין אן ארבעס אין דער ערד, ווייסען מיר אויף זיכער, אז דערפון וועט ארויסוואקסען אן ארבעס־פלאנץ. אויף אזא'ן אופן בויען מיר שוין איצטער „קינסטליך" אויף א „לעבעדיג וועזען" פון דער „טויטער" מאטעריע, וואס געפינט זיך ארום דעם ארבעס. הייסט דאס שוין, אז מיר ווייסען אלץ, וואס עס טהוט זיך אין יענער „טויטער" מאטעריע און ווי אזוי זי ווערט לעבעדיג אין דעם נע־וויקס? פרינציפיעל דאס אייגענע וועט אויך זיין, ווען מיר וועלען אין א פאר „טויטע" „וועסערלעך" ארייגשיטען א פאר „טויטע" „פולווערס" און דערפון וועט אויפזידען א לעבען. ווייסען מיר־דען, וואס עס קומט פאר אין דער מאטעריע בעת צווי נאזען

*) פר. ענגעלס, לודוויג פייערבאך (1888); ז. 17—19.

פעראייניגען זיך צו איין וועסערל? די כעמישע בעוועגונג איז פאַר אונז אַקוראַט אַזאַ סוד, ווי דאָס לעבען און ביידע — ניט מעהר וואונדער, איידער די מעכאַנישע בעוועגונג גופא, צו וועלכער דער מאַטעריאַליזם פיהרט צו אַלץ אין דער וועלט. קינסטליך בעשאַפען וואָס עס איז, הייסט אין בעסטען פאַל, אויסנוצען אייביגע געזעצען, אָבער דאָס הייסט נאָך ניט — פערשטעהן די נאַטור פון די דאָזיגע געזעצען. וואו איז די ראיה, אַז זיי זענען אַ פּראָדוקט פון אַ וועלכער עס איז טויטער, אונבעוואוסטער מאַטעריעלער בעוועגונג און ניט דער רעזולטאַט פון אַ וועלכען עס איז בעוואוסטזיניגען פסיכישען געשעהען? אַזאַ בעוויז קאָנען די אינדוסטריע און דער עקספּערימענט ניט ברענגען. דאָס שפּרייזט בכלל אריבער די גרענעצען פון דער וויסענשאַפט. דער שכל דאַרף דאָס בעווייזען. און דער שכל קאָן דאָס ניט בעווייזען. דאָס ווערט איהם אַבסאָלוט אונמעגליך אויף דעם באָדען פון דער מאַטעריאַליסטישער פילאָסאָפיע. אויב ער איז ניט מעהר ווי אַ פּראָדוקט פון דער „טויטער" מאַטעריע, מוז ער פערליערען דעם גאַנצען צוטרוי צו זיך אַליין.

אַנשטאָט צו געבען אונז אַ שליסעל אין די הענד, וואָס זאָל אונז עפענען אַלע טויערען פון דער נאַטור און אַנטפּלעקען דעם אַבסאָלוטען אמת, האָט דער מאַטעריאַליזם, — לאָזט זיך אויס, — פערברענט אַלע בריקען, וואָס קאָנען פיהרען צו אַ זיכערער ערקענטניס. ווייניגער ווי יעדער אַנדער פילאָסאָפישער סיסטעם האָט ער אַ רעכט צו פאָדערן דעם טיטעל : „דער אַבסאָלוטער אמת". ה ע כ ס ט ע נ ס, וואָס ער קאָן פערלאַנגען, איז, מען זאָל דערלויבען איהם צו פיהרען דעם נאָמען פון אַן ערנסטער פילאָסאָפישער היפּאָטעזע. אָבער אויך ד י דערלויבניס קאָן מען איהם ניט געבען אַזוי לייכט.

וואָס זענען זיינע פ י ל אָ ס אָ פ י ש ע מעלות?

מיר האָבען שוין פריהער דערמאָהנט : דער מ אָ נ י ז ם, — די דערקלעהרונג פון דער גאַנצער וועלט דורך איין־אייגציגען פּרינציפּ, — און די נ ו י ט וו ע נ ד י ג ק י י ט, — דאָס קלאָר־מאַכען פון יעדער זאַך אַזוי, אַז מען זעהט זי דורך ביז צום גרונד

און מען פערשטעהט דורך־און־דורך, פאר וואָס זי קאָן ניט זיין אנדערש, איידער זי איז.

דער אידעאַל פון אַ פילאָסאָפישען סיסטעם וואָלט אין דעם מאַטעריאַליזם ווירקליך מקוים געוואָרען, ווען איהם וואָלט זיך איינגעגעבען צוריקצופיהרען אַלץ צו דער מ א ט ע ר י ע, צו יענעם פערבאָרגענעם עפּעס, וואָס האָט ניט קיין אַנדערע אייגענשאַפטען, אַ חוץ אויסגעשפרייטקייט, אונדורכדרינגליכקייט און בעוועגליכקייט. אין דער אמת׳ען אָבער האָט זיך דעם מאַטעריאַליזם ניט איינגעגעבען און איהם קאָן זיך ניט איינגעבען אפילו אין געדאַנקען צו פערוואַנדלען אַלץ אין דער וועלט אין אַטאָמען און בעוועגונג.

שוין די ערשטע הנחה זיינע, אַז ס׳איז דאָ אַן אונענדליכער רוים, רייסט דורך דעם מאַטעריאַליסטישען מאָניזם. איז דען דער רוים מאַטעריע און קאָן דער רוים צוריקגעפיהרט ווערען אויף מאַטעריע? לגמרי ניט! אבסאָלוטע לעדיגקייט איז אַ געדאַנק, וואָס שליעסט אויס פון זיך יערע מאַטעריעלע ממשות. און פון דעסטוועגען מוז דער מאַטעריאַליזם צוגעבען, אַז עס איז דאָ אין דער וועלט אַזאַ אבסאָלוטע לעדיגקייט און ער ווייס גאַנץ גוט, אַז אָהן איהר וואָלטען לחלוטין געוועז אונמעגליך ניט די מאַטעריע און ניט די בעוועגונג.

אבסאָלוטע לעדיגקייט איז אַ גאָר נישט, און דער זעלביגער מאַטעריאַליזם, וואָס בויט אַלץ אויף דעם כלל, אַז פון „גאָר נישט קאָן גאָר נישט אַרויסקומען“, מוז צוגעבען די עקזיסטענץ פון אַן אונענדליכען „גאָרנישט“. איך האָב אויף איהם קיין פּאַראיבעל ניט דערפאַר. די עקזיסטענץ פון אַן אונענדליכען, אויסגעשפּרייטען „גאָרנישט“ איז אַ נויטווענדיגע פאָרשטעלונג אין אונז. מיר קאָנען אָבער יע פאַראיבעל האָבען אויף דעם מאַטעריאַליזם, ווען ער מיינט, אַז דאָס איז קיין ברעקעל סתירה ניט צו זיין סיסטעם. ער קאָן זיך דאָ ניט אויסדרעהען פון זעהר אַ שווערען ממה נפשך: אויב אַן אויסגעשפּרייטער גאָר נישט קאָן עקזיסטירען פון זיך אַליין, איז יעמאָלט האָבען מיר אַ פאַל, וואו עפּעס עקזיסטירט, וואָס קאָן בשום אופן ניט זיין קיין מאַטעריע. אָדער: די אונענדליכע אויסגעשפּרייטקייט קאָן ניט עקזיסטירען פון זיך אַליין,

איז יעמאלט קיין אנדערע ברירה ניטא, סיידען אנצונעהמען, אז זי עקזיסטירט ווי א פארשטעלונג אין א וועלכען עס איז פסיכישען געשעהען. אז דער בוים קאן עקזיסטירען ווי א גייסטיגע פאר־שטעלונג, דאס ווייסען מיר, סיי פון דער ערפאהרונג, סיי פון דער מאטעריאליסטישער ערקענטניס־טהעאריע. דער רוים, וואס מיר זעהען אין חלום, די אונצעהליגע מיילען אויסגעשפרייטקייט, וואס מיר האבען יעמאלט פאר אונז, זענען גאנץ בעשטימט ניט רעאל, נאר אידעעל, גאנץ בעשטימט ניט דרויסען פון אונזער אויג, נאר אינוועניג אין איהם. און : און אלץ איינס, צי איהר וועט אנ־נעהמען, אז דער טרוים איז א פראדוקט פון א גייסט, אדער אז ער ווערט ארויסגעבראכט פון א מארך־סובסטאנץ, — אין ביידע פעלען איז דער געטרוימטער רוים א זאך, וואס פערנעהמט ניט קיין ברעקעל פלאץ אין דעם אזוי אנגערופענעם ווירקליכען אדער רעאלען רוים. אויך די טיעפענים, וואס מיר זעהען אין א שפיגעל, איז אזא פסיכישער אידעאלער רוים און אונזערע פינגער קאנען אונז דורך ערפאהרונג פערזיכערן אין דעם. אבער אויך יענער רוים, וועלכען מיר זעהען אויפ'ן וואהר, איז לויט דער מאטעריאליסטישער היפאטעזע גופא, ניט דער ווירקליכער רעאלער רוים פון דער וועלט, נאר אן א י ד ע ע ל ע ר, א פסיכישער, וואס ווערט בעשאפען אין דעם זינליכען בעוואוסטזיין. אן אידעעלע, פסיכישע פארשטעלונג פון לעדיגקייט איז פערשטענדליך און האט אין זיך קיין ברעקעל ווידערשפרוך ניט, ווי אויך דער געדאנק וועגען א „גארנישט" איז ניט קיין ווידערשפרוך אין זיך. יעדער איז די רעאלע עקזיסטענץ פון א לעדיגען גארנישט אבסאלוט ניט פערשטענדליך און איז א פשוט'ער ווידערשפרוך. על כל פנים, לאזט זיך דער רוים בשום אופן ניט אריינקוועטשען אין דער מא־טעריאליסטישער סכעמע.

מיר לאזען דא אין גאנצען ארום די פראגע, אויף וויפיעל די בעוועגונג קאן צוריקגעפיהרט ווערען צו דער מאטעריע ; און אויף וויפיעל דאס קאן געטהאן ווערען דורך דער פשוט'ער פער־זיכערונג, אז די בעוועגונג איז ד״ר איינציגער צושטאנד, אין וועלכען דער אטאם קאן זיך געפינען ; אז זי איז אזוי צו זאגען ניט מעהר ווי אן א ט ר י ב ו ט, א סמן מובהק פון דעם אטאם גופא.

איך וויל זיך אויף דעם פּונקט פון דער בעוועגונג ניט אָבשטעלען, ווייל די שווירינקייטען פון דעם בעוועגונג־פּראָבלעם זענען אַזוי פיעל און אַזוי פערפּלאָנטערט, אַז דאָס וועט ביי אונז אָוועקנעהמען צו פיעל צייט. מיר וואָלטען שוין גענויט נעהמען זיך די צייט, ווען פון יענע שווירינקייטען וואָלט נאָר דער מאַטעריאַליזם אַליין געהאַט אַזוינע צרות. אין דער אמת'ען אָבער איז נאָך קיין פילאָסאָפישער סיסטעם ניט פאַרטיג געוואָרען ווי דער סדר איז מיט דעם פּראָבלעם און עס איז פאַרהאַן מענשען וואָס גלויבען, ווי צ. ב. די אַגנאָסטיקער, אַז מיט דער שאלה, ווי אַזוי וואָס עס איז קאָן זיך בעוועגען, און מיט די פערשיידענע ווידערשפּרוכען וואָס וואַקסען אויס, ווי נאָר מען טראַכט זיך אריין אין דער מעג־ליכקייט פון בעוועגונג, — אַז מיט דעם וועט די מענשליכע פילאָ־סאָפיע קיין מאָל ניט פאַרטיג ווערען. עס וואָלט געווען אונגע־רעכט ארויפצושטעלען די אַלע שווירינקייטען נאָר אויף דעם חשבון פון דעם מאַטעריאַליזם, ווען אפילו מיר וועלען שפּעטער צושטעלען איהם אַ קליינעם „פּראָטעסטירטען וועקסעל" זיינעם אויך אין דעם פּונקט.

איצטער איז פאַר אונז וויכטיג צו זעהן, צי איז ער פאַרטיג געוואָרען מיט דער הויפּט־אויפגאַבע זיינער, מיט דער צוריק־פיהרונג פון אַלע פּסיכישע ערשיינונגען צו ריין־מאַטעריעלע פּראָצעסען.

לאָמיר זיך ווידער דערמאָהנען אָן דעם פּראָצעס פון דעם זינליכען בעוואוסטזיין, פון זעהן פאַרבען, הערען קלאַנגען, פיהלען אַ טעם. מיר זעהען מיט די אויגען די האַלבע מייל גרינעם באַרג. מיט וואָס איז די גרינע פאַרב אַ מאַטעריעלער פּראָצעס און וואו איז דער מאַטעריעלער פּראָצעס — גרין? מיר האָבען פריהער פאַר אַלץ די וואַלען־בעוועגונג פון דעם וועלט־עפיר, וואָס שלאָגען זיך אָן אין דאָס אויג. אפּולע מיינען, אַז די גרינע פאַרב זענען אָט די וואַלען־בעוועגונג, ווייל מען קאָן בעווייזען מיט אינסטרו־מענטען, אַז אַ געוויסע צאָהל עפיר־טרייסלונגען אין אַ סעקונדע און אַ געוויסע אַרט וואַלען־בעוועגונג זיינע ברענגט ארויס אַ גרינע פאַרב. אָבער עס איז קלאָר, אַז ניט די מאַטעריעלע עפיר־טריים־לונגען האָט דער מאַטעריאַליזם אין זין, בעת ער פערזיכערט, אַז

די עמפּפינדונג פון דער גרינער פאַרב איז אַ מאַטעריעלע בעווע־גונג, ווייל די עפיר־טרייסלונגען זענען בעצם פינסטער און האָבען אין זיך קיין ברעקעל פאַרב ניט, און ווען אפילו זיי וואָלטען דאָס געהאַט, וואָלט די פאַרב געבליעבען דרויסען פון אויג. דאָס איי־גענע איז אויך מיט די כעמישע בעוועגונג אין דער זעה־סובסטאַנץ און מיט די נעירישע בעוועגונגען אין די זעה־פעדימער, ווייל אין זיי ווערט נאָך ניט געבאָרען די עמפּפינדונג פון גרין. זי וואַקסט אויס פּלוצלונג אין מאַרך. און גאָר די מאַרך־בעוועגונגען מיינט דער מאַטעריאַליזם, בעת ער זאָגט, אז זיי זענען די גרינע פאַרב. אָבער מיט וואָס פאַר אַ רעכט טהוט ער דאָס? לאָז זיין, אז אַ געוויסע פאַרב ווערט געבוירען נאָר יעמאָלט, ווען אַ סכום פון אטאָמען אין דעם מאַרך־שטאָף בעוועגען זיך אויף אַ בעשטימטען אופן. בעוויעזען איז דאָס קיין מאָל ניט געוואָרען און עס איז אויך זעהר שווער צו דענקען, אז דאָס זאָל ווען עס איז בעוויעזען ווערען. אָבער, לאָז זיין, אז ס'איז אזוי. מיר פרעגען אָבער: מיט וואָס איז אַ סכום פון טאַנצענדע אטאָמען — אַ האַלבע מייל גרינע פאַרב? פערגלייכט קלאָר און פּינקטליך די צוויי פאַרשטע־לונגען אין אייער געדאַנק. פון איין זייט האָט איהר אַ קאַראַהאָד פון קייקעלעך, וואָס דרעהען זיך ווי אַ ווירבעל־ווינד. פערגרע־סערט זיי אין אייער געדאַנק, — ווי דאָס האָט אונז אַן עצה געגעבען לייבניץ, — אזוי, אז איהר זאָלט קאָנען אריינגעהן אינ־ווייניג אין דעם קאַראַהאָד. פאַרשט דורך אטאָם פאַר אטאָם; שטודירט גענוי דורך די פערדרעהטע ליניען, וועלכע זיי בעשרייבען אין דעם לעדיגען רוים; ערגעץ איז דאָרטען ניטאָ קיין שמץ פון גרינע פאַרב און ערגעץ איז דאָרטען ניטאָ קיין פ אָ ר ש ט ע ל ו נ ג פ ו ן ר ו י ם. די פאָר קובישע דעצימעטער, וואָס דער רוים פון די טאַנצענדע אטאָמען פערנעהמט איז לגמרי פערשיידען פון יענעם האַלבען מייל גרינעם רוים, וואָס ווערט געבאָרען, בעת די אטאָמען טאַנצען. און דאָס איינענע איז, ווען אין דעם זינליכען בעוואוסטזיין ווערט געבוירען אַ טעם פון זיס, אָדער אַ נחת פון ליעבע, אָדער אַ שמערץ פון הונגער. מיט קיין מיקראָסקאָפּ אין דער וועלט קאָנט איהר דאָרטען, אין די טאַנצענדע אטאָמען ניט בעמערקען ניט איין שמץ פון אַ וועלכער עס איז פּסיכישער עמ־

פּפינדונג, ניט קיין שמין פון „זיס" אָדער „נחת", אָדער „שמערץ", אָדער „הונגער", אָדער „ליעבע". און פון דעסטוועגען זענען די דאָזיגע עמפּפינדונגען — פּאַקטען, אַ סך רעאַלערע פּאַקטען, — ווייל מיר האָבען זיי אין אונזער טאָג־טעגליכען בעוואוסטזיין, — איידער די גאַנצע טעאָריע פון די אַטאָמען און זייערע טענץ, וועלכע קיין מענש האָט ניט געזעהן. איהר קאָנט די פּסיכישע פּאַקטען בשום אופן ניט אָבלייקענען; זאָגען אָבער, אַז דער נחת פון ליעבע, אָדער דער זיסער טעם א י ז, לאָמיר זאָגען, אַ קרייז־בעוועגונג פון אַטאָמען, איז אַקוראַט אַזוי ווי גלויבען אַז צוויי מאָל צוויי איז אַ שטרויענער דאַך. צווישען דעם מאַטעריעלען „שטרויענעם דאַך" פון איין זייט און דעם געדאַנק: „צוויי־מאָל־צוויי" פון דער אַנדערער, איז ניטאָ קיין ברעקעל לאָגישע שייכות.

דאָס איינציגע, וואָס איהר קאָנט אפשר זאָגען, איז, אַז ביי יעדען אַקט פון דעם פּסיכישען בעוואוסטזיין שפּיעלט זיך אָב אַ גאַנץ בעזונדער „טאַנץ" פון די אַטאָמען, אַז זייביידע זענען אויף אַ געהיימניספּולען אופן אויף אייביג פערבונדען איינע מיט די אַנדערע. אָבער דאָס הייסט דאַך ניט, אַז זיי זענען איין־און־דיזעלביגע זאַך.

אויף פּסיכישע עלעמענטען איז ניט שייך צו זאָגען קיין זאַך, וואָס מיר קאָנען זאָגען אויף מאַטעריעלע. דער טעם פון זיס פער־נעהמט ניט קיין פּלאַץ אין דעם לעדיגען וועלטען־רוים, ער קאָן ניט האָבען קיין לענג און קיין ברייט און קיין טיעף. און ווען אפילו די גאַנצע וועלט האָט צרות אויפ'ן פּוד, קאָן מען פון איהר ניט צונויפזאַמלען קיין איין מיליאָנטעל גראַן „וועלט־שמערץ", ווייל וועלט־שמערץ איז אַ ג ע פ י ה ל, אַ פּסיכישער געשעהען, און אַ פּסיכישער געשעהען האָט קיין ברעקעל סמן ניט אין זיך, וואָס זאָל איהם אין אַ וועלבען עס איז פּונקט גלייך מאַכען מיט אַ מאַטעריעלען אַטאָם, אָדער מיט אַ רוימליכער בעוועגונג. פון אַ מאַ־טעריעלען פּראָצעס קאָן מען בשום אופן ניט אריבערשפּרינגען אויף אַ פּסיכישען געשעהען, פון אַן אַטאָמען־טאַנץ אויף אַן עמפּפינדונג. דער דואַליזם פון מאַטעריע און עמפּפינדונג בלייבט בעשטעהן און שטאַרצט אַרויס אין דער מאַטעריאַליסטישער פילאָסאָפיע נאָך שאַרפער, איידער ערגעץ וואו אַנדערש. שוין לייכטער איז דורכ־

צופיהרען דעם מאַניזם אויף דעם אידעאַליסטישען וועג. מיר זעהען קערפּער אין רוימליכע בעוועגונגען, מיר זעהען זיי אין שפּיגעל, אין חלום און אויפ'ן וואָהר, ד. ה. אין דעם זינליכען בעוואוסטזיין. זיי אַלע זענען בלי ספק ניט רעאַל, נאָר אידעעל, ניט מאַטעריעל, נאָר פּסיכיש. דאָס מוז צוגעבען אויך דער מאַ־טעריאַליסט. עס בלייבט נאָר ביי איהם דער ג ל ו י ב ע ן, אַז ערגעץ וואו דרויסען פון דעם זינליכען בעוואוסטזיין איז דאָ אַ מאַטעריע, וואָס איז דער אויבער־האַרר איבער אַלע פּסיכישע פּראָ־צעסען. וואַרפט מען אָבער אַראָב דעם דאָזיגען גלויבען, ב ל י י ב ט ד י ו ו ע ל ט ו ו י ז י א י ז ג ע ו ו ע ן, ווי מיר האָבען זי אין אונזער בעוואוסטזיין, — אַ גרויסער, אונענדליכער פּראָצעס. אַז דער פּראָצעס איז אַ פּסיכישער, אָדער אַן אידעעלער, ווי דער אידעאַליזם וויל, — פּערוויקעלט איהם ניט אין קיין ווידערשפּרוך. אדרבה! עס שטימט זעהר גוט מיט די פאַקטען פון דעם בעוואוסט־זיין, ווייל אַלץ, וואָס מיר ווייסען פון דער וועלט, יעדער אַקט פון וויסען, איז פון פּסיכאָלאָגישער נאַטור, און דאָס וואָס איז ניט פּסיכיש, קאָן זיך ניט געפינען אין בעוואוסטזיין. דער אידעאַליזם קאָן דעריבער אויסקומען אָהן דער מאַטעריע. ער האָט נאָר איין פּרינציפּ: דאָס פּסיכישע געשעהען. דער מאַטעריאַליסט קאָן אָבער ניט אויסקומען מיט זיין מאַטעריע אַליין, אָהן דעם פּסיכישען געשעהען, אָהן דעם פאַקט פון בעוואוסטזיין, ווייל דאָס איז אַ פאַקט, וואָס יעדער איינער לעבט דורך אין זיך. אַראָבוואַרפען איהם פון חשבון טאָר ער ניט, און אַרויפשטעלען איהם אויף דעם חשבון פון דער מאַטעריע קאָן ער ניט און ממילא מוז ער בלייבען ד ו אַ ל י ס ט י ש. זיין מאַניזם געהט באַנקראָט.

ניט פיעל גליקליכער איז דער מאַטעריאַליזם מיט דעם פּרינציפּ פון נויטווענדיגקייט.

שוין ביי דעם ערשטען שריט זיינעם קאָן ער אונז ניט דער־קלעהרען, פאַר וואָס די וועלט מוז על פּי נויטווענדיגקייט בעשטעהן פון רוים, מאַטעריע און בעוועגונג און נאָר פון זיי, און פאַר וואָס דאָס קאָן ניט זיין אַנדערש, בעת די אידעאַליסטישע אויסטייטשונג פון דער וועלט ליעגט דאָך אַזוי נאָהענט. די דערקלעהרונג פון דער וועלט'ס נויטווענדיגקייט בלייבט אַ חוב. און לאָזט מען דעם

מאַטעריאַליזם בעצאָהלען דעם חוב אין איינצעלנע ראַטעס, דורך דער דערקלעהרונג פון דער נויטווענדיגקייט אין די איינצעלנע זאַכען און פּאַסירונגען פון דער וועלט, קומט מען ערשט ניט אויפ'ן קין.

פאַר וואָס מוזען איבערהויפּט זיין געזעצען פאַר דער בעווע־גונג? פאַר וואָס זאָל זיין ריכטיג דער זאַץ, אַז פון גאָר נישט קאָן גאָר נישט אַרויסקומען? פאַר וואָס זאָלען אַטאָמען ניט קאָנען ווערען „גאָר נישט“? איז דען דאָס אַ גרעסערער וואונדער איידער די עקזיסטענץ פון אַן אויסגעשפּרייטען „גאָרנישט“, דעם אונ־ענדליכען לעדיגען רוים?

פאַר וואָס זאָל זיך דער אַטאָם מוזען בעוועגען אייביג? פאַר וואָס זאָל זיין בעוועגונג ניט קאָנען ווערען אַלץ קלענער און קלענער, ביז זי זאָל אין גאַנצען פערשווינדען און איבערגעהן אין רוה?

פאַר וואָס מוז די בעוועגונג זיך אָבשפּיעלען אין די פאָרמען, אין וועלכע זי שפּיעלט זיך אָב? פאַר וואָס מוז אַרויסקומען פון זיי אַ צוציהונגס־קראַפט צווישען אַטאָמען? מיר קאָנען זיך גאַנץ גוט פאָרשטעלען, אַז אַנשטאָט אַ צוציהונגס־קראַפט זאָל אומעטום הערשען אַן אָבשטויסונגס־קראַפט, און יעמאָלט וואָלט דער סכום וועלט־אַטאָמען זיך פאַנאַנדערגעטראָגען אין דעם אונענדליכען רוים. יעדער אַטאָם וואָלט אַזוי געפלויגען און געפלויגען עד סוף כל הדורות. זונען, שטערען און לבנות וואָלטען יעמאָלט געווען אונ־מעגליך. אין דעם פאַקט פון דער בעוועגונג און דער מאַטעריע קאָנען מיר זייער נויטווענדיגקייט ניט איינזעהן. ממילא פער־דאַנקען זיי זייער עקזיסטענץ אַ פּשוט'ען צ ו פ אַ ל.

פאַר וואָס „האָט זיך עס געמאַכט“, אַז ביי אַ „געוויסער אַרט בעוועגונג“ זאָל פּלוצלונג אַרויסשפּרינגען לעבען? פאַר וואָס „האָט זיך עס געמאַכט“, אַז ביי אַ געוויסער אַנדער אַרט זאָל אַרויס־שפּרינגען אַזאַ מין משונה'דיגע זאַך ווי עמפּפינדונג, בעוואוסטזיין און געדאַנק, וואָס לאָזט זיך אין קיין אַטאָם ניט אַריינשטופּען? ווי אַזוי קאָן עפּעס (די עמפּפינדונג) אַרויסשפּריגגען ביי אַ גרופּע פון אַטאָמען, בעת קיין איין איינציגער פון זיי פאַר זיך קאָן ניט האָבען קיין עמפּפינדונג אין זיך?

דער מאַטעריאַליזם מוז אויף אַלע די שאלות ענטפערן, ווי

יענער איד, וואָס האָט זיך געלאָזט אויפרופען צו דער תורה, ווי א כהן, ווי א לוי און ווי א ישראל. „ווי אזוי איז דאָס מעגליך ?“ האָט מען ביי איהם געפרעגט. „אָט זעהט איהר דאָך !“ — האָט ער געענטפערט. אָבער אונזער איד האָט דאָך, במחילה, געליגט און דער מאַטעריאַליזם קאָן זיך ניט בעגנוגענעם מיט דעם תירוץ, אפילו ווען דאָס וואָלט געוועזן אמת, וואָס ער דערצעהלט, ווייל ער האָט זיך אונטערגענומען צו ד ע ר ק ל ע ה ר ע ן די וועלט, צו בעווייזען די אבסאָלוטע נויטווענדיגקייט פון אלע פראָצעסען, וואָס קומען אין איהר פאָר.

אַנשטאָט צו געבען מאָניזם האָט ער נאָך שאַרפער געמאַכט דעם דואַליזם פון „פיזיש“ און „פסיכיש“ ; אַנשטאָט „נויטווענדיג“ האָט ער נאָך בולט'ער געמאַכט דעם צ ו פ א ל. ס'איז א צופאַל, וואָס ס'איז דאָ א מאַטעריעלע וועלט, א צופאַל, וואָס עס זענען דאָ געזעצען אין איהר, וואָס עס זענען דאָ זונען און שטערען און לבנות, וואָס עס איז דאָ לעבען אויף דער וועלט, וואָס ערגעץ־וואו אין איהר דענקט זיך, און פיהלט זיך, און בענקט זיך.

וואָלט נאָך דער מאַטעריאַליזם, ווי דער סדר איז, פאַרטיג געוואָרען מיט דער דערקלעהרונג פון די איינצעל־ערשיינונגען אין דער נאַטור, וואָלט מען איהם געלאָזט רוהען לכל הפחות אין דער וויסענשאַפט. „א שלעכטער פילאָסאָף אָבער אַן אויסגעצייכענטער וויסענשאַפטליכער פאָרשער, דער עיקר אויף דעם געביעט פון דער ניט לעבעדיגער וועלט“, — אזא'ן אַטעסטאַט האָט איהם נאָך פרידריך אַלבערט לאַנגע ארויסגעטראָגען אין די זעכציגער און זיעבעציגער יאָהרען ! מען וואָלט זיך געוועהנט צו דעם געדאַנק, אַז אַקוראַט ווי מיר מוזען אין דעם טאָג־טעגליכען לעבען ז ע ה ן די זון — די גרוים ווי א טעלער און ז ע ה ן, ווי זי בעוועגט זיך איבער'ן הימעל, בעת אין דער אמת'ען בעוועגט זיך נאָר די ערד, — אַקוראַט אזוי וואָלטען מיר מוזען ד ע נ ק ע ן וועגען קערפּער־וועלט, אַז זי בעשטעהט נאָר פון אַטאָמען און מעכאַנישע בעוועגונג. ו ו י ס ע ן אָבער וואָלט מיר געוואוסט איןביידע פעלען, אַז דאָס איז ניט מעהר ווי א דמיון, ווען אפילו א נויטווענדיגער דמיון פון די חושים אין דעם טאָג־טעגליכען לעבען, א נויטווענ־דיגער דמיון פון דעם שכל און דער פיזיקאַלישער ערקענטניס.

קאָן מען אָבער דעם מאַטעריאַליזם אויך אין דער וויסענשאַפט נים לאָזען בלייבען אויף דעם פריהערדיגען פּלאַץ.

הערט זיך צו צו דעם פּער'צער'טען זיפץ, וואָס רייסט זיך ארויס פון א וויליאם טהאָמסאָן, דעם זעלביגען טהאָמסאָן, וואָס האָט געהאָפט, אַז פאַר אַלע ערשיינונגען אין דער פיזיק וועט מען ווען עס איז קאָנען אויפבויען א מעכאַנישען מאָדעל.

„איך מוז מיט עגמת נפש צוגעבען", שרייבט ער, „אַז אַלע איינענשאַפטען פון דער מאַטעריע קאָן מען ניט ערקלעהרען בלויז מיט דער טהעאָריע פון ווירבלענדע אַטאָמען — דאָס הייסט נאָר דורך דער בעוועגונג פון א ניט צונויפדריקבאַרער פליסיגקייט" — ער מיינט דאָ יענעם פינסטערען טויטען „ים", מיט וועמען מיר האָבען געהאַט אַזוי פיעל צו טהאָן. „די היפּאָטעזע", זאָגט ער ווייטער, — בעמערקט, אגב, אַז טהאָמסאָן איז אַן עהרליכער פאָרשער, וואָס ווייס, אַז די מעכאַנישע בעוועגונג איז ניט קיין אַבסאָלוטער אמת, נאָר ניט מעהר ווי א וויסענשאַפטליכע היפּאָטעזע, — „די היפּאָטעזע האָט זיך ארויסגעשטעלט נוצלאָז ביי דעם אויספאָרשען פון דער פראַגע, ווי אַזוי די קריסטאַלען ווערען געבויט, אָדער אויך ביי די עלעקטרישע פּראָבלעמען, כעמישע קרעפטען און די צוציהונגס־קרעפטען". אין דעם אַטאָם גלויבט נאָך טהאָמסאָן. ער האָפט, עס וועט זיין א צייט, ווען מען וועט בעסער פערשטעהן די טבע פון דעם אַטאָם. אָבער „מיט גרויס בעדויערען", הייסט עס ווייטער, „זאָג איך מיך אָב פון דעם געדאַנק, אַז דערצו איז גענוג נאָר א געוויסע פאָרם פון בעוועגונג".

איך וויל נאָך דאָ דערמאָנען, אַז ביי געוויסע פיזיקאַלישע פּראָצעסען האָט זיך לויט מאַטעמאַטישער אויסרעכענונג ארויסגעשטעלט, אַז די מאַטעריעלע מאַסע ווערט דערביי פערוואַנדעלט אין ריינע בעוועגונג, — א פאַקט, וואָס שטעלט אוועק אין געפאַהר דעם מאַטעריאַליסטישען פּרינציפּ פון שטאָף־ערהאַלטונג. ווי איהר קאָנט לייענען וועגען דעם גענויער אין דעם אינטערעסאַנטען אַרטיקעל פון דר. א. הימאָוויטש: „א שטאַנדפּונקט ווי צו בעטראַכטען די נאַטור־געזעצען"*).

*) זעה „דאָס נייע לעבען", דריטער באַנד (1911), ז. 128.

מוז, הייסט עס, דער אטאָם, דער אייביגער און אונפערטיליג־
בארער זיך אין גאַנצען לאָזען אוועק׳חשבונ׳ען פון דער וועלט !

היינט, אז אין די פיזיקאַלישע וויסענשאפטען קאָנען פאסירען
אזעלכע אונגליקען מיט דעם מאטעריאַליזם, מעגט איהר שוין פער־
שטעהן, ווי למשל ער האלט אין דער ביאָלאָגיע, אין די וויסענשאפ־
טען, וואָס בעשעפטיגען זיך מיט דעם פראָבלעם פון לעבען.

אויף דעם ענין מוזען מיר זיך א ביסעל לענגער אָבשטעלען,
ווייל דאָס איז איינער פון די וויכטינגסטע פונקטען אין דער נאטור־
פילאָסאָפיע.

פאר א סך מאטעריאַליסטישע דענקער און פאָרשער איז גע־
ווען נאָך קלאָרער, איידער דער טאָג, אז אויב דער כעמיע זאָל זיך
איינגעבען צו בעשאפען קינסטליך אין דעם לאַבאָראטאָריום א
שטיקעל לעבעדיגע מאטעריע פון ריין „טויטע" שטאָפען, וועט
דאָס זיין א בעוויז ניט נאָר פאַר דער מאכט פון דעם מענשליכען
שכל אריינצודרינגען אין די סודות פון דער נאטור, נאָר אויך א
בעוויז פאר דעם מאטעריאַליסטישען געדאנק, אז די לעבענס־
פראָצעסען זענען אין תוך אריין ניט קיין אנדער זאַך, ווי פיזיקאַ־
לישע און כעמישע בעוועגונגען, ד. ה. אין דער לעצטער שורה, ריין
מעכאַנישע בעוועגונגען, וואָס שפּיעלען זיך אָב אין די טויטע, אַב־
סאָלוט בעוואוסטלאָזע אטאָמען.

איך האָב שוין פריהער בעמערקט, אז די בעשאפונג פון לע־
בעדיגע מאטעריע אויס ניט לעבעדיגע שטאָפען קומט פאָר טאָג־
טעגליך פאר אונזערע אויגען סיי אין דער נאטור, סיי אין דער
מענשליכער פּראַקטיק, און צוליעב דעם דאַרף מען באמת ניט וואר־
טען, ביז פון די פּולווערלעך און די וועסערלעך וועט פּלוצלונג אויפ־
זיעדען א לעבען אין דער רעטאָרטע פון דעם כעמיקער. אז מיר
זעיען איין א קערענדעל, וואָס וועגט א גראַן, און מיר בעקומען פון
איהם א לעבעדיגען בוים, וואָס וועגט עטליכע הונדערט פונט, האָבען
מיר פון דער „טויטער" לופט, דעם „טויטען" וואסער און דער
„טויטער" ערד אויפגעבויט אייניגע הונדערט פונט (מינוס איין
גראַן) לעבעדיגע מאטעריע. און וואָלט דער לעבענס־פּראָצעס
בעשטאַנען ניט מעהר ווי פון א ריין פאסיווען אָנוואַקסען פון לע־
בעדיגע מאטעריע, וואָלט דאָס אפשר ניט געווען קיין גרעסערע

וואונדער, ווי דאָס אַרויסקריסטאַליזירען פון זאַלצען אין אַן איבערגעזעטיגטער פליסיגקייט (אויב דער קריסטאַליזאַציאָנס־פּראָצעס קאָן ווען עס איז צוריקגעפיהרט ווערען צו ריין מעכאַנישע בעוועגונגען).

די „צרה“ פון דעם לעבען פאַר דעם מאַטעריאַליסט בעשטעהט ניט אין דעם, וואָס מען האָט ביז אהער ניט בעשאַפען קינסטליך קיין לעבעדיגע מאַטעריע פון דער טויטער נאַטור. ס'איז דאָ אַ גרעסערע צרה. די לעבענס־פּראָצעסען זיינען ניט פּאַסיוו, נאָר אַקטיוו. אין דער נאַטור קומט פאָר ניט נאָר אַן איבערגאַנג פון טויטע מאַטעריע אין לעבעדיגע, נאָר אויך אַ קאַמפּף פאַר אַזאַ איבערגאַנג און פאַר דער דערהאַלטונג פון דעם לעבען. ווי זאָל אַט דער אַקטיווער קאַמפּף, — לכל הפחות, אַט די אַקטיווע בעוועגונג, כדי זיך צו דערהאַלטען, — דערקלעהרט ווערען ריין מעכאַניש?

נעהמט די פּשוט'סטע פיזיאָלאָגישע ערשיינונג, דעם דערנעהרונגס־פּראָצעס. אַלץ וואָס לעבט, מוז אַריינגעהמען שפּייז אין זיך, כדי ווייטער צו לעבען. וואָס טרייבט דאָס לעבעדיגע וועזען אַריינצונעהמען שפּייז אין זיך? ביי די העכער ענטוויקעלטע חיות, ווי ביי דעם מענשען, איז דאָס דער הונגער, אָבער דער הונגער איז אַ געפיהל, אַ פּסיכאָלאָגישע, אַ רוחניות'דיגע זאַך, וואָס טויג בשום אופן ניט פאַר אַ מאַטעריאַליסטישע דערקלעהרונג. מיר מוזען זיך אַראָבלאָזען גאָר טיעף, אויף דער לייטער פון לעבעדיגע וועזענס, צו די ערשטע חיה'לעך, אפשר גאָר צו דער מאָנערע, אָדער נאָך ניעדעריגער, צו דעם גאָר ערשטען שטיקעל לעבעדיגע פּראָטאָפּלאַזמאַ, וואָס האָט זיך, מיר ווייסען ניט ווי אַזוי, אַרויסגע„ביאָלאָגירט“ אין דעם אַבסאָלוט טויטען ים. וואָלט די פּראָטאָפּלאַזמאַ געהאַלטען זיך נאָר אויף איין אָרט, וואָלט איהר אָנוואַקסען דורך שטאָף־וועקסעל ניט געווען — ווי געזאָגט — קיין גרעסערער וואונדער, איידער דאָס וואַקסען פון אַ קריסטאַל.

אָבער די פאַקטען צווינגען אונז אָנצונעהמען, — און די ביאָלאָגען נעהמען דאָס אָן, — אַז די פּראָטאָפּלאַזמאַ, אָדער על כל פּנים די מאָנערע, איז שוין ניט פּאַסיוו צו איהר גורל, צו דער דערהאַלטונג פון איהר לעבען. געפינט זי זיך אין בעדינגונגען, וואָס זענען גינסטיג פאַר אויפנעהמען די נויטיגע שפּייז פאַר איהר

וואַקסען, בלייבט זי אין זיי. ווערען די בעדינגונגען אונגינסטיג, פערלאָזט זי זיי. די מאָנערע האָט שוין געוויסע ר ע פ ל ע ק ס-בעוועגונגען. זי ציהט זיך צונויף און ציהט זיך אויס, כדי אויף אַזאַ'ן אופן צו ענדערן איהר לאַגע אין דעם „ארום" און אויסצונוצען די געלעגענהייטען: אויסצומיידען געפאַהר און צו פערשטאַרקען די גינסטיגע בעדינגונגען.

און אַט מיט די פּרימיטיווע בעוועגונגען, וואָס דוכטען אויס צו זיין ריין מעכאַניש, הויבען זיך אָן די ערגסטע שוויעריגקייטען פאַר דעם מאַטעריאַליזם. די בעסטע, ריין מעכאַנישע דערקלערונג וואָלט געווען אַזאַ: עס האָבען זיך „ארויסגעביאָלאָגירט" אַ סך פּראָטאָפּלאַזמאַ-שטיקלעך אין פערשיידענע שטעלען פון דעם ים. די, וואָס זענען געווען אין גינסטיגע בעדינגונגען, האָבען געקאָנט וואַקסען; די, וואָס דער וועלען-גאַנג האָט אַריינגעבראַכט אין אונגינסטיגע, ווי צ. ב., ווען ער האָט זיי צוגעשלאָגען צו שאַרפע שפּיצען פון אַ ים-פעלז, זענען ווידער פאַנאַנדערגעפאַלען אין טויטע מאַטעריע. ריין מעכאַניש האָט געמוזט אויסקומען, אַז ביים לעבען זיינען געבליעבען נאָר די, וואָס זענען געווען אין גינסטיגע אומשטענדען. און מיט די, וואָס זענען געבליעבען ביים לעבען, איז די מעשה געווען אַזוי: אַ טייל האָט ניט געהאַט די אייגענשאַפט ארויסצוברענגען רעפלעקס-בעוועגונגען, זענען זיי ביי יעדער אונגינסטיגער געלעגענהייט פערשוואונדען. ביי אַן אַנדער טייל אָבער האָט זיך געמאַכט, אַז זייערע אַטאָמען און מאָלעקולען האָבען בעקומען אַ ריין מעכאַנישע אייגענשאַפט, ארויסצוברענגען רעפלעקס-בעוועגונגען. די רעפלעקס-בעוועגונגען זענען אַפריהער געווען פון אַלערליי אַרט. אַ טייל האָבען געקאָנט זיין ש ע ד ל י כ ע פאַר דער דערהאַלטונג פון לעבען. האָט זיך, צ. ב., די פּראָטאָפּלאַזמאַ אנגעריהרט אָן דעם שאַרפען שפּיץ פון דעם פעלז, איז זי דורך איהר רעפלעקס-בעוועגונג צוגעטריעבען געוואָרען נאָך נעהנטער צו דעם שפּיץ, ביז ער האָט זיך אַריינגעשטאָכען אין איהר לייב. עס פערשטעהט זיך, אַז אַזעלכע פּראָטאָפּלאַזמאַ-שטיקלעך האָבען געמוזט ווידער פערליערען זייער לעבען.

ביי אַנדערע אָבער איז די רעפלעקס-בעוועגונג ריין צופעליג געווען אַ צוועק-מעסיגע, ד. ה., אַזאַ, וואָס האָט בעסער געפּאַסט

פאַר דער דערהאַלטונג פון לעבען, ווען אפילו ניט די פּראָטאָפּלאַז־מאַ, ניט די רעפלעקס־בעוועגונג האָבען דערפון געהאַט קיין ברעקעל השגה. אַ דאַנק אָט דער ריין צופעליגער צוועק־מעסיגקייט, איז בעשאַפען געוואָרען די בעדינגונג פאַר אַ ווייטערדיגען לעבען. קומט די מאָגערע צו נאָהענט צו אַ שאַרפען שפּיץ (פערשטעהט זיך, אַ מיקראָסקאָפּיש קליינעם), ווערט איהר קערפּער ריין מעכאַניש צו־נויפ־און צוריקגעצויגען; קומט זי צו נאָהענט צו אַ מיקראָסקאָ־פּישען פּיצעלע שפּייז, ווערט איהר גוף ריין מעכאַניש אויסגע־צויגען, נעהמט ארום די שפּייז און ציהט זיך ווידער אריין מיט איהר צוריק אין גוף אריין. אויף אַזאַ׳ן אופן בלייבט זי „ריין מעכאַניש" ביים לעבען.

אָבער דאָ פרעגט זיך די שאלה: פאַר וואָס האָט זיך דאָס אַזוי געמאַכט? „דורך אַ צופאַל!" — מוז ענטפערן דער עהרליכער מאַטעריאַליסט. „דורך אַ צופאַל", דאָס איז דער טייטש, אַז ווען מיר טראַכטען זיך אריין אין דעם מהות פון די „טויטע" אַטאָמען און די טויטע, מעכאַנישע בעוועגונגען, וואָס שפּיעלען זיך מיט זיי אָב, געפינען מיר קיין איין טעם ניט, פאַר וואָס דער לעבענס־צושטאַנד, פון וועלכען די טויטע אַטאָמען האָבען קיין ברעקעל השגה ניט, זאָל פאַר וועמען עס איז זיין טהייערער, ווינשענס־ווערטהער, חשוב׳ער, איידער דער טויט־צושטאַנד. אָהן אַ ברע־קעל אינווענינגע נויטווענדיגקייט, אָהן אַ שום פאַרשטעלונג, אַז די לעבענס־פּראָצעסען זענען בעסער איידער די געשעהעניסען אין דער טויטער וועלט, האָבען זיך די מעכאַנישע, כעמישע און פיזיקאַלישע בעוועגונגען צונויפגעפּלאָנטערט אַזוי, אַז פון זיי איז געוואָרען אַ פיזיאָלאָגישער פּראָצעס פון דערנעהרען זיך און פון אַקטיוו יאָגען זיך נאָך שפּייז, — און על פּי צופאַל האָט זיך דאָס דאָזיגע פּלאָנ־טערנים דערהאַלטען און פאַנאַנדערגעוואַקסען...

ווידער דער הייליגער צופאַל! און אַלץ כדי צו רעטען דעם מאַטעריאַליזם, וואָס וויל פערטרייבען יעדען צופאַל פון יעדער דער־קלעהרונג! די פיזיאָלאָגישע פּראָצעסען זענען אַזאַ זעלטענע אויס־נאַהם אין דער אונז בעקאַנטער, ניט לעבעדיגער וועלט; זייער בלייבגעוויכט איז אַזוי שווער אויפצוהאַלטען צווישען די בילי־ביליאָסען בעדינגונגען, וואָס זענען פיינדליך פאַר דער ענטוויקלונג

פונ'ם לעבען, אַז על פי דער *טהעאָריע פון וואהרשיינליכקייט*, — די איינציגע טהעאָריע, וואָס קאָן אַריינטראָגען נויטווענדיגקייט אין דעם צופאַל, — וואָלט אַ צופעליגע קאָמבינאַציע פון ריין מעכאַנישע בעוועגונגען צו אַ רעפלעקס־בעוועגונג, — אפילו צו אַ *שעדליכער*, — געהאַט זעהר ווענינ וואהרשיינליכקייט פאַר זיך. און להיפך צו יעדער וואהרשיינליכקייט איז דאָס, ווען מען נעהמט אָן, אַז די ריין־מעכאַנישע בעוועגונגען האָבען זיך צופעליג געקאָנט צונויפפלאָנטערן צו אַ *צוועקמעסיגער* רעפלעקס־בעוועגונג.

אין דער אמת'ען האַלטען דאָס רוב ביאָלאָגען זעהר ווענינ פון אַזאַ דערקלעהרונג. אין דער ביאָלאָגישער וויסענשאַפט שטעהט שוין פון לאַנג אָן פעסט דער פאַקט, אַז די פּראָצעסען פון דעם אינדיווידועלען לעבען, — דער עיקר דאָס יאָגען זיך נאָך שפּייז, — קאָן ניט דערקלעהרט ווערען אָהן אַ געוויסען אומבעוואוסטען אינסטינקטיווען *זעלבסט־דערהאַלטונגס־טריעב*, אָהן אַ שטרעבען צו זיין אויף דער וועלט אין דער פאָרם פון לעבעדיגער און ניט פון טויטער מאַטעריע. ווי זאָלען מיר דעם דאָזיגען דערהאַלטונגס־טריעב דערקלעהרען מאַטעריאַליסטיש? וואו ליעגט ער? אויב אינוועניג, אין דער פּראָטאָפּלאַזמאַ, איז יעמאָלט די שאלה: ווער האָט איהם דאָרטען אַרויסגעבראַכט? פאַר וואָס זאָל דער פּראָטאָפּלאַזמאַ זיין ניט אַלץ איינס: לעבען אָדער ניט לעבען? פון אַ וועלכען עס איז פיזישען צושטאַנד, וואָס זאָל פערבינדען אַנגענעהמע עמפּפינדונגען מיט לעבענס־גינסטיגע אומשטענדען און אונאַנגענעהמע מיט לעבענס־שעדליכע אומשטענדען, רעדען מיר נאָך דערווייל ניט. דערווייל פלייסען מיר זיך אויסצוקומען אָהן יעדע פּסיכישע אַריינמישונג. מיר ווילען נאָך ריין מאַטעריאַליסטיש דערקלעהרען דעם אָנהויב פון דעם לעבענס־פּראָצעס אויף אַ ריין מעכאַנישען אופן. איז דאָס אָבער לחלוטין אונמעגליך. די דורך־און־דורך אומבעוואוסטע פּראָטאָפּלאַזמאַ, וואָס ווייס ניט פון דעם חיות פון לעבען, קאָן ניט פון זיך אויס, אַרויסברענגען דעם טריעב צו דערהאַלטען זיך. וואָס איז איהר דאגה, אַז ניט? פאַר אַ ריין אומבעוואוסטען צושטאַנד איז קיין נפקא מיניה צווישען טויט און לעבען.

זאָלען מיר אפשר אָננעהמען, אַז דער זעלבסט־ערהאַלטונגס־
טריעב ליעגט ניט אין דער פּראָטאָפּלאַזמאַ, נאָר ערגעץ וואו ד ר ו י־
ס ע ן פון איהר? אַז עס איז דאָ אַזאַ קראַפט אין דער נאַטור,
וואָס ווייס די גוטסקייט פון לעבען, וואָס ש ט ר ע ב ט, — לאָז
זיין אין אַ האַלב־פער׳חלום׳טען צושטאַנד, — צום לעבען און צו
דער דערהאַלטונג, און אָט ד י קראַפט טרייבט די פּראָטאָפּלאַזמאַ
אריינצונעהמען שפּייז אין זיך אָדער אָבצורוקען זיך פון אַ סכנה.
אַ סברה איז דאָס, און דוקא ניט קיין מאוס׳ע, — אָבער דאָס וואָלט
דאָך שוין געהייסען אין גאַנצען צו צוקריעגען זיך מיט דעם מאַ־
טעריאַליזם. ווייל יעמאָלט וואָלט אויסגעקומען, אַז מיר האָבען
אין דער נאַטור, אַ חוץ די ריין מאַטעריעלע פּראָצעסען, נאָך אַ
רוחניות׳דיגע קראַפט, — די לעבענס־קראַפט, — וואָס ווייס עפּעס
פון דעם לעבען, נאָך איידער דאָס לעבען האָט זיך באַוויזען אין
דער וועלט, און וואָס ב ר ע נ ג ט ארויס דאָס לעבען פון דער ניט
לעבעדיגער מאַטעריע.

ניין, אַזוי פריה האָבען מיר נאָך קיין רעכט ניט איבערצו־
געבען די מאַטעריאַליסטישע פעסטונג דעם שונא אין די הענד.
לאָמיר פּרובען זי רעטען דורך דאָס אריינברענגען אין שפּיעל
אַ ריין פּסיכישען פּראָצעס. אמת, פּסיכישע געשעהעניסען קאָנען,
ווי מיר האָבען אויבען געזעהן, בשום אופן ניט צוריקגעפיהרט ווע־
רען צו ריין מאַטעריעלע פּראָצעסען, אָבער דאָס מאָל לאָמיר פער־
מאַכען די אויגען אויף די פריהערדיגע שולד. לאָמיר אָננעהמען
אויף אַ ווײַלע, אַז דער מאַטעריאַליזם וועט ווען עס איז בעצאָהלען
דעם פּראָטעסטירטען וועקסעל, און לאָמיר זעהן, ווי ווייט דער
מאַטעריאַליזם קאָן פיהרען זיין באַלעבאַטישקייט אויף קרעדיט,
ווי ווייט ער קאָן דורך איהם דערקלעהרען די וויכטיגסטע פּראָצעסען
פון דעם לעבען.

איין קליינע הנחה פערלאַנגט פון אונז דער מאַטעריאַליזם
צוליעב דעם. ער זאָגט: אין דעם מאָמענט, ווען דער גוף פון דער
מאָנערע האָט אויסגעגעבען צו פיעל שפּייז, שפּיעלט זיך אין איהר
אָב אַ נייער מאַטעריעלער פּראָצעס, — שוין אַ מעהר אָדער ווע־
ניגער בעוואוסטער, — אַ פּסיכישער. די מאָנערע שפּירט הונ־
גער און דער געפיהל איז איהר אונאַנגענעהם. אויף אַזאַ׳ן אופן

ווערען געבוירען אין דער נאַטור ווי צוויי נייע „קרעפטען": אַנגענעהם און אונאַנגענעהם, — פרייד און לייד, — וואָס ווירקען אויף די בעוועגונגען פון דעם ביאָלאָגישען אינדיווידיאום, ווי די אַנציהונגס־קראַפט און די אָבשטויסונגס־קראַפט אין דער נאַטור. עס ווערט בעשאַפען אַ *ציעל* אין דעם לעבען, וואָס איז פריהער־געוועזען ריין צופעליג, ריין צוועקלאָז. יעדער אינדיווידואום שטרעבט פון דעמאָלט אָן צו הנאה און אַנטלויפען פון ליידען. די בעדינגונגען און צושטענדען, וואס זענען גינסטיג פאר דער דערהאַלטונג פון לעבען (ווי צ. ב. דערנעהרונג), רופען ארויס הנאה און ממילא יאָגט זיך דאָס אינדיווידואום נאָך זיי. די בעדינגונגען און צושטענדען, אָבער, וואָס זענען שעדליך פאַר'ן לעבען (צ. ב. הונגער), רופען ארויס ליידען און ממילא אנטלויפט פון זיי דאָס לעבעדיגע וועזען. אויף אַזאַ'ן אופן ווערט די דערהאַלטונג פון לעבען, ווענינגסטענס אינ'ם אָנהויב פון דעם ביאָלאָגישען פּראָצעס אויף דער וועלט, דערקלעהרט, אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקען, *פסיכאָ־מעכאַניש*, און מאָהנט מען ניט דעם פסיכאָלאָגישען חוב, — איז די דערקלעהרונג אַ ריין מאַטעריאַליסטישע.

אויף דעם ערשטען בליק לעגט זיך די דערקלעהרונג גאַנץ גוט אויפ'ן שכל, אָבער איך בעט אייך, טראַכט זיך אַ ביסעל טיעפער־אַריין אין דעם ענין. מאָלט אייך ווידער אויס אין געדאַנק דעם אינוועניגסטען צושטאַנד פון דער פּראָטאָפּלאַזמאַ אין יענעם מאָמענט, ווען זי האָט זיך נאָר וואָס „ארויסגעביאָלאָגירט" פון דער טויטער וועלט. מאַכט נאָך אַ וויכטיגען שריט און גיט צו, אַז דורך דעם גופא איז בעשאַפען געוואָרען די מעגליכקייט, אַז געוויסע אַטאָמען זאָלען קאָנען אויסטאַנצען אַ פּסיכישען טאַנץ פון לוסט־געפיהלען און אונלוסט־געפיהלען, פון הנאה און שמארץ. בלייבט דאָך נאָך אַלץ ניט פערענטפערט די גרויסע שאלה: *פאַרוואָס זאָלען די גינסטיגע לעבענס־בעדינגונגען זיין פערבונדען מיט לוסט און די אונגינסטיגע מיט אונלוסט?* פאַר וואָס זאָל דער פּראָטאָפּלאַזמאַ זיין אַ נפקה מיניה — לעבען אדער ניט לעבען? פאַר וואָס זאָל דער פיזיאָלאָגישער צושטאַנד פון לעבען איהר זיין אַנגענעהמער, איידער דער ריין פיזישער פון „טויט"?

אַז די פאָרשטעלונג פון „טויט־זיין“ איז פערבונדען מיט ניט־אנגענעהמע געפיהלען, קאָנען מיר ביי העכער ענטוויקעלטע ברואים אפשר דערקלעהרען אויף אזא'ן אופן. זיי האָבען געמערקט אין דער ערפאַהרונג פון זייער לעבען, אַז דער טויט קומט נאָך אַ צושטאנד פון ליידען און קראַנק־זיין. ממילא האָבען זיך דיביידע פאָרשטעלונגען פערבונדען אין איינעם, און פון דער ערפאהרונג: „ליידען ברענגט טויט“, איז אויסגעוואקסען אַן אומגעקעהרטע אידעען־פערבינדונג: „טויט איז ליידען“. די דאָזיגע אידעען־פערבינדונג איז איבערגעגאַנגען בירושה פון דור צו דור, און אַזוי ווי זי האָט זיך אַרויסגעוויעזען זעהר ניצליך אין דעם קאַמפף פאַר'ן לעבען, איז זי פערוואַנדעלט געוואָרען אין דעם פערערבונגס־פּראָצעס אין אַן אינסטינקטיווער מורא פאַר'ן טויט, ווייל ער איז פּסיכיש פריהער געווען פערבונדען מיט דער פאָרשטעלונג פון יסורים.

אָבער — פערגעסט ניט, אַז מיר האָבען איצטער צו טהאָן ניט מיט הויך־ענטוויקעלטע ברואים, וואָס האָבען שוין געזאַמעלט ערפאַהרונגען פון זייער לעבען, נאָר מיט דער גאָר־גאָר תם'עוואַטער פּראָטאָפּלאַזמאַ, וואָס איז ערשט אַרויס פון דער ניט־לעבעדיגער נאַטור. זי ווייס נאָך לחלוטין ניט קיין נפקא מיניה צווישען לעבען און טויט, צווישען אַנגענעהם און ניט אַנגענעהם. איז — נאָך אַ מאָל: פאַר וואָס זאָל דער מאַנגעל אין שפּייז זיין נ י ט ־ א נ ג ע נ ע ה ם, פאַר וואָס זאָל איהר ניט זיין אַנגענעהמער צו פערהונגערן, צוריק אומצוקעהרען זיך צו דער מעכאַניק, דער פיזיק און דער כעמיע?

דער מאַטעריאַליסטישער ענטפער וועט ווידער זיין, ווי פריהער, אַן אַנווייזונג אויף דעם צופאַל: „ביי אַ טייל פון די ערשטע פּראָטאָפּלאַזמאַ־שטיקלעך איז טאַקע דער הונגער־צושטאַנד אפשר געווען פערבונדען מיט אַנגענעהמע געפיהלען. זענען זיי טאַקע פערהונגערט געוואָרען און זיינען פערשוואונדען. לעבען האָבען געקאָנט בלייבען נאָר די, ביי וועמען עס האָט זיך געמאַכט, אַז די הונגער־געפיהלען זענען געווען אונאַנגענעהם און די זאַט־געפיהלען — אַנגענעהם, ווייל נאָר אָט די חיה'לעך האָבען געקאָנט שטרעבען צו זאַטקייט און אַנטלויפען פון הונגער, — האָבען זיי ממילא גאַנץ צופעליגערהייד דערהאַלטען זייער לעבען...“

ווייעדער : „עס האָט זיך געמאַכט!" ווייעדער דער צופאַל, וואָס האָט שוין געדאַרפט צאָהלען אַזוי פיעל חובות פון דעם מאַטעריאַליזם, ער, וועמען דער מאַטעריאַליזם וויל אָבשניידען יעדען ברעקעל קרעדיט! דער צופאַל איז ניט קיין דערקלעהרונג. אויב די פּראָטאָפּלאַזמא האָט מיט דעם מאָמענט, וואָס זי האָט אָנגעהויבען צו לעבען, ניט בעקומען קיין לעבענס־אינסטינקט, קיין שטאַרקען דראַנג צו לעבען און אַן אינסטינקטיווע מורא פאַר'ן טויט, וואָלט דאָס, וואָס פערשטאַרקט איהר לעבען, ניט געווען פערבונדען פאַר איהר מיט הנאה, און דאָס, וואָס שוואַכט אָב איהר לעבען, וואָלט בשום אופן ניט פערבונדען געווען מיט ליידען און וועהטיג.

דאָס איז אַזוי קלאָר, אַז אַ סך מאַטעריאַליסטישע פאָרשער, וואָס טראַכטען ניט דורך זייערע געדאַנקען ביז'ן סוף, ווענדען אָן דעם נאָר וואָס אַרויסגעזאָגטען כלל, כדי צו דערקלעהרען דעם אָנהויב פון דעם פסיכישען לעבען. אַלע פסיכישע פּראָצעסען, זאָגען זיי, קאָנען צוריקגעפיהרט ווערען צו האַלב מטושטש'ע עמפּפינדונגען פון הנאה און צער, און זיי קאָנען צוריקגעפיהרט ווערען צו ריין ביאָלאָגישע פּראָצעסען, און דערקלעהרט ווערען דורך זיי. דאָס וואָס פערשטאַרקט דאָס לעבען, ברענגט הנאה; דאָס, וואָס מאַכט איהם שוואַכער, ברענגט ליידען.

דער מאַטעריאַליזם, וואָס נעהמט אָן די דאָזיגע ביאָלאָגישע דערקלעהרונג פון פסיכישע ערשיינונגען, פאַלט דאָ אריין אין אַ פער'כשופ'טען קרייז. כדי צו דערקלעהרען, פאַר וואָס עפּעס איז אַנגענעהם, מוזען מיר אָננעהמען אַ לעבענס־אינסטינקט, וואָס האָט זיך בעוויעזען נאָך איידער עפּעס האָט געקאָנט זיין אַנגענעהם. און כדי צו דערקלעהרען, ווי אַזוי אַזאַ לעבענס־אינסטינקט האָט זיך געקאָנט בעוויייזען, מוז מען אָננעהמען, אַז עפּעס (צ. ב. זאַטזיין) האָט געקאָנט זיין אַנגענעהם, נאָך איידער עס איז געוועזען אויף דער וועלט אַ שמץ פון אַ לעבענס־אינסטינקט.

כדי אַרויסצורייסען זיך פון דעם דאָזיגען פער'כשופ'טען קרייז, איז דאָ נאָר איין וועג. די פסיכישע ערשיינונג פון הנאה און צער מוז ערקלעהרט ווערען פון דער ביאָלאָגישער ערשיינונג, — דעם לעבענס־אינסטינקט, — און ניט אומגעקעהרט, די ביאָלאָגישע

ערשיינונג, — דער אינסטינקט צום לעבען, — פון דער פסיכאָ־לאָגישער. אויב אָבער אזוי, זענען מיר לאָגיש געצוואונגען אָנ־צונעהמען, אַז דער אינסטינקט צום לעבען ווערט געבוירען אין איינעם מיט דעם פאקט פון דעם לעבען, — א שלום, וואָס שטייגט אריבער די גרעניצען פון דעם מענשליכען וויסענשאפטליכען פער־שטאַנד, — א פשיטא שוין די ענגע ד׳ אמות פון דער מאטעריאליס־טישער וועלט־אנשויאונג.

וועראיז פעראינטערעסירט, דאָס לעבען זאָל זיך דערהאל־טען? ניט די לעבעדיגע שטיקלעך פּראָטאָפּלאזמא: זיי וויסען פון קיין זאך ניט. וויל מען ניט בלייבען שטעהן ביי די גרעניצען פון דעם מענשליכען פערשטאַנד, וויל מען דערקלעהרען די ערשיינונגען פון דעם לעבען, כדי צונויפצובינדען זיי אין איין וויסענשאפטליכען סיסטעם, מוז מען דאָ, אין דער ביאָלאָגיע, אין גאַנצען פערלאָזען דעם מאטעריאליזמוס. דאָס לעבען ווערט דער־קלעהרט דורך דאָס לעבען און ניט דורך פערפלאָנטערטע דרעה־בעוועגונגען פון ניט לעבעדיגע אטאָמען. הערט מען זיך גוט איין אין די שפּראַך, וועלכע די ביאָלאָגישע פאקטען ריידען, און האָט מען קיין מורא ניט פאר קיין „אפקורס׳ישען" געדאַנק, מוז מען אָננעהמען, אַז די לעבענס־קראַפט (א בעזונדער קראַפט, אָדער א צונויפגעגאָסענע פון אנדערע, — דאָס איז קיין נפקא מיניה ניט), — שטרעבט צו דעם, עס זאָל זיין לעבען אויף דער וועלט. דאָס איז דאָס ציעל פון דער דאָזיגער קראַפט, און, ווי א מיטעל צום ציעל, ברענגט זי, די קראַפט, ארויס די פּסיכישע געפיהלען פון הנאה און צער, מיט וועלכע זי קאָנטראָלירט דאָס לעבען פון דעם איינצעלנעם אינדיווידואום, מיט וועלכע זי קעהרט און ווענדט דעם לעבענדען יחיד, ער זאָל אויספיהרען איהרע ציעלען, ער זאָל בלייבען ביים לעבען. איהם טאָר ניט זיין אנגענעהם דאָס הונגערן, ווייל, אַז ניט, וועט ער באמת אויפהערען עסען, און אויף אזא אופן אויפהערען לעבען. איהם זאָל זיין אנגענעהם די זאטקייט, ווייל, אַז ניט, וועט ער זיך ניט יאָגען נאָך איהר.

אַז אין די געפיהלען פון הנאה און צער קאָנען ניט ליגען די ציעלען פאר דעם אינדיווידואום, אַז זיי זענען נאָר מיטלען צוליעב א העכערען ציעל, וואָס דאָס לעבען שטעלט אוועק און פיהרט דורך

דורך דעם יחיד, ווערט נאָך קלאָרער, ווען מען האָט אין אויג די וואונדערבאַרע געהיימניספאָלע ערשיינונג פון פערמעהרען זיך, — דער צווייטער, וויכטיגסטער פּראָצעס פון אַלע ביאָלאָגישע ערשיינונגען.

איך וואָלט געקאָנט אויספילען אַ גאַנצען ווינטער־סעמעסטער מיט בעשרייבונגען פון דעם נאַטור־לעבען פון פלאַנצען און חיות, ווי אזוי דער אינדיווידואום אין זיך תמיד מקריב פאַר די דער־האַלטונג פון דעם מין; ווי אַזוי אַלץ איז אַזוי קונציג אויסגערע־כענט אין דעם בוי פון דעם יחיד, כדי ער זאָל קאָנען איבערלאָזען יורשים נאָך זיך; ווי אַזוי — ביי די העכערע חיות — זענען די גרעסטע קרבנות פאַר דעם צוקונפטיגען דור פערבונדען מיט דער גרעסטער הנאה פאַר זיך אליין; ווי אזוי די געשלעכטליכע תאוה, וואָס נעהמט אַוועק ביי דעם לעבעדיגען אינדיווידואום זיינע בעסטע כחות, קאָן דערקלעהרט ווערען נאָר יעמאָלט, ווען מען דערמאָהנט זיך, אַז דער אינדיווידואום איז אין דעם נאַטור־לעבען ניט מעהר, ווי אַן אונבעוואוסטער געצייג אין די הענד פון אַ מאַכט, וואָס שטעהט העכער פאַר איהם, — אין די הענד פון דער לעבענס־קראַפט. איך וויל אייך דאָ נאָר דערמאָהנען בלויז מעטערלינק'ס וואונדערבאַר פּאָעטישע און אין דערזעלביגער צייט גענוי ריכטיגע בעשרייבונג פון דעם פלוג, וועלכע די ביהנען־קעניגין מאַכט אין דער הויך, כדי זיך אוועקצוגעבען דעם קרעפטיגסטען ביהן. הויך, אין די בלאָהע הימלען, פליהט די קעניגין ארויף און נאָך איהר טויזענטער דראָהנען, וואָס ווילען זי דעריאָגען און פעראייניגען זיך מיט איהר. אַלץ העכער און העכער פליהט די ביהן און אַלץ מעהר דראָהנען שטעהען אָב, האָבען קיין כחות ניט, זי צו דעריאָגען. באַלד בלייבען נאָר אייניגע געצעהלטע ביהנען אין דעם געיעג נאָך דעם ליעבע־גליק. באַלד בלייבט נאָר איין איינציגע ביהן, — דער שטאַרקסטער, — וואָס קאָן אָניאָגען די קעניגין אין דער שווינד־לענדער הויך. אָט יאָגט ער זי אָן, אָט גיסען זיי זיך צונויף אין דער שכרות פון ליעבע און ווי נאָר דער ביהן שפּריצט אריין אין דער קעניגין די גאַנצע צוקונפט פון דעם ביהנען־שטאָק, אַזוי איז שוין זיין גורל בעזיעגעלט, זיין טויט־אורטייל גע'חתמה'ט. אין דעם מאָמענט, ווען ער האָט אַלץ איבערגעגעבען דער היטערין און

דער מוטער פון דעם צוקינפטיגען דור, פלאַצט אויף זיין בייכעל, עס פאַלען ארויס זיינע איינגעווייד, און דער לעדיגער גוף זינקט אראָב פון די הויכע הימלען אין דעם תהום. די נאַטור האָט פון איהם אויסגעזויגט, וואָס זי האָט געדאַרפט, און דאָס לעדיגע טויטע הייטעל — דער אינדיווידואום — ווערט ארויסגעשפּיען.

איך קאָן מיך דאָ ניט אריינלאָזען אין אַ פערגלייך צווישען דער ראָליע פון דעם מענשליכען אינדיווידואום אין דעם קולטור־לעבען און דער ראָליע פון דעם ביאָלאָגישען אינדיווידואום אין דעם נאַטור־לעבען. צווישען מענש און חיה, צווישען קולטור און נאַטור זיינען געווים דאָ געוואַלטיגע אונטערשיידען, וואָס מוזען ארויסגעבראַכט ווערען אין אַ בעזונדער אונטערזוכונג. איך האָב דאָ די פראַגע בעריהרט נאָר דערפאַר, ווייל די ביאָלאָגישע וויסענשאַפט פון אונזערע טעג ווערט אַלץ מעהר און מעהר געטריעבען איינצוזעהן, אַז ס'איז דאָ אין דער נאַטור אַן א י ב ע ר־א י נ ד י ו ו י ד ו ע ל ע קראַפט, וואָס בעהערשט די ביאָלאָגישע פראָצעסען פון דעם איינצעלנעם אינדיווידואום. טראַכט זיך אריין, צ. ב., אין יענעם פאַקט, וועלכע בערגסאָן ברענגט אין זיין בוך: „די בעשאַפערישע עוואָלוציאָן“. ס'איז דאָ אַזאַ פליעג, וועמעס אייעלעך עס דאַרפען זיך שפּייזען און ענטוויקלען אין אַ פיעלפיסיגען פאַראַליזירטען וואָרעם, וואָס לעבט נאָך, אָבער קאָן זיך ניט ריהרען פון אָרט. די פליעג האָט דעם וואָרעם קיין מאָל אין איהר לעבען ניט געזעהן און די אַנאַטאָמיע פון דעם וואָרעם האָט זי אויך גאַנץ געווים אין קיין אוניווערזיטעט ניט געשטודירט. אָבער ווי נאָר זי דערזעהט איהם צום ערשטען מאָל אין דער צייט פון איהר אייער־לעגען, אַזוי פאַלט זי פלינק אויף איהם אָן, און איין הרף־עין שטעכט זי איהם דורך אַלע זיינע אַכט בעוועגונגס־צענטרען, וואָס בעהערשען זיין נערוועז־סיסטעם, פאַראַליזירט איהם און לעגט אריין אין זיין גוף איהרע אייעלעך.

פון וואַנען ווייס די פליעג, אַז דאָס איז דער בעל־דבר, וועמען זי דאַרף? פון וואַנען ווייס זי, אַז דורך אַ שטאָך אין דעם נערוועז־צענטער קאָן מען איהם פאַראַליזירען און אַז דער וואָרעם האָט אַכט אַזעלכע צענטרען? פון וואַנען! ווייס זי די אַנאַטאָמיע פון דעם וואָרעם'ס נערוועז־סיסטעם?

זי ווייס דאָס אַלץ ניט. זי טהוט דאָס א י נ ס ט י נ ק ט י ו ו.

און איהר אינסטינקט קאָן ניט זיין קיין פועל־יוצא פון פריהערדיגע לעבענס־ערפאַהרונגען, וועלכע איהרע עלטערן האָבען געזאָלט מאַכען און וואָס האָבען געזאָלט אַריבער אין פלייש־און־בלוט צו דעם גאַנצען מין, ווייל... ווייל אויב אזא זעהר פערפּלאָנטערטע ערפאַהרונג וואָלט אפילו געווען א „פליעגען־מעגליכקייט", על פי צופאַל פאַר איין־איינציגער פליעג, וואָלטען דערפון די אייעלעך ניט געוואוסט, און זיי וואָלטען דאָס ניט געקאָנט איבערגעבען צו די איבעריגע דורות. דער אינסטינקט האָט דאָ אַלע מאָל געאַרבייט אומבעוואוסט, אפשר, אפשר מיט א קליינער הילף פון העלע בעוואוסטע מאָמענטען, אויב א פליעג קאָן האָבען בעוואוסטזיין. אומבעוואוסטער אינסטינקט הייסט אָבער ניט מעהר, ווי אומבעוואוסט פאַר דער פליעג, און ניט פאַר דעם אינסטינקט. אין דעם אינסטינקט, וואָס איז צונויפגעבונדען מיט דער גאַנצער לעבענס־קראַפט פון דער ערד, וועלכע האָט אַרויסגעבראַכט סיי די פליעג, סיי דעם פיעל־פיסיגען וואָרעם, מוז אויך וואָסער עס איז אופן זיין לעבעדיג דאָס בילד פון דעם וואָרעם'ס אַנאַטאָמיע און דאָס בילד פון אַלע יענע בעוועגונגען, וואָס די פליעג מוז אויספיהרען, כדי צו פאַראַליזירען דעם וואָרעם. און געטריעבען פון יענעם געהיימניס־פולען וויסען, פון וועלכען זי וויים גאָר נישט, טהוט די פליעג דאָס, וואָס איז נויטיג פאַר דעם קיום פון איהר מין.

אַזעלכע ביישפּיעלען זענען פול און פיעל סיי אין דער באָטאַנישער, סיי אין דער זאָאָלאָגישער וועלט, און אפילו אויך אין דעם אינסטינקטיווען לעבען פון דעם מענשען.

און וואָס מעהר מען פערטיעפט זיך אין זיי, אַלץ מעהר ווערט קלאָר, אז וואר־וואו, — אָבער אין דער ביאָלאָגיע זענען די שאַנסען פון דעם ריינעם מעכאַנישען מאַטעריאַליזם, וואָס פיהרט אַלץ צוריק אויף מאַטעריע און בעוועגונג און וואָס וויל פון קיין זאַך ניט וויסען, א חוץ מאַטעריע און בעוועגונג, זעהר און זעהר קליין; אפשר גלייך נול.

ס'איז דעריבער קיין חדוש ניט, וואָס אין דער ביאָלאָגיע האָט דער פּרינציפּ פון מאַטעריע און בעוועגונג קיינמאָל ניט געקאָנט ווערען אזוי הערשענד, ווי אין דער פיזיק. אָבער גראָד אין די

לעצטע צעהן־פופצעהן יאָהר האָט מען גענומען קלאָר איינזעהן, ווי נויטיג עס איז אַריינצופיהרען אין איהר אַנדערע, ניט מאַטעריאַליסטישע פּרינציפּען, וואָס זאָלען העלפען דערקלעהרען אַלע ערשיינונגען ביז צו זייער גרונד. מען רעדט פון אַן „אונבעוואוסטער פּסיכע", פון אַ פּראָצעס, וואָס שפּיעלט זיך אָב ציעלמעסיג און צוועק־זוכענד, אָבער אָהן דעם העלען בעוואוסטזיין, וואָס איז אונז בעקאַנט פון אונזער אייגענער ערפאַהרונג; מען רעדט פון „פאָרמאַטיווע פּרינציפּען", פון בילדער און אידעען, וואָס טרייבען די מאַטעריע צו פערווירקליכען זיי אין לעבען, מען הויבט אָן אַלץ מעהר צו רעדען מיט שאָפּענהויער'ן וועגען דעם אונבעוואוסטען ווילען און מיט האַרטמאַן'ען וועגען דעם אונבעוואוסטען ד ע נ ק ע ן אין דער נאַטור. און דאָס טהוט מען ניט כדי אויף די פאַקטען אַרויפצוּוואַרפען אַ מאַנטעל פון פילאָסאָפיע, נאָר כדי פון די פאַקטען אַרויסצודעסטילירען זייער וויסענשאַפטליכען תוך.

אָבער — לאָמיר זיך דאָ אָבשטעלען.

איך גלויב, אַז שוין די פּאָר אַרגומענטען, וואָס איך האָב היינט פאָרגעפיהרט פאַר אייך, זיינען גענוג, כדי צו דערקלעהרען, פאַר וואָס מען ווערט אַלץ מעהר און מעהר געצוואונגען צו פערלאָזען דעם „גן־עדן" פון דעם מאַטעריאַליזם. מיט יעדען שריט אין דער וויסענשאַפט און אין דער פילאָסאָפיע שטעלט זיך אַלץ קלאָרער אַרויס, אַז דער מאַטעריאַליזם איז ניט נאָר ניט קיין וויסענשאַפטליך אַבסאָלוט בעגרינדעטער אמת, אַז ער איז אפילו ניט קיין דינע, דורכזיכטיגע פילאָסאָפישע הייטעל, וואָס בינדט צונויף אַלע ערשיינונגען אין איינעם און לאָזט זיי, ווי זיי זיינען. דאָס איז אַ דיקע מעטאַפיזישע הויט, וואָס ווערט אויסגעצויגען צווישען דעם פאַרשער און דער ווירקליכער וועלט, ווי מיר קענען זי אין אונזער בעוואוסטזיין, — אַ הויט, וואָס מוז דורכגעריסען ווערען, כדי צו דערגרייכען דעם ריכטיגען תוך פון דער וועלט, אויב מען קאָן איהם איבערהויפּט דערגרייכען.

און מיט דער דאָזיגער מעטאַפיזישער הויט שלעפּען מיר, ראַדיקאַלען, איבערהויפּט די אידישע, זיך נאָך אַלץ אַרום, ווי מיט דעם אייביגען אמת, וואָס דאַרף בעשיצען אונזערע אידעאַלען פון דעם שונא'ס אַנפאַל.

איך וויל מיט מיין היינטיגער פאָרלעזונג דורכאויס ניט אַרויס־

ברענגען דעם איינדרוק, אַז אויב דער מאַטעריאַליזם האָט באַנק־ראָטירט אין דער פֿילאָסאָפֿיע, הייסט עס, אַז מען מוז באין ברירה צושטעהן צו דעם אידעאַליזם. עס זיינען דאָ נאָך אַנדערע סיסטע־מען, וואָס נעהמען זיך אָן צו בעפֿריעדיגען אונזער בעדערפֿעניש אין אַ גאַנצער, איינהייטליכער פֿילאָסאָפֿישער וועלט־אַנשויאונג. נים וועניג אַרבייט וועט איצטער אָנגעווענדעט פֿון דעם פֿאָרשענ־דען גייסט, בכדי איבערהויפּט אַרויסצורייסען זיך פֿון יענעם אייביגען סכסוך, וואָס האָט ביז אַהער געהערשט אין דער פֿילאָסאָפֿיע, — דעם סכסוך צווישען אידעאַליזם און מאַטעריאַליזם. מען זוכט צו בעגרינדען אַ שטאַנדפּונקט, פֿון וועלכען מען זאָל ניט זיין געצוואונ־גען אָנצונעהמען, אַז דיווירקליכע וועלט מוז זיך פֿריהער אריינ־וואַרפֿען אין אַ ים פֿון בעוועגונג, זיך דאָרטען אין גאַנצען פֿערליע־רען און דערנאָך ערשט ווידער אַרויסשווימען אַ געדאָפּעלטע, אַן „אָבגעשפּיגעלטע" אין אונזער בעוואוסטזיין. מען וויל פּטור ווע־רען פֿון די פֿינף אייביגע רעפּרעזענטאַנטען פֿון יענעם איינצעלנעם בוים, וועלכען מיר האָבען פֿאַר די אויגען. מען וויל ווידער, ווי אין די קינדער־יאָהרען פֿון דעם מענשליכען געדאַנק, האָבען דעם באַרג און דעם בוים, דאָרטען וואו ער איז מיט אַלע זיינע פֿאַרבען און שאַטירונגען. מען וויל פּטור ווערען פֿון די צוויי וועלטען, דער ווירקליכער דרויסען פֿון אונז און דער געדאַנקליכער אינוועניג אין אונז און פֿערוואַנדלען זיי אין איין איינציגע וועלט, די וואָס מיר קענען פֿון אונזער בעוואוסטזיין.

די נייע סיסטעמען האָבען זיך, אמת, נאָך ניט אין גאַנצען אָב־געקלעהרט. עס טרעטען ערשט איצטער אַרויס יענע שווערע ערשטע ווידערשפּרוכען, וואָס זיינען ווי די „פּאָקען" און „מאַזלען" פֿון אַ יונגען סיסטעם, זיינע קינדער־קראַנקהייטען, וועלכע כמעט יעדע פֿילאָסאָפֿישע ריכטונג האָט געמוזט דורכמאַכען. אָבער עס איז דאָ נענוג אין דעם מענשליכען געדאַנק, פֿון וואָס אויסצוקלייבען, וואָס צוועקצושטעלען אָנשטאָט דעם מאַטעריאַליזם.

נאָר וועלכע פֿילאָסאָפֿיע מען זאָל ניט אויסקלייבען, טאָר מען דערביי ניט אַריינפֿאַלען אין דעם טעות, אין וועלכען מיר זיינען אַריינגעפֿאַלען ביז אַהער. מען טאָר פֿון אונזער פֿילאָסאָפֿישע וועלט־

אַנשויאונג ניט מארען קיין אבגאָט, קיין „אבסאָלוטען אמת", וואָס איז א חוב פאר יעדען דענקענדען מענשען. די פילאָסאָפיע איז ווי די רעליגיאָן: א פּריוואַטזאַך. און וואָס עס זאָל ניט זיין איהר גורל ביי דעם איינצעלנעם, וועלכע פילאָסאָפיע עס זאָל איהם ניט האלטען דעם פאקעל, כדי צו בעלייכטען זיין וועג, — דעם וועג גופא דארף יעדער איינער אליין אויסקלייבען, און אויב מיר אַלע האָבען שוין געפונען אונזער וועג, אויב מיר אַלע ווייסען שוין, וואו עס ליעגט אונזער ציעל, וועט דאָס אונז אבסאָלוט ניט שטערען, ווען יעדער איינער פון אונז וועט געהן מיט זיין פאקעל אין דער האנד און בעלייכטען דעם געמיינזאמען וועג.



# צוויי פאָרלעזונגען וועגען איד און מענש

## ערשטע פאָרלעזונג

חברים און פריינד!

אַן ערך מיט אַ דריי־פערטעל יאָהרהונדערט צוריק, ווען ביי די רוסישע און גאַליצישע אידען איז אויסגעוואַקסען די השכלה־בעוועגונג, דאָס שטרעבען צו בילדונג און אייראָפּעאישע קולטור, איז ביי דאָס רוב משכילים אויסגעאַרבייט געוואָרען אַ פאָרמעל, ווי אַזוי צו פערענטפערען די פראַגע וועגען איד און מענש. די פאָרמעל האָט געהייסען: „היה אָדם בצאתך וישראל באהליך“, „זיי אַ מענש, מיט מענשען גלייך, אין גאַס, און בלייב אַ איד ביי זיך אין דער היים“.

שוין פון דער פאָרמעל האָט מען געקאָנט זעהן, אַז צווישען איד און מענש איז ביי דעם משכיל געווען אַ שאַרפער סכסוך. „איד“ און „מענש“ האָבען ניט געקאָנט הויזען איינער מיט דעם אַנדערן און מען האָט זיי געמוזט פאַנאַנדערפיהרען אין בעזונדערע ערטער, כדי איינער זאָל דעם אַנדערן ניט איבערבייסען דעם גאַרגעל. און אויך דאָס איז געלעגען איינגעוויקעלט, ווען אפילו ניט קלאָר ארויס־געזאָגט, אין דער משכילים'שער פאָרמעל, אַז „איד“ איז בשום אופן ניט אַזאַ מיוחס, ווי „מענש“. מיט „מענש“ מעגט איהר פראַנק און פריי שטאָלצירען אין דער אָפענער גאַס; מיט „איד“ דאַרפט איהר זיך שטיקען אין דער פערבאָרגענער היים. על כל פנים, האָבען די משכילים געוואָלט מאַכען אַ פשרה צווישען צוויי פיינדליכע פרינציפּען, איינשטילען אַ „ויתרוצצו“ אין דער נשמה פון יעדען געבילדעטען אידען.

עס איז אָבער זעהר לייכט צו פערשטעהן, אַז די משכילים'שע פשרה איז געווען ניט נאָר פון די גראָטענע. איהר קאָנט דעם מענשענס נשמה ניט פאַנאַנדעררייסען אויף צווייען, און איין האַלבע

לאָזען שפּאַצירען אין גאַס, די אַנדערע העלפט אָבער צווינגען זיצען אין דער היים. ממה נפשך! איז „איד“ א בעסערע זאַך, איידער „מענש“, — איז דער אַלטער יהודה הלוי געווען גערעכט, אַז איד־זיין איז די העכסטע מדרגה פון מענש־זיין; אָדער נאָך מעהר: האָבען אונזערע חסידישע פּאַטערס און זיידעס געטראָפען דעם אמת, ווען זיי האָבען געמיינט, אַז איד־זיין איז אַ ה ײ ל י ג ע ז א ך, — איז יעמאָלט אונזער חוב צו זיין אַ איד ניט נאָר אין דער היים, נאָר אומעטום, אין דער גאַנצער וועלט. און ווען אפילו דער „איד־זיין“ זאָל אונז ברענגען די ערגסטע צרות און רדיפות, טאָרען מיר איהם יעמאָלט פון קיינעם ניט בעהאַלטען, מוזען מיר אויסשטעהן אַלץ, וואָס עס זאָל ניט אויספאַלען צוליעב איהם אויף אונזער גורל. קיין קרבן טאָר ניט זיין שווער פאַר אַ זאַך, וואָס דאַרף אוועקגע־שטעלט ווערען — גאָר אַ קלייניגקייט! — העכער, איידער דער מענש. און צוריק: איז „מענש“ מעהר מיוחס, איידער „איד“, האָבען מיר איינמאָל איינגעזעהן, אַז זיין אַ איד איז ניט נאָר ניט קיין הייליגקייט, נאָר עס הייסט גאָר — אַראָבפאַלען אויף אַ ניעדע־ריגערער שטופע, איידער „מענש“, איז יעמאָלט געווים ווידער אונזער חוב, אין גאַנצען אויסצוראָמען מיט דעם „איד“, וואו מיר זאָלען איהם ניט אָנטרעפען: אין גאַס, אָדער אין שטוב; מבער צו זיין די חמצ׳דיג געוואָרענע קדושה פון אַלע ווינקעלעך, וואו זי האָט זיך נאָר געקאָנט פערוואַלגערן.

די ראַדיקאַלע אידישע יוגענד, וואָס איז אויסגעוואַקסען פון די משכילים, איז דעריבער געווען זעהר קאָנסעקווענט און פון איהר שטאַנדפּונקט אבסאָלוט גערעכט, ווען זי האָט דערדערדט דאָס לעצטע וואָרט, אויף וואָס די משכילים האָבען אין זייער פשרה נאָר אָנגע־טייט ברמיזה. אַ סוף צו דעם אידען אין דעם נאָמען פון דעם מענשען! — דאָס איז געוואָרען דער ראַדיקאַלער קריעגס־געשריי אין דער אידישער מחנה.

איך מוז מיך מודה זיין, אַז אין מיין גאָר גרינער יוגענד, ווען איך בין מיט׳ן גאַנצען הארצען צוגעשטאַנען צו דעם ראַדיקאַלען לאַגער, האָב איך אויך, ווי אַלע, געגלויבט, אַז צווישען „איד“ און „מענש“ ליעגט אַ טיעפער, מיט קיין בריק ניט צו פערבינדענדער תהום; אַז מען מוז אויסקלייבען „אהין אָדער אהער“ און אַז דער

„איד" דארף געבראכט ווערען פאר א קרבן צו דעם מענשען. ווע־ניגסטענס איז איין זאך געווען קלאר פאר מיין יונגען מוח און הארץ, אז וואס מעהר מענש איינער איז, אלץ ווענינער איד איז ער, אלץ ווענינער האט ער זיך צו קימערען וועגען דעם שיקזאל פון זיין פאלק, אלץ ווענינער האט ער צו טראכטען וועגען דער אידישער לאגע און וועגען דער אידישער צוקונפט. און צוריק, וואס ווענינער איד איך בין, וואס פרייער איך בין פון אידישע טראדיציעס, וואס ווייטער פונ'ם אידישען לעבען, וואס גלייכגילטיגער צו די נויטען און די אינטערעסען פון מיין פאלק, וואס איבערגעבענער צו דעם אלגעמיין־מענשליכען פראגרעס, — אלץ העכער שטייגט מיין „איך" אויף דער לייטער פון דער מענשליכקייט.

איך וויל אייך דא ניט שילדערן די גאנצע פסיכאלאגיע פון יענעם אידישען ראדיקאלען דור, צו וועלכען איך געהער. איך וויל אייך דא ניט דערצעהלען, ווי אזוי און פאר וואס מיר זיינען גע־ווארען בעלי־תשובה'ס, וואס זענען מיט'ן גאנצען הארצען געבליבען טריי צו די בעסטע מענשליכע אידעאלען און זענען פארט — אויך מיט'ן גאנצען הארצען — צוריק געווארען הייסע איבערגעבענע קינדער פון דעם אידישען פאלק. יענע פסיכאלאגיע איז געווען א פערפלאנטערטע, א קרענקליכע. אבצושאפען דעם תהום פון „איד" און „מענש" איז באמת געווען ניט אזוי לייכט, ווייל ער איז גע־לעגען ניט נאר אין דער לאגיק, אין דעם טהעארעטישען דענקען, נאר אויך גופא אין דעם לעבען און אין דעם געפיהל. און אויב דאס אידישע בעוואוסטזיין גלויבט, אז פאר די בעלי־תשובה'ס איז אנגעגרייט גאר א בכבוד'ער פלאץ אויבען־אן, אז „במקום שבעלי־תשובה עומדין אין צדיקים גמורים יכולין לעמוד", — פערדיענען די בעלי־תשובה יענעם כבוד אפשר שוין דערפאר, וואס זייער נשמה האט דורכגעלעבט אזוי פיעל ליידען און פיין, — ליידען און פיין, פון וועלכע דער איצטיגער פראגרעסיוו־נאציאנאלער דור האט, גע־לויבט איז דער אויבערשטער, קיין ברעקעל בעגריף ניט.

ניט יענע, זעהר אינטערעסאנטע פסיכאלאגיע וויל איך דא פאר אייך שילדערן. מיין צוועק איז מעהר ניט, ווי איבערגעבען אייך א פאר פון יענע לאגישע ארגומענטען, וואס האבען אונז גע־האלפען צו פערשיטען דעם תהום צווישען איד און מענש.

דרינגט מען אַ ביסעל טיעפער אַריין אין דעם זין פון דער ראַדיקאַלער פאָרמעל: „וואָס מעהר מענש, אַלץ וועניגער איד", אַזוי מוז מען באַלד איינזעהן, אַז די זאַך איז גאָר ניט אַזוי פשוט, ווי עס דוכט זיך אויף דעם אויבערפלעכליכען בליק. און וואָס מעהר איך האָב געטראַכט וועגען דעם ענין, אַלץ מעהר האָט מיר געמוזט ווערען קלאָר, אַז די פאָרמעל קאָן ניט זיין אומעדום גלייך ריכטיג. גאַנץ געוויס זענען דאָ פעלען אין לעבען — און זעהר האַרבע פעלען — וואו איך האָב אַ רעכט צוצוגעהן צו דעם אידען און זאָגען איהם: „איד, הער אויף צו זיין איד און ווער מענש; און וואָס מעהר מענש דו וועסט ווערען, אַלץ וועניגער איד וועסטו זיין". עס זענען אָבער דאָ אַנדערע פעלען, אפשר נאָך וויכטיגערע, וואו די פאָרמעל „ווער מענש און הער אויף צו זיין איד" פערליערט אין גאַנצען איהר זין. און דערנאָך האָבען זיך אַנטפּלעקט נאָך אַנדערע פונקטען, — אפשר נאָר די וויכטיגסטע פון דעם מענשליכען לעבען, וואו יענע פאָרמעל, ניט נאָר זי ווערט אָן איהר גאַנצען זין, נאָר זי מוז גאָר פערוואַנדעלט ווערען אין איהר איינענעם היפּך, אַז וואָס מעהר מענש מען איז, אַלץ מעהר איד איז מען.

פאַנאַנדערצוקלייבען זיך אין די דאָזיגע פערשיידענע פעלען, וואו דער „מענש" איז גובר דעם „אידען", וואו ער מוז איהם לאָזען אין גאַנצען צורוה און וואו ער פערשטאַרקט איהם און מאַכט נאָך בולט'ער זיין מהות, — דאָס זאָל זיין, ווענינגסטענס אין די וויכטיגסטע שטריכען, די אויפגאַבע פון מיינע איצטיגע פאָרלעזונגען.

און כדי לייכטער צו מאַכען די אַרבייט, לאָמיר קודם כל נעהמען אַ קלאָרען בעגריף וועגען די צוויי ענינים, — „איד" און „מענש", — וועמעס שייכות איינער צום אַנדערן מיר דאַרפען געהנטער בעלייכטען.

**וואָס אַזוינס איז „מענש"?**

עס פערשטעהט זיך, אַז מיר האָבען דאָ ניט צו טהאָן מיט דער אַנטראָפּאָלאָגישער בעדייטונג פון דעם מין מענש בכלל. אין אונזער הייננטיגען פאַל איז ניט יעדער מענש אַ „מענש". אַנטראָפּאָלאָגיש גענומען איז יעדער לעבעדיגער נפש, וואָס געהט אום אויף צוויי פיס, טראָגט אַ פּאָר הויזען אָדער אַ קליידעל און רעדט אויף אַ מענשליכער שפּראַך, — שוין אַ „מדבר", שוין אַ מענש. אָבער

אויך אין אונזער טאג־טעגליכער שפראך, ווענדען מיר אן אויס־דריקען, וואס מאכען ביי די מענשען גופא א שארפען חלוק צווישען „מענש" און „ניט־קיין־מענש". דעם חלוק מאכען מיר דערפאר, ווייל אין יעדער מענשליכער ברוסט לעבט די פארשטעלונג, וואס און ווי א מענש דארף זיין און זאל זיין, און ניט נאר ווי דער אדער יענער קומט פאר אין דער טאג־טעגליכער ווירקליכקייט. ווי פער־שיידען דער אידעאל פון דעם מענשען זאל ניט זיין ביי פערשיידענע פעלקער און פערשיידענע קלאסען, געפינען מיר פארט אין איהם בשותפות'ע שטריכען, וועלכע מיר אלע נעהמען אן, אז זיי זענען נויטיג, כדי א מענש זאל זיין א מענש.

א מענש איז קודם כל א בעל־שכל. דורך זיין רייכען און שטארקערען דענקען האט זיך דער מענש ארויסגעריסען פון דער נאטור און איז געווארען דער אויבערהארר איבער איהרע פראצעסען; און אומעדום, וואו מיר בעמערקען אן אבשוואכונג פון דער מענשליכער דענק־קראפט, זעהען מיר אין דעם א שטיק פערשוואונ־דענע מענשליכקייט. אויף א נאר נעראטענעם נאר פלעגט מען פריהער זאגען, אז ער איז „א בהמה בצורת אדם", דערנאך האט מען פון איהם די „צורת אדם" אויך אוועקגענומען און אנגעהויבען רעדען ווי פון „א בהמה בצורת פערד", — קורץ, ווי פון א לעבעדינער זאך, וואס איז ניט מעהר „בבחינת אדם", וואס פאלט ארויס פון דעם גדר מענש.

כדי צו זיין א „פולער" מענש איז אבער נאך ניט גענוג צו זיין קלוג. מען דארף אויך האבען א געוויסען מאס פון ווילען. „ס'איז גאר קיין מענש ניט", זאגט מען אויף איינעם, וואס האט קיין ברעקעל איינענעם ווילען ניט און לאזט זיך פיהרען, וואוהין מען פיהרט איהם. „ס'איז א קאלב".

„גאר ניט קיין מענש" איז אויך דער, אין וועמעס הארצען עס איז אויסגעלאשען יעדער פונק פון יושר און „מענשליכקייט", און אויך דער, וואס היט ניט אב יענע מינימאלע פאדערונגען פון שעהנקייט, ריינליכקייט און עלעמענטארע העפליכקייט, וועלכע מיר שטעלען צו יעדען מענשען. דעם עהרליכען „בטלן" וואס קוקט ניט אויף זיין אויסזעהן, זיין קליידונג און זיין בענעהמען זיך מיט מענשען, זענען מיר אפט מוחל זיינע ניט שעהנע מדות

צוליעב די העכערע מענשליכע מעלות, וואָס ער בעזיצט; אָבער אויך דאָ נעהט די מחילה נאָר ביז צו אַ געוויסען גראַד. ווערט אין דעם פּונקט פון שעהנקייט אַריבערגעטראָטען אַ געוויסער גרעניץ, רופט דער מענש אין אונז אַרויס אַ געפיהל פון עקעל און רחמנות. „אַ קלוגער מענש און אַ פרומער מענש און אַ בר־אורין, אָבער עפּעס נאָר קיין מענש ניט“, זאָגען מיר אין דעם פאַל.

פון דעם גדר „מענש“ געהט אַרויס אויך דער, וואָס האָט ניט אין זיך קיין ברעקעל „יש“, קיין ברעקעל אייגענעם שטאָלץ, קיין ברעקעל מענשליכע חשיבות; דער, וואָס לאָזט זיך שפּייען אין פּנים, טרעטען מיט די פיס, און דערביי זאָל וועניגסטענס אין דער נשמה ביי איהם ניט אויפציטערען דער געפיהל פון פּראָטעסט. „אַ הינטישע פעל“, זאָגט מען אויף איהם. „שפּיי איהם אין פּנים, זאָגט ער: אַ רעגען גיסט“. אויף וויפיעל טהייער דעם מענשען איז דער געפיהל פון אייגענער חשיבות, פון אַן אייגענעם „יש“, וואָס קאָן און זאָל בעשטעהן זיין שטעדטעל, וואָס קאָן און זאָל זיך ניט לאָזען קריכען אויפ׳ן קאָפּ (פערשטעהט זיך, אין וויכטיגע ענינים), קאָן מען זעהן פון אַ זעהר אינטערעסאַנטען, כאַראַקטעריסטישען פאַקט. עס איז אפשר נימאָ אויף דער וועלט — אַ חוץ דעם מענשען — קיין איין בריאה, וואָס זאָל שטעהן צו איהם אַזוי נאָהענט דורך איהרע כמעט מענשליכע מעלות, ווי דער הונד. זיין קלוגשאַפט, זיין איבערגעבענקייט און טרייקייט, זיין גענוגזאַמקייט, זיין אמת׳ע מסירת נפש פאַר די מענשען, וואָס זענען איהם ליעב און טהייער, רופען אַרויס בעוואונדערונג, ניט זעלטען התלהבות ביי יעדען ערנסטען פאָרשער פון דעם הונד׳ס לעבען און כאַראַקטער. אייניגע, ווי, צ. ב., דאַרווין, און נאָך פריהער אָגיוסט קאָנט, געהען אַזוי ווייט אין דעם פּרט, אַז זיי געפינען אין דעם הונד דעם ערשטען אָנהויב פון אַ ר ע ל י ג י ע ז ע ן געפיהל, וואָס איז ביז אהער בעטראַכט געוועזען, ווי די איינציגע, ריין מענשליכע מעלה. אָבער די אַלע מענשליכע מעלות אין דעם הונד ווערען אין גאַנצען בטול אין אונזער אָבשעצונג דורך דער „הינטישער“ צוגעלאָזטקייט, צוגעבונדענקייט און אונטערטהעניגקייט. דאָס הינטישע „זוכען חן אין די אויגען“ פון דעם בעל־הבית, דאָס לאָזען זיך בעהאַנדלען, ווי אַ הונט“, קאָן דער מענש גאַנץ לייכט — און נאָך מיט דאַנקבאַרקייט

אריבערגעטראָגן אין דער חיה; ער קאָן דאָס אָבער בשום אופן ניט ניט מוחל זיין, ווען ער געפינט דאָס אין דעם מענשען. אויך דעם הונד'ס הארטקייט צו אַלעמען, וואָס איז ניט זיין באַלעבאָס אָדער ניט דעם באַלעבאָס' מקורב, זיין שלעכטע חבר'שאַפט מיט די „מיט־הינד", — אַלץ גרויסע, הינטישע מעלות, וואָס שטאַמען פון דער הויפּט־מעלה זיינער, זיין ל י ע ב ע, זיין אמת'ער טרייער ליעבע צו די „זייניגע", — אויך דאָס דופּט אין אונז ארויס דעם ביטער־סטען געפיהל פון פּראָטעסט, ווען מיר זעהען עס אין א הונט בצורת מענש. „געמיינער הונד!" איז דער ערגסטער זידעל־וואָרט, וואָס מיר קאָנען איינעם שליידערן אין פּנים.

ווי קליין און אָרעם עס זאָלען ניט זיין די אַלע פאָדערונגען, וואָס א געוועהנליכער מענש שטעלט צו א געוועהנליכען מענשען, דריקען זיי פאָרט אויס דעם אינגעוועניגסטען תוך פון דער בחינה־„מענש". פּרינציפּיעל האָבען זיי אין זיך שוין אַלץ, וואָס הויבט אויף דעם מענשען צו דער קרוין פון דער שעפּפונג, אַלץ, וואָס שיידט איהם אָב פון דער חיה, לאָז זיין מעהר נישט ווי דורך דעם, וואָס דער מענש האָט די אַלע מעלות אין א גרעסערער מאָס און אין א רייכערער אַרט, איידער זי. לאָז זיין, אז פון אָנהויב איז דער חלוק צווישען מענש און חיה געווען ניט גאָר גרויס; אז אין דער ערשטער צייט האָט דער מענש זיין שטאַרקערען שכל אויסגענוצט צוליעב ריין פּראַקטישע לעבענס־צוועקען פונ'ם „קאַמפּף אומ'ם דאַ־זיין", וואָס בעהערשט אויך דאָס לעבען פון דער חיה. אָבער אין זיין ענטוויקעלונג האָט זיך דער שכל אויפגעהויבען איבער די ריין־מאַטעריעלע נויטען און האָט בעשאַפען א וועלט פון געדאַנקען, וואָס ברענגט דעם מענשען אַן אַנדער מין הנאה, וועלכע קיין חיה אין דער וועלט קאָן ניט משיג זיין, — די הנאה פון דער ש כ ל' ד י נ־ק י י ט, וואָס שטעקט אין א וועלכען עס איז געדאַנק, אַלץ איינס, צי ער קאָן אונז ברענגען נוצען, צי ניט. די ליעבע צום שכל און זיינע פּראָדוקטען איז געוואָרען א ריין מענשליכער שטריך.

דאָס איינענע איז אויך מיט אַלע אַנדערע מעלות. זיי זענען אפשר פריהער ארויסגעוואַקסען פון די פּשוט'ע, מאַטעריעלע בע־דערפעניסען, וואָס דער מענש האָט געהאַט און האָט נאָך איינעם מיט דער חיה. אָבער אין זייער ענטוויקעלונג האָבען זיי אריבער־

געוואַקסען די נויט, וואָס האָט זיי אַרויסגערופען, און זיי זענען געוואָרען טהייער דעם מענשען צוליעב זיך גופא, ווייל אין זיי דערקענט ער זיין אייגענע מענשליכע נאַטור.

דער װ י ל ע ן, וואָס האָט פריהער נעהאַט דעם צוועק נאָר צו בעהערשען די דרויסענדיגע נאַטור צוליעב א בעסערען לעבען פון דעם גוף, ווערט ביי א העכערען טיפּ מענש א געצייג, וואָס מיט איהם בעהערשט ער די תאוות און בעדערפעניזען פון דעם אייגענעם חומר, צוליעב א טיעפערען און שעהנערען לעבען פון דער נשמה. די ליעבע צו ש ע ה נ ק י י ט, וואָס איז אין אָנהויב געווים געווען פערבונדען מיט דעם סעקסועלען אַבקלייב און האָט געדאַרפט ניט מעהר ווי שטאַרקער מאַכען די מאַגנעטישע קראַפט צווישען דעם „ער" און דער „זי", האָט זיך ארויסגעריסען פון אַלע ליידענשאַפטען און איז געוואָרען א ריינע ליעבע צו דער שעהנער פאָרם אין דער בעטראַכטונג פון דער נאַטור, אין דער בעוואונדערונג פון דער קונסט, — א ריינע ליעבע, וואָס האָט ניט קיין איין מאַטעריעלע פּניה אין זין.

די געפיהלען פון יושר, פון רחמנות און מענשען־ליעבע זענען אויך אפשר פריהער ארויסגעוואקסען פון די פּראקטישע נויטען פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען און האָבען געבראַכט נוצען יעדען איינצעלנעם אינדיווידיאום. אָבער אין דעם משך פון דער ענט־וויקעלונג האָבען זיי פאַר דעם מענשען בעקומען א זעלבסטשטענ־דיגען זין, און אָפטמאָל איז דער מענש מקריב זיין אייגענעם לעבען, כדי דורכצופיהרען פאַר אַנדערע די אידעאַלען פון יושר, רחמנות אָדער מענשען־ליעבע.

און אויך דער מענשליכער שטאָלץ איז געוואָרען אַן אַנדערער, א העכערער. ביי די שעהנערע מענשען, ד. ה. ביי די וואָס זענען מעהר מענש, יאָגט ער זיך שוין ניט נאָך דעם ביסעלע כבוד, וואָס איינער קען קריגען אין לעבען פאַר זיך. עס וואַקסט אוים דער בעגריף פון דעם כ ב ו ד ה ת ו ר ה, דער עהרע פון א העכערער זאַך, וואָס איז מיר טהייער און וואָס פערדיענט די דאָזיגע עהרע, — מיין פאָלק אָדער מיין רעליגיע, אָדער מיין סאָציאַלער אידעאַל, — און דער מ ע נ ש, ביי וועמען יענער עהרגעפיהל איז ניט אָבגע־שטאָרבען, קאָן ניט בלייבען גלייכגילטיג, ווען ער זעהט צו, ווי דאָס

איהם טהייערע ווערט געטראַטען מיט די פיס, ווען אפילו ער אליין ליידט דערפון נים א בהעקעל.

קורץ, א מענש איז דער, וועמען עס איז טהייער די „מענש־ליכקייט" אין דעם מענשען, וואָס ליעבט און שעצט די ריין מענש־ליכע מעלות פון דער נשמה. א מענש איז דער, וואָס ליעבט שכל און וויסענשאפט, מענשען־ליעבע און יושר, שעהנקייט און שטארקע שטאָלצע מענשליכע חשיבות. און וואָס מעהר איינער איז דורכ־געדרונגען מיט די דאָזיגע מעלות און מיט דער ליעבע צו זיי, אלץ מעהר מענש איז ער.

דאָס איז „מענש". און וואָס איז „איד ?"

אויך דער בעגריף נויטיגט זיך אין א ביסעל א טיעפערער בעטראַכטונג, ווייל ער נעהמט אַרום דריי גאַנץ פערשיידענע אַר־טען פון אידען : דעם רעליגיעזען איד, דעם ראַסען־איד און דעם נאַציאָנאַלען איד.

עס איז געווען אַ צייט, ווען די אַלע דריי אַרטען זענען נאָך נים געווען פאַנאַנדערגעשיידט, און יעדער איד, וואָס האָט געשטאַמט פון אידישע עלטערן (דער „ראַסען"־איד,) איז אין דערזעלבינער צייט געווען א ר ע ל י ג י ע ז ע ר איד, ווייל ער האָט געגלויבט אין דעם אידישען גלויבען, און אויך א נ א צ י אָ נ א ל ע ר איד, ווייל ער האָט געלעבט מיט די אַלגעמיינע אידישע האָפענונגען אויף די וויעדערגעבורט פון דעם אידישען פאָלק.

איצטער, בעונותינו הרבים, איז די „דריי־אייניגקייט" פון דעם אידען צושפּאָלטען געוואָרען. עס זענען דאָ אידען, ביי וועמען די „אידישקייט" ליעגט גאַנץ קלאָר אויסגעקריצט אויפ'ן פנים, וואָס האָבען אָבער רעליגיעז גאָר נישט נים צו טהאָן מיט דעם „יודאאיזם" און לייקענען לגמרי אָב זייער סאָלידאַריטעט מיט דער אידישער נאַציאָן. אַנדערע זענען נאַציאָנאַל געשטימט, אָבער ווילען גאָר נישט וויסען פון דער אידישער רעליגיע.

קאָנען נאָך די דאָזיגע לייקענער פון דעם אידישען גלויבען אריינגענומען ווערען אין דעם גדר „איד" ?

דאָס רוב מיינט עד היום, אז אַ איד איז נאָר דער, וואָס גלויבט אין א געוויסען רעליגיעזען סיסטעם, וואָס רופט זיך „יודא־איזם", אידישקייט. „ישראל ואוריתא חד נינהו". — דאָס אידישע

פאלק און די אידישע תורה איז איין־און־דיזעלבינע זאך. א איד זיין איז דעריבער עפעס אזוינס, וואס הענגט אב פון אונזערע איינענעם ווילען. גלויבען מיר אין די אידישקייט, זענען מיר אידען; הערען מיר אויף צו גלויבען, זענען מיר אוים אידען. דאס איז אקוראט ווי מיט יעדער אנדער רעליגיאן, אדער פארטיי, אדער היאסאפישער ריכטונג. איינער איז א קאטאליק, אדער א סאציאליסט, אדער א העגעליאנער, כל זמן ער גלויבט אין דעם קאטוילישען גלויבען, אדער אין דעם סאציאליסטישען אידעאל אדער אין העגעל'ס פילאסאפיע. אזא אויסטייטשונג פון דעם מהות איד קאן שוין אבער אין דער איצטיגער צייט ניט אויסהאלטען קיין ברעקעל קריטיק. די איצטיגע מענשהייט איז איינגעטהיילט ניט נאר אין רעליגיאנען, פארטייען, און פערשיידענע ריכטונגען. נאך איידער אלע אנדערע איינטהיילונגען, אין וועלכע מיר קאנען אריינטרעטען דורך אונזער ווילען און אונזער גלויבען און פון וועלכע מיר קאנען ארויסטרעטען, אויב אונזער מיינונג ווענען זיי האט זיך געביטען, איז דא נאך א מענשליכע איינטהיילונג, אין וועלכע מען טרעט ניט אריין, נאר מען ווערט אריינגעבוירען און פון וועלכער מען קאן ניט ארויסטרעטען, סיידען ארויסשטארבען. איך מיין דא די איינטהיילונג פון דער מענשהייט אין איינצעלנע פעלקער. יעדער איינער מוז בעלאנגען צו א וועלכען עס איז פאלק, צי ער וויל, צי ער וויל ניט, ווייל מען קאן ניט זיין „נאציאנס־לאז", ווי מען איז צ. ב. „קאנפעסיאנס־לאז", ווען מען בעלאנגט ניט צו קיין רעליגיע, אדער ווי מען איז „פארטיי־לאז", ווען מען געהערט ניט צו קיין פארטיי. געהערט איינער ניט צו דעם פאלק, מוז ער געהערען צו אן אנדערן.

עס איז ניט מיין היינטיגע אויפגאבע, אויסצופארשען, צי עס איז גוט אזוי, וואס די מענשהייט איז איינגעטהיילט אין איינצעלנע פעלקער. וואלט דער רבונו־של־עולם, בעת ער האט בעשאפען די מענשהייט, זיך מיט אונז אלעמען מישב געוועזן, ווי אזוי צו בעשאפען זי, וואלט איהר אפשר געקאנט געבען איהם די עצה, ער זאל חס־ושלום ניט צולאזען איהר צושפאלטונג אין פערשיידענע נאציאנען. איך, פון מיין זייט, וואלט, מחמת א סך און א סך טעמים, אדרבה, געשטאנען שטאל און אייזען, ער זאל ניט צולאזען צו איין

איינציגער מענשהייט מיט איין איינציגער קולטור. אָבער מיר זאָגען אונז דאָס מאָל אין גאַנצען פערשפּאָרען די ספקות וועגען דעם ענין. די נאַטור האָט געטהאָן איהרס און האָט ביי אונז קיין עצות ניט געפרעגט, און כל זמן זי האָט ניט אָבגעשאַפט די פעלקער, מוז יעדער איינער, ווי איך האָב שוין בעמערקט, געהערען צו אַ וואָסער עס איז פאָלק, אפילו אנטקעגען זיין אייגענעם ווילען.

אַט דער פאַקט איז נאָך ניט אין גאַנצען קלאָר פאַר אַ סך און אַ סך פון די אַזוי אָנגערופענע „קאָסמאָפּאָליטען". דעם קאָסמאָפּאָליט'ס אידעאַל איז, — אַז אַלע פעלקער זאָלען פערשווינדען און עס זאָל בלייבען איין־איינציגע מענשהייט. דאָס איז אפשר אַ גאַנץ גוטער אידעאַל און קאָן אפשר אויך מקוים ווערען — במהרה בימינו — אין אַ פּאָר־צעהנדליג טויזענד יאָהר אַרום, — הגם איך לייקען ביידע זאַכען: סיי, אַז דאָס איז אַ וואונשבאַרער אידעאַל, סיי אַז ער קאָן ווען עס איז מקוים ווערען. דאָס איז זיך אַ טהעאָרעטישער ספק. דער קאָסמאָפּאָליט מאַכט אָבער אַן אבסאָלוטען טעות שוין היינטיגען טאָג, ווען ער מיינט, אַז דורך דעם גופא, וואָס ער גלויבט אין דעם דאָזיגען אידעאַל, טרעט ער שוין איצטער אַרויס פון דעם נאַציאָנאַלען גדר און ווערט פאָלק־לאָז. דאָס איז אַקוראַט אַזוי אונמעגליך, ווי עס איז אונמעגליך דעם באַרג אויפצוהערען צו זיין אַ באַרג, כל זמן עס זענען נאָך דאָ טהאָלען אַרום איהם, און ווי עס איז אונמעגליך דעם טהאָל אויפצוהערען זיין אַ טהאָל, כל זמן אַרום איהם שטעהען נאָך בערג. ערשט ווען דער באַרג ווערט אַראָבגעגראָבען, אָדער דער טהאָל פערשאָטען, פערשווינדט דער חלוק צווישען זיי. און איידער דער חלוק איז פערשוואונדען, מוזען זיי בלייבען וואָס זיי זענען.

אַ פאָלק איז אַ גרופּע פון מענשען, וואָס האָט אין אַ משך פון דורות געלעבט אין אַ בשותפות'ער קולטורעלער אַטמאָספערע און האָט דעריבער אויסגעאַרבייט אין דעם לעבען, אין דעם קערפּער און אין דער נשמה געוויסע סמנים, — אַלץ איינס וואָסערע, — וואָס דורך זיי שיידט זי זיך אָב פון אַנדערע מענשליכע גרופּען, וועלכע האָבען אויך אין אַ משך פון דורות געלעבט אין זייער קולטורעלער סביבה און ממילא אויסגעאַרבייט זייערע אייגענע סמנים. וואָלטען ניט געווען קיין פ ע ר ש י י ד ע נ ע פעלקער, וואָלט

קיין פאָלק קיין פאָלק ניט געווען. איין איינציג פאָלק אין דער וועלט איז שוין קיין פאָלק ניט, נאָר די גאַנצע מענשהייט, און אַלע זיינע פאָלקס־סמנים הערען אויף צו זיין פאָלקס־סמנים און ווערען פשוט שטריכען פון דער אַלגעמיינער מענשליכער נאַטור. זאָלען אַלע פעלקער פערשווינדען און זאָל נאָר בלייבען, צ. ב., דאָס ענגלישע פאָלק, וועלען יעמאָלט די ענגלענדער אויפהערען צו זיין ענגלענדער, נאָר ס ת ם ־ מ ע נ ש ע ן און יעדער שטייף־ענגלישער כאַראַקטער־שטריך וועט ווערען אַ סמן פון דעם „מענש בכלל“. אבער ווי נאָר עס זאָל דורך אַ נס ארויסשפּרינגען נאָך אַ פאָלק לעבען דעם ענגלישען, צ. ב., דאָס דייטשע, אַזוי וועט תיכף פערשווינדען דער „סתם־מענש“ און דער „מענש בכלל“, און געוויסע מענשליכע שטריכען, וואָס מיר געפינען ביי דעם דייטשען, וועלען יעמאָלט ווערען דייטשע נאַציאָנאַלע סמנים, און די מענשליכע שטריכען, וואָס זענען דאָ ביי דעם ענגלענדער, אָבער פעהלען ביי דעם דייטשען, וועלען יעמאָלט ווידער ווערען ענגלישע נאַציאָנאַלע סמנים.

כל זמן עס זענען דאָ פעלקער אויף דער וועלט, מוז יעדער ניי־געבאָרענער מענש, פון דעם מאָמענט אָן פון זיין געבורט, צוגערעכענט ווערען צו אַ בעשטימטען פאָלק. און ווען פון אַלע פעלקער זאָלען בלייבען נאָר צוויי, וועט אויך יעמאָלט יעדער ניי־געבאָרענער מענש מוזען ברענגען מיט זיך אויף דער וועלט אַ געוויסען טהייל פון נאַציאָנאַלע סמנים, יענעם טייל, וואָס געהט איבער בירושה דורך די בלוט פון די עלטערן, פון דור צו דור. ער וועט אויך תיכף צוגעצעהלט ווערען צו איין גרופּע אָדער צו דער אַנדערער.

שטעלט אייך אפילו פאָר אַזאַ פאַל: אַלע קאָסמאָפּאָליטען פון דער וועלט טהיילען זיך אויס פון זייערע פעלקער און בעשאַפען אַן אייגענע גרופּע, וואָס זאָל זיך רופען „סתם־מענשען“. כל זמן יענע פעלקער וועלען נאָך בלייבען בעשטעהן, וועט אָט די נייע קאָסמאָפּאָליטען־גרופּע, וואָס וויל גאָר ניט וויסען פון דעם ענין פאָלק, שוין דורך דעם פאַקט גופא פון איהר ארויסטהיילען זיך, מוזען שפּיעלען די ראָליע פון אַ בעזונדער אומה, דעם „סתם־מענשען־פאָלק“, און יעדעס קינד, וואָס וועט געבאָרען ווערען ביי איהר, וועט נאַציאָנאַל מוזען געהערען צו דער נייער אומה אַזוי

לאנג, ביז עס וועלען נאך עקזיסטירען אנדערע אומות, וואס שיידען זיך אב פון איהר. און אקוראט אזוי לאנג וועט אויך ניט קאנען זיין קיין אלגעמיינע מענשהייט, וואס זאל ליגען ערגעץ וואו דרויסען פון די עקזיסטירענדע פעלקער, און וואוהין מען זאל קאנען אריינשפרינגען, ווען מען פערלאזט דאס אייגענע פאלק. טרעט מען ארויס פון איין נאציאנאלער גרופע, מוז מען תוך כדי דבור אריינטרעטען אין אן אנדערע און איידער מען איז אריינגעטראטען אין די אנדער גרופע, האט מען פאקטיש נאך ניט פערלאזען די ערשטע. ווערען פאלק־לאז, הייסט עס, קאן אפילו דער קאסמאפאליט ניט אין דער איצטיגער צייט. העכסטענס, וואס ער קאן, איז ארויסגעהן פון איין פאלק און זיך אסימילירען מיט אן אנדערן. אין דעם פראקטישען לעבען זענען דעריבער די קאסמאפאליטען, וואס פאדערן מען זאל זיך אבזאגען פון דער אייגענער נאציאן, ניט קיין אנדער זאך ווי *אסימיליאטארען*, וואס פערלאנגען מען זאל צושטעהן צו אן אנדער נאציאן, — ד. ה. מיט אנדערע ווערטער: זיי זענען, — ניט אין דער טהעאריע, נאר אין דעם פראקטישען לעבען, — ניט קיין קאסמאפאליטען, נאר *נאציאנאליסטען* פון יענער אנדער נאציע.

איך האב דא פון אויבען אויף בעריהרט דעם וויכטיגסטען רעזולטאט, צו וועלכען די מאדערנע פארשונג איז געקומען בנוגע צו דעם נאציאנאלען פראבלעם. און דער רעזולטאט וועט אונז העלפען פאנאנדערקלייבען זיך אין דער פראגע, וואס אינטערעסירט אונז איצטער: הייסט „איד־זיין" נאר בעלאנגען צו א געוויסען גלויבען, אדער דאס הייסט אויך בעלאנגען צו א געוויסען פאלק, אפילו ווען ער פערלאזט אין גאנצען דעם אידישען גלויבען?

אויב יעדער מענש מוז געהערען צו א וועלכען עס איז פאלק און אויב די אידען זענען ניט קיין פאלק, נאר א רעליגיעזע סעקטע, מוז מען אוועקשטעלען די פראגע: צו וועלכען אנדער פאלק בעלאנגען זיי? און אויף דערויף איז דא נאר איין ענטפער: צו קיין אנדער פאלק אין דער וועלט, ווייל קיין אנדער פאלק אין דער וועלט קאן אין זיי ניט זעהן די קינדער פון זיין אייגען פלייש און בלוט. אין קיין לאנד, וואו אידען וואוינען, — אפילו אין יענע לענדער, וואו די אסימיליאציע האט זיך געמיהט דורכצופיהרען

איהר פּראָגראַם גאַנצע הונדערט יאָהר, — און נאָך מעהר — נאָכאַנאַנד. אפילו אין פראַנקרייך, אין האָלאַנד, אין איטאַליען, — האָבען די אידען נאָך ניט פערלאָרען זייערע נאַציאָנאַלע אייגענשאַפטען אויף אַזאַ פּיעל, אַז די אַרומיגע בעפעלקערונג זאָל זיי ניט דערקענען און זאָל ניט מאַכען אַ חלוק צווישען זיך און זיי. ווער רעדט שוין וועגען די אידען אין רוסלאַנד, פּוילען, רומעניען און אַמעריקאַ, וואו די אידישע סמנים וואַרפען זיך נאָך אַזוי בולט אין די אויגען. אמת, אונזערע אַסימיליאַטאָרען ווילען דאָס ניט איינזעהן און זיי שמועסען זיך באמת איין, אַז די אידען געהערען נאַציאָנאַל צו יענע פעלקער, צווישען וועלכע זיי וואוינען, אָבער זאָגען אַזוי הייסט פשוט ניט האָבען קיין איין פונק פון ווייסענשאַפטליכען יושר, אָדער אין בעסטען פאַל קיין ברעקעל חוש ניט פאַר דעם פאַקטישען אמת. וואָס פון די אידען זאָל ניט ווערען אין דער צוקונפט, לעת־עתה געהערען זיי ניט צו יענע פעלקער, און יענע פעלקער זענען אבסאָלוט גערעכט, ווען זיי ווילען זיי ניט בעטראַכטען פאַר זייער „אייגען בלוט“.

אָבער: אויב די אידען געהערען ניט צו זיי, אויב זיי זענען ניט קיין פּוילען, ניט קיין רוסען, ניט קיין מאַטערן און אַזוי ווייטער, איז יעמאָלט מוזען זיי ממילא פ א ק ט י ש געהערען צו זיך אליין, — ד. ה. זיין אַ בעזונדער פאָלק. און ווילט איהר גאַר שטאַרק מקפיד זיין אין דעם ענין, לעגט זיך אייך ניט לייכט אויפ'ן זינען, אַז דער מאַראָקאַנער איד און דער רוסישער איד זאָלען געהערען צו איין און דערזעלביגער אידישער אומה, קאָנט איהר זאָגען, אַז אַלע אידען פון דער וועלט בילדען אַ גרופּע פון אידישע פעלקער, ווי די רוסען, פּוילען און רוטענען בילדען אַ גרופּע פון סלאַווישע פעלקער. איהר קאָנט אָבער בשום אופן ניט צורעכענען דעם רוסישען אידען צו דער סלאַווישער פעלקער־גרופּע.

נאַציאָנאַל געהערען די אידען צו זיך אליין. און עס איז קיין חדוש ניט, וואָס עס איז אַזוי! די אידען האָבען אין אַ משך פון דורות און דורות געלעבט אין איין איינציגער קולטורעלער אטמאָספערע, אין איין איינציגען בעשטימטען לאַנד. זיי האָבען דאָרט בעוואוסט אויסגעאַרבייטען געוויסע סמנים פון קערפּער און גייסט, וואָס געהען איבער בירושה פון דור צו דור, אַלץ איינס.

צי זיי גלויבען אין זייער אידישקייט, אָדער ניט. א קינד, וואָס ווערט געבוירען פון גע'שמד'טע אידישע עלטערן, ברענגט מיט זיך אויף דער וועלט דעם אידישען „מוח" און די אידישע „האַרץ", — א בעשטימטען בוי פון זיין גוף און זיין נשמה: ע ר א י ז א א י ד, ווען אפילו אלע אידען ווילען פון איהם גאָר גישט ניט וויסען און ער אליין האָט פיינד זיין פאָלק בתכלית השנאה. ווען די גע'שמד'טע אידען הערצענשטיין און פערנאמענט האָבען זיך אין דער „גאָסודארסטווענאיא דומא" פערשריעבען: „רעליגיאַי פּראוואָסלאוונאַי, נאציאָנאַל'נאָסטי יעווריסקאַי", — איז דאָס דעריבער ניט געווען קיין פיינער וויץ פון זייער זייט, נאָר א פשוט'ער קאָנסטאַטירען פון א פשוט'ען פאַקט. ישראל לחוד ואוריתא לחוד, די אידישע רעליגיע איז איין זאַך און דאָס אידישע פאָלק איז אַן אַנדער זאַך. יעדער איד קאָן אָנגעהערען צו ביידע, אָבער ער מ ו ז אָנגעהערען צו איינער, צו דעם אידישען פאָלק. איז ער איינמאָל געבוירען געוואָרען פון אידישע עלטערן, קאָן מען אין קיינע וואַסערן ניט אָבוואַשען זיין „אידישקייט", זיין בעשטימטען נאציאָנאַל־אידישען ט י פ, וואָס טרעט אַרויס מעהר אָדער ווייניגער בולט אין זיין פיזיאָגנאָמיע און זיין כאַראַקטער, ווי אויך אין זיין אַרט צו בעשאַפען גייסטיגע גיטער.

א איד איז ניט נאָר א רעליגיעז־גלויביגער „איזראַעליט". א איד איז אויך דער, וואָס געהערט דורך זיין געבורט צו דעם אידישען פאָלק, — און האָט דעריבער אַריינגענומען אין זיך אלע סמנים פון דער אידישער ראַסע.

אָבער דאָס איז נאָך ניט גאָר: מיר האָבען שוין געזאָגט, אַז עס איז דאָ נאָך א דריטער מין איד, דער נ א צ י אָ נ א ל ע ר, ד. ה. אַזאַ וואָס געהערט ב ע ו ו א ו ס ט ע ר ה י י ד צום אידישען פאָלק, וואָס וויל געהערען צו איהם, וואָס בעטראַכט זיך סאָלידאַריש מיט זיין גאַנצער געשיכטע און קעמפפט אָדער וויל קעמפפען פאַר דעם פאָלק'ס ווייטערדיגען קיום אויף דער וועלט.

אָט די דריי אַרטען „איד" מוז מען האָבען אין זין, — דעם רעליגיעזען, דעם ראַסען־איד און דעם נאַציאָנאַלען, — ווען מען וויל זיך גוט פאַנאַנדערקלייבען אין דער פראַגע פון „איד און מענש".

מיר וועלען אָנהויבען מיט דעם נאַציאָנאַלען אידען, ווייל ער איז דער וויכטיגסטער פאַר אונז און ווייל די פערענטפערונג פון זיין פראַגע וועט אונז אויך העלפען אויסצוגעפינען דעם אמת בנוגע צו די צוויי אַנדערע אַרטען.

איך האָב געזאָגט, אַז אַ נאַציאָנאַלער איד איז דער, וואָס זייל נעהערען צו דעם אידישען פאָלק און זיין סאָלידאַריש מיט זיין גאַנצען היסטאָרישען גורל. איבערטרייבט מען דעם אידישען נאַציאָנאַליזם ביז צו דעם עקסטרעם, ווערט די דאָזיגע סאָלידאַריטעט פערוואַנדעלט אין אַ בלינדע פערליעבטהייט צו אַלץ, וואָס טראָגט אויף זיך דעם שטעמפעל פון „אידישקייט". אין דעם אידישען לעבען איז אַלץ גוט און שעהן. עס איז אַ „מה טובו"־שטימונג, וואָס פאַלט אריין אין קעלבערנע התפעלות פון יעדען שטריך, וואָס דער איד האָט אַרויסגעבראַכט אין זיין כאַראַקטער און אין זיין קולטור. „מה טובו אוהליך, יעקב, משכנותיך, ישראל!" „ווי שעהן זיינען דיינע געצעלטען, יעקב, דיינע רוה־פּלעצער, ישראל!" אַזאַ מין פער'שכור'טער נאַציאָנאַליזם געפינט זיך ביי די רעאַקציאָנערע עלעמענטען פון יעדען פאָלק; דאָס איז יענער „אתה בחרתנו"־איזם, פון וועלכען קיין נאַציע אין דער וועלט איז, ליידער, ניט פריי, און וועלכער טראָגט איצטער דעם אַלגעמיינעם נאָמען פון „שאָוויניזם".

איך מוז מודה זיין, אַז גראָד אין דעם ענין פון „מה טובו"־שטימונג האָט דער קאָסמאָפּאָליטיזם, מיט זיין אַבסאָלוטען אָבלייקענען פון אַלץ, וואָס איז נאַציאָנאַל, אַרויסגעבראַכט אַ סך טיעפע, אייביגע אמת'ען, וואָס גיבען אונז אַ רעכט אין געוויסע פעלען צו בעטראַכטען „דאָס נאַציאָנאַלע" ווי אַ היפך צו דעם אַלגעמיין־מענשליכען און צו קעמפּפען אַנטקעגען איהם אין דעם נאָמען פון דער פּראָגרעסיווער ענטוויקלונג. דאָס הייסט אָבער ניט, אַז דער קאָסמאָפּאָליטישער געדאַנק איז אומעטום און אין אַלע פעלען גערעכט. אַ ניכטערע, אונפּאַרטייאישע בעטראַכטונג פון דעם ענין, וועט אונז, ווי איך האָף, בעווייזען, אַז דיביידע עקסטרעמע ריכטונגען: דער קאָסמאָפּאָליטיזם און דער שאָוויניזם האָבען אריבערגעשאָסען דאָס ציעל; אַז זיי ביידע האָבען אַנגעטאַפּט פונדאַמענטאַלע אמת'ען פון דעם מענשליכען לעבען

און דעם פעלקער־לעבען, — אמת'ען, וואס מוזען אריינגעבראכט ווערען אין הארמאניע, ווייל זיי קאנען הויזען איינער מיט דעם אנדערען נאר אונטער געוויסע בעדינגונגען און אין געוויסע גרעניצען.

די ארגומענטאציע פון דעם קאסמאפאליט איז אזוי קלאר און איינפאך, לעגט זיך אזוי גלאט אויף דעם שכל הישר, אז ס'איז גאר קיין חדוש ניט, וואס יעדער דענקענדער קאפ מוז קודם כל בעשופ'ט ווערען פון דער קאסמאפאליטישער לאגיק און פון יענע ליכטיגע האריזאנטען, וועלכע ער עפענט פאנאנדער פאר דער מענשליכער צוקונפט.

דער קאסמאפאליט זעהט דעם אונטערשייד פון פעלקער נאר אין דער פערשיידענקייט פון זייער לעבען, אין דעם פאנאנדער־געהן זיך פון זייער קולטור. קולטור איז אבער א זאך, וואס ווערט ארויסגעבראכט פון דעם מענשליכען שכל, דעם מענשליכען יושר און דעם מענשליכען שטרעבען צו שעהנקייט. אויב צוויי קולטור־ערשיינונגען שטימען ניט איין איינע מיט דער אנדערער, הייסט עס, אז דער אלגעמיין־מענשליכער שכל האט זיך אין זיי אבגעשפיגעלט ניט אין דער זעלביגער מאס. די אלגעמיינע מענשליכקייט האט זיך פערקערפערט אין זיי אין א פערשיידענעם גראד פון קלארקייט און שטארקייט. אין איין קולטור־ערשיינונג, ביי איין פאלק, איז דער מענשליכער שכל ארויסגעקומען מעהר בלוט און ריין, איידער אין דער אנדער קולטור־ערשיינונג, ביי אן אנדער פאלק.

צוויי פעלקער בעארבייטען די ערד: די גאר ווילדע בושמענער און די ציוויליזירטע ענגלענדער. די ארט פון זייער אגרי־קולטור איז איינער פון יענע „נאציאנאלע" סמנים, מיט וועלכע דער גאר ווילדער בושמען שיידט זיך אב פון דעם אויסלענדער. דער בושמען אדער דער באטאקוד, אדער דער פידזשיאנער, — איך געדענק שוין באמת ניט, ווער פון די דאזיגע בכבוד'ע פעל־קער, — נעהמט, אז ער וויל בעארבייטען די ערד, א פערשפיצטען פלאקען אין די הענד, שטעלט איהם צו צו דעם באדען, שטרענגט אן אלע זיינע כחות און קראצט אויף א קליינעם שטח, אין וועלכען ער ווארפט אריין די זריעה און לאזט זי איבער אויף גאט'ס בע־ראט. שוין אט אין דער פרימיטיווער ארט פון אגריקולטור שטעקט

א היבשע ביסל פון מענשליכען שכל און מענשליכער ערפאהרונג. דער ציוויליזירטער יאנגלעגדער אויף דער אמעריקאנער ווענדט אן אין זיין ערד־ארבייט אנשטאט דעם פערשפיצטען פלאקען א שטא־לענעם דאמפף־פלוג. וואו איז דא מעהר מענשליכער שכל, וואו טרעט ער ארויס קלארער און ריינער: אין דער בושמענישער ערד־ארבייט אדער אין דער ענגלישער? גאנץ געוויס אין דער ענג־לישער.

און דאס אייגענע, וואס מיר דער ערד־ארבייט איז אויך — אזוי מיינט דער קאסמאפאליט — מיט אלע אנדערע קולטור־ערשיי־נונגען פון דער מענשהייט. זיי אלע האבען נאר איין ציעל אין זין — די בעפרידיגונג פון מענשליכע נויטען און בעדערפניסען. געוויס, איז זיין די פשוט'סטע, ווילדעסטע בעפריעדיגונג גאנץ בעשטעמט א מ ע נ ש ל י כ ע, וואס לאזט וויט הינטער זיך דעם שכל פון די חיות און בהמות. און א מענש איז אויך דער, וואס ווענדט אן א פערשפיצטען פלאקען. אבער כדי צו בעשטי־מען דעם ווערט פון די דאזיגע בעפריעדיגונגען פאר דעם מענשען און דעם מענשליכען פראגרעס, דארפען מיר זעהן, צי זיי שטעהען אויף יענער הויך, צו וועלכער דער מענשליכער שכל האט זיך אויפגעהויבען אין דער איצטיגער צייט. אויב זיי זענען געבליבען אזוי וויט צוריק, ווי דער פערשפיצטער פלאקען איז געבליעבען וויט הינטער דעם דאמפף־פלוג, טאר מען נישט קוקען דערויף, וואס די „פערשפיצטע פלעקער" זענען ארומגערינגעלט מיט א שיין פון הייליגקייט, ווייל אונזערע טאטעס און אונזערע זיידעס און אונזערע אבות־אבותינו האבען מיט זיי זיך בענוצט און קיין בעסערע זאך ניט געוואוסט. עס איז די פליכט פון יעדען פאלק, וואס וויל ניט בלייבען הינטערשטעליג פאר דער מענשהייט, אב־צוראמען דאס פעלד פון זיין קולטור פון אלע יענע „פערשפיצטע פלעקער", וועלכע האבען זיך אנגעזאמעלט אויף איהם „משנים קדמוניות". ער מוז פערבייטען זיי אלעמען אויף יענע שכל'דיגע ערפינדונגען, אויף יענע רעזולטאטען פון שעהנקייט און יושר, צו וועלכע דער מענש איז געקומען אין זיין פראגרעסיווען שאפען.

אבער — אויב אלע פעלקער פון דער וועלט זאלען זיך מיט התמדה געהמען ראדיקאל דורכצופיהרען ביי זיך אין דער היים

דעם דאזיגען היילינגען חוב פון דעם מענשליכען פראגרעס, — וואס מוז דערפון ארויסקומען? דערפון מוז ארויסקומען — רעכענט דער קאסמאפאליט — ניט קיין אנדער זאך און ניט קיין קלענערע זאך, ווי די פאלשטענדיגע, ראדיקאלע אויסגלייכונג פון אלע מענשליכע קולטורען. און מיט דער אויסגלייכונג פון אלע מענשליכע קולטורען מוזען אויך פערשווינדען אלע נאציאנאלע אונטערשיידען פון פאלק צו פאלק.

עס איז — פאר דעם קאסמאפאליט — א פשוט'ער מומה־נפשך. שטעהט א וועלכע עס איז קולטור־ערשיינונג פון מיין פאלק אויף דעם העכסטען שטאפעל פון שכל, יושר, שעהנקייט אדער מענשליכע חשיבות, וועט זי יעמאלט אויפהערען צו זיין א נאציאנאלער סמן פון מיין פאלק, ווייל אלע אנדערע פעלקער וועלען זי מוזען אריבערנעהמען אין זייער לעבען. שטעהט זי אבער, ווי א פערשפיצטער פלאקען, ניעדעריגער עהדער די פאדערונג פון דעם מענשליכען פראגרעס, וואס איז פערווירקליכט געווארען ביי אן אנדער פאלק, וועלען יעמאלט מיר און אלע אנדערע צוריק־געבליעבענע פעלקער זיך מוזען אבזאגען פון איהר און צושטעהן אין דעם פרט צו דער פראגרעסיווסטער נאציע. און וויבאלד דער העכסטער שטאפעל פון דעם אלגעמיין־מענשליכען שכל וועט אנהויבען הערשען ביי אלע פעלקער אין אלע ערשיינונגען פון זייער לעבען, וועט יעמאלט, מיט דעם פערשווינדען פון די נאציאנאלע אונטערשיידען, ממילא אויך אבגעמעקט ווערען די איינטהיילונג אין בעזונדערע פעלקער, און זיי אלע וועלען זיך צונויפגיסען אין איין איינציגע מענשהייט, וואס וועט גלייכמעסיג פאר אלעמען ענטוויקלען די איין־איינציגע מענשליכע קולטור.

וואס קאן דערויף ענטפערן דער עקסטרעמער נאציאנאליזם, דער שאוויניזם? ביז אהער האבען די שאוויניסטישע טהעארע־טיקער געוואלט ארויסדרעהען זיך פון דער קאסמאפאליטישער נעץ דורך דעם, וואס זיי האבען פשוט געלייקענט, אז עס איז דא אן אלגעמיין מענשליכער שכל, אן אלגעמיין־מענשליכער יושר, אן אלגעמיין־מענשליכע חשיבות און שעהנקייט. ניטא קיין אבסאלו־טער אלגעמיין־מענשליכער פראגרעס! — טענה'ט דער שאוויניסט. שכל, יושר, שעהנקייט און חשיבות זענען פערשיידען ניט נאר פון

עפּאָכע צו עפּאָכע, נאָר אויך פון פאָלק צו פאָלק. און וואָס באַ... פאָלק איז אמת, קאָן פאַר דעם אַנדער פאָלק זיין אַ קלאָרער שקר; וואָס פאַר איינעם איז שעהן, איז פאַר דעם אַנדערן העסליך; דער יושר פון איין פאָלק קאָן פאַר אַן אַנדער פאָלק זיין אַ הימעל־שרייענדע עולה; און דאָס, וואָס איין פאָלק שעצט פאַר דעם העכ־סטען אויסדרוק פון מענשליכער חשיבות, קאָן פאַר דעם אַנדער פאָלק זיין אַ ניט צו פערטראָגענדער ביזי־בזיון! קורץ, — „טשטאָ ניעמצו זדאָראָוואָ, טאָ רוסקאָמו סמערט״ („וואָס עס איז אַ געזונט פאַר׳ן דייטש, איז אַ טויט פאַר׳ן רוס״), — אָט דאָס איז אייגענטליך די פאָרמעל, אין וועלכער דער שאָוויניסט פון אַלע פעלקער גלויבט מיט זיין גאַנצען הארצען. אויב דער „ניעמיעץ״ געפינט, אַז אַ קאָנסטיטוציע איז אַ סך אַ גרעסערער פאָליטישער יושר, איידער די אונבעגרעניצטע זעלבסט־הערשונג, אויב איהם דוכט זיך, אַז די רעליגיעזע טאָלעראַנץ און די גייסטעס־פרייהייט זענען אַ סך חשוב׳ערע מענשליכע ערשיינונגען, איידער די ענג־הארציגע פערפאָלגונג פון יעדען ניט „פּראַוואָסלאַוונעם גלויבען״, איז דאָס אפשר פאַר איהם, דעם „ניעמיעץ״, אַ גאַנץ פּאַסיגע זאַך, וואָס שטימט צו זיין כאַראַקטער און צו זיין נאַציאָנאַלער נשמה. מיר, רוסען, אָבער האָבען פון דעם אַ ברעקעל ניט וואָס מתפעל צו ווערען. אונזער כאַראַקטער, אונזער נאַציאָנאַלע נשמה דיקטירט אונז אונזער אמת און ער ווערט אם בעסטען בעפריעדיגט דורך די „סאַמאָדערזשאַוויע״ און די „פּראַוואָסלאַוויע״...

איך וויל זיך דאָ ניט אָבשטעלען אויף דער אַרגומענטאַציע פון דעם שאָוויניסט. מיר וועלען באַלד זעהן, וואָס פאַר אַ ... רענדעל אמת, — און דער עיקר, — וואָס פאַר אַ וויכטיגער דערצו, — עס ליענט אין דעם נאַציאָנאַליסטישען אַרגומענט. דערווייל מוז איך בעמערקען, אַז דער דאָזיגער קערענדעל אמת, ווי וויכטיג ער זאָל ניט זיין, ווערט אין גאַנצען צוגאַנגען אין יענעם גרויסען ים פון שקר, אין וועלכען עס שווימט אַזוי לוסטיג ארום דער ריין־שאָוויניסטישער געדאַנק. אָבצולייקענען, אַז ס׳איז דאָ אַן אַלגעמיין־מענשליכער אמת, וואָס דיקטירט צ. ב. אַז אַלע מענשען זאָלען גלייך גלויבען אין דעם מאַטעמאַטישען זאַץ פון „צוויי מאָל צוויי איז פיער״; ניט צו־צוגעבען, אַז אין געוויסע פונקטען שטעהען אַ

סך פעלקער ניעדעריגער, איידער אנדערע; ניט איינצוזעהן, אז אין דער שווייצארישער רעפובליק אָדער אין דער דעמאָקראַטישער ענגלישער קאָנסטיטוציע איז דער מענשליכער יושר א סך קלאָרער און טיעפער פערקערפערט געוואָרען, איידער אין א דעספאָטישער רעגיערונג, — צו די אלע זאכען דארף מען שוין האָבען אזעלכע פערשטאָבענע אויגען, אז זיי פערדיענען באמת אויסגעשטאָכען צו ווערען מיט דעם „פערשפיצטען פלאָקען". עס זענען דאָ אזעלכע קולטור־ערשיינונגען ביי די פערשיידענע פעלקער, וואָס פאטשען אזוי העזה'דיג אין פנים אלע פאָדערונגען פון דעם מענשליכען שכל און יושר, אז מיר מוזען זיך דאָ אוועקשטעלען אויף דער זייט פון דעם קאָסמאָפאָליט און אין איינעם מיט איהם פיהרען א פערביטערטען קאמפף אנטקעגען אלץ, וואָס איז פויל און פערשימעלט אין דעם לעבען פון אונזער פאָלק.

אומעטום, וואו זיין קולטור בעשטעהט פון „פערשפיצטע פלעקער", אומעטום, וואו אָנשטאָט „צוויי מאָל צוויי איז פיער", גלויבט ער, אז „צוויי מאָל צוויי איז א שטרויענער דאך", האָבען מיר א רעכט צוצוגעהן צו יעדען איינעם פון אונזער פאָלק און רעדען מיט איהם גאנץ ריינע און קלאָרע דבורים: איד, פערברען דיינע פערשפיצטע פלעקער און דיינע שטרויענע דעכער! איד, הער אויף צו זיין איד און ווער מענש, און וואָס מעהר מענש דו וועסט ווערען, אלץ וועניגער איד וועסטו זיין..."

איך וועל דאָ ניט אויסרעכענען בפרטיות אלע יענע „שטרויענע דעכער" און „פערשפיצטע פלעקער", וואָס געפינען זיך אין דער אידישער קולטור. דער גאנצער איבערנאטירליכער גלויבען אין מלאָכים, שדים, רוחות און צדיקים; די נארישע איינגעשמועסטקייט, אז מען קאָן דורך וועלכע עס איז מצוות און עבירות בין אדם למקום, — צווישען מענש און גאָט, — געפינען חן אין דעם אויבערשטענס אויגען אָדער חלילה ארויסרופען זיין צאָרן אנטקעגען זיך; כמעט דער גאנצער „שולחן־ערוך" מיט זיינע תרפ"ט אלפים דינים און מנהגים, — זיי אלע אָדער, ריכטיגער, כמעט אלע, זענען ניט קיין אנדער זאך, ווי „פערשפיצטע פלעקער" און „שטרויענע דעכער", וואָס קאָנען ניט אויסהאלטען קיין ברעקעל קריטיק פון דעם פראָגרעסיווען מענשליכען געדאנק. און ניט נאָר איז דאָס אונזער

פליכט צו דערקלעהרען עס דעם אידען, נאר ביי דער גאנצער טאלע־
דאניז, וואס מיר האבען צו דעם אנדערן׳ס מיינונגען און גלויבונגען,
— אדער ריכטיגער: דוקא אין דעם נאמען פון יענער טאלעראנץ,
טארען מיר ניט צולאזען, אז דאס פאלק זאל צווינגען ווערען
עס איז צו גלויבען אין זיינע אויסגעוועבטע דאגמען, אדער
זוייטער לעבען אין זיינע פערשימעלטע פארמען. אין, ווען מיר
זעהען, אז א הויפען פאנאטיקער קלייבט זיך ארום אין די אלטע
הילצערנע און שמוציגע „געטער״ און טאנצט א ווילדען טאנץ
און שרייט אין התלהבות: מה טובו אוהליך, יעקב, פלעקענערבא,
ישראל! — טארען מיר אודאי קיין פעראיבעל ניט האבען, ווען
ביי איינעם פלאצט די געדולד און ער נעהמט זיינע פלעקער
און זיין שטרויענעם דאך, וואס ער האט בעקומען בירושה פון
זיינע עלטערן, און מאכט אויף זיי א שעהנעם, לוסטיגען „להדליק״
בפני כל עם ועדה, ווי דאס האבען געטאן אונזערע אפיקורסישע
טאטעס. און אויב מיר זענען איצטער ניט צופריעדען מיט יענע
פרייד־פייערן, וועלכען אונזערע אפיקורסים פלעגען אנצינדען אוי־
מעדום צוליעב דעם כבוד פון דעם פרייען מענשליכען געדאנק, איז
דאס ניט דערפאר, וואס מיר האבען ווידער אנגעהויבען גלויבען
אין „פערשפיצטע פלעקער״ און „שטרויענע דעכער״, נאר דערפאר,
וואס זיי האבען אין יענע פרייד־פייערן אריינגעווארפען א סך
אזוינס, וואס מען האט בשום אופן ניט געטארט פערברענען, און
נאך מעהר דערפאר, וואס דער וועג, וועלכען זיי האבען אויסגע־
קליבען, כדי צו פערטרעטען די אינטערעסען פון „מעהר מענש און
ווייניגער איד״ איז געווען אן אבסאלוט פאלשער.

בעת דער אפיקורס פלעגט קומען צום פאלק מיט דער טענה:
„איד, הער אויף צו זיין איד און ווער מענש״ און האט איהם תוך
כדי דבור דעמאנסטרירט, וואס ער מאג על פי מענשליכען שכל
טהאן, האט דאס אין בעסטען פאל געמוזט ארויסרופען א פער־
וואונדערונג, א פשוט׳ען ניט־אנהויבען־צו־פערשטעהן אין די מוחות
און די הערצער פון אלע באמת פרומע אידען. מיט אן ערנסטען
טרויער אין הארצען האט דער פרומער איד געמוזט זיך חדוש׳ען
אויף דעם יונגען דור: הייסט עס באמת זיין מעהר מענש,
ווען מען פרעסט טרפה קאלבאס אום יום־כפור, זויפט ביער און

בראָנפען און ריטנעם מיט אַ שיקסע? זאָל אין דעם ליגן די טיפעס ין מענשליכע חשיבות, צוליעב וועלכער ער דאַרף זיך אָב־זאָגען פון זיין אידישקייט? און ער האָט גאָר געמיינט, אַז דער וואָס האַלט זיין ווילען אין צוים, און זיין געדאַנק ריין פון די תאוות הגוף און דאַס האַרץ אָפען פאַר דער שטים פון היילינקייט און אונענדליכקייט, איז אַ העכערער מהות מענש, איידער דער, וועמעס גאַנצער שכל איז אַריינגעטהאָן אין געשמאַק עסען, גע־שמאַק טרינקען און טאַנצען מיט שיקסעס. איהם האָט זיך גאָר געדוכט, אַז וואָס מעהר מענש מען איז, אַלץ אַ גרעסערען יחוס האָט ביי איינעם די „רוחניות", אַלץ מעהר „איד" איז מען, און וואָס מעהר „גראָבער גוי" מען איז, אַלץ וועניגער „מענש" איז מען...

דער פעהלער פון דעם אפּיקורס איז בעשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט זיין דער אַלטער אידישער רעליגיע געזעהן נאָר איהר שולחן ערוך'דיגע שאָלעכץ און האָט זיך ניט אַריינגעטראַכט אין איהר נ ש מ ה, אין יענע גרויסע, הייליגע און טיעף־מענשליכע נשמה, וואָס האָט זיך היסטאָריש פערבונדען מיט דער דרויסענדיגער שאָלעכץ פון דינים און מנהגים. און אויך אין דעם האָט ער געמאַכט דעם טעות, וואָס ער האָט די גרויסע, הייליגע, טיעף־מענשליכע נשמה פון זיין אייגענעם נייעם אפּיקורסישען גלויבען געוואָלט אַריינ־טראָגען אין פאָלק דורך דער טריפה'נער קאָלבאַס און דעם יום־כפור־טאַנץ מיט אַ שיקסע. גאַנץ אַנדערע וועגען האָט מען בע־דאַרפט אויסזוכען, ווי אַזוי די גרויסע נשמה פון דעם אַלטען דור זאָל אין דער גרויסער נשמה פון דעם נייעם דור דערקענען איהר אייגענעם מהות, איהר אייגענע אָבשפּיעגעלונג אין אַ נייער פראַ־גרעסיווער פאָרם. אָבער — ווי די מעשה איז — איז דאָס ניט מעהר, ווי אַ פראַגע פון דעם ריכטיגען וועג, פון דעם מעהר צוגעפּאַסטען מעטאָד, ווי אַזוי דורכצופיהרען דעם נייעם אמת אין לעבען. אין פּרינציפּ איז דער נייער קאָסמאָפּאָליטישער דור געווין גערעכט, ווען ער איז צוגעגאַנגען צו דעם אידישען לעבען מיט דער פאָדערונג, אַז אַלץ זאָל פון דאָרטען אָבגעשאַפט ווערען, וואָס קאָן זיך ניט פערענטפערן פאַר דעם מענשליכען שכל, דעם מענשליכען יושר און דער מענשליכער שעהנקייט. אין אַלע פע־

לען, וואו ער האָט געקאָנט בעשיינפערליך אויפווייזען, אז דאָס אידישע לעבען, די אידישע קולטור שטעהט הינטער די פאָדערונגען פון דעם מענשליכען פראָגרעס, קאָן קיינער ניט אָבליקענען אונזער רעכט צו קומען צו דעם אידישען פאָלק און זאָגען איהם: „איד, הער אויף צו זיין איד און ווער מענש. און וואָס מעהר מענש דו וועסט זיין, אלץ ווענינער איד וועסטו זיין".

אָבער — און דאָ הויבט זיך אָן דער גרעניץ, וועלכען דער קאָסמאָפּאָליט האָט ניט בעמערקט און וועלכען ער האָט לגמרי ניט געהאט קיין רעכט איבערצושטרייטען: קאָן מען דען באמת אלע קולטור־ערשיינונגען פון אלע פעלקער איינטהיילען נאָר לויט דעם גראַד פון שכל, יושר, שעהנקייט און מענשליכע חשיבות, וואָס איז אויסגעדריקט אין זיי? זענען די נאַציאָנאלע אונטערשיידען פון די פעלקער ניט קיין אנדער זאך ווי נאָר גראַד־אונטערשיידען פון מענשליכע מעלות, אזוי אז אויב זיי זאָלען זיך אלע אויפהויבען אויף דערזעלביגער שטופע פונ'ם פּראָגרעס, וועלען זיי אלע מוזען ממילא קומען צו דיזעלביגע רעזולטאטען און לעבען, דענקען און שאַפען? זענען אפשר דאָ אזעלכע קולטור־ערשיינונגען, וואו די נאַציאָנאלע פערשיעדענקייטען שיידען זיך פאנאנדער ניט דורך דעם גראַד פון דער מענשליכקייט, וואָס אין זיי, נאָר דורך דער אַרט פון דער מענשליכקייט, וואָס דריקט זיך אין זיי אויס, און וואָס איז בשום אופן ניט ערגער, איידער אַ וועלכער עס איז אַנדער מין?

לאָמיר אַ ביסעל אַ טראַכט טהאָן וועגען דעם.

פעלקער אונטערשיידען זיך איינער פון דעם אנדערן אויך לויט די שפּראַך, וועלכע זיי רעדען. אַ שפּראַך איז קודם כל אַ מיטעל, ווי אזוי דורך ווערטער אויסצודריקען אונזערע געדאַנקען און פאָרשטעלונגען. איין און דיזעלביגע פאָרשטעלונג פון דעם חפץ, וואָס איך האַלט איצטער אין מיין האַנד, דריקט דער איד אויס מיט דעם וואָרט „זייגער", דער רוס זאָגט אויף דעם „טשאַסי", דער דייטש רופט דאָס אָן „אוהר". וועלכער וואָרט איז מענשליכער: אין וועלכען איז פאַרקערפּערט אַ גרעסערער גראַד פון שכל, יושר, חשיבות און חן? אין קיינעם ניט פון זיי! זיי זענען אלע גלייך גוט, גלייך שעהן און גלייך מענשליך. אין זיי

זענען אָבער פערקערפערט פערשיידענע ע ר ט ע ן פון דער מענשליכער שפּראַך, פאַרשיידענע מ י נ י ם לשונות, ווי אַזוי אין קלאַנגען אויסצודריקען געדאַנקען. קומט איהר דעריבער אין דעם ענין פון שפּראַך צו דעם אידישען פאָלק און זאָגט איהם: „איד, הער אויף צו זיין איד און ווער מענש", האָט דאָס ניט קיין אַנדער טייטש, ווי: פערוואַרף דעם וואָרט „זייגער" און נעהם אָן אָנ־שטאָט דעם דאָס וואָרט... אָבער וואָסער אַנדער אָרט זאָל מען אָננעהמען אָנשטאָט איהם? און מיט וואָס איז יעדער אַנדער וואָרט מ ע נ ש ל י כ ע ר, איידער דאָס וואָרט „זייגער"?

איהר זעהט: אין דעם פּונקט פון דער שפּראַך, איינעם פון די וויכטיגסטע פּונקטען אין דעם נאַציאָנאַלען לעבען, האָט די קאָסמאָפּאָליטישע פאָרמעל: „וואָס מעהר מענש, אַלץ וועניגער איד" אין גאַנצען פערלאָרען יעדען שכל'דיגען מענשליכען זין. די שפּראַך איז אַ קולטור־צווייג, אין וועלכער עס דריקט זיך אויס דער מענשליכער שכל און די מענשליכע שעהנקייט, אָבער ביי יעדען פאָלק אויף אַן אַנדער אופן, און עס איז ניטאָ אויף דער וועלט קיין איין איינציגער ריכטער, וואָס זאָל אָביעקטיוו קאָנען ארויסברענ־גען, וועלכע שפּראַך איז די שעהנסטע, קלינגסטע און האָט אין זיך מעהר מענשליכע מעלות, איידער אַלע אַנדערע, אַזוי, אַז דער אַלגעמיין־מענשליכער שכל זאָל קאָנען פאָדערן פון יעדען איינעם, ער זאָל אָננעהמען דוקא יענע אויסגעצייכענטע שפּראַך.

אמת, עס זענען דאָ איינצעלנע מענשען, וואָס זיי ד ו כ ט זיך, אַז זיי האָבען „ע ל פ י ש כ ל" אויסגעפונען, וועלכע שפּראַך עס פערדיענט דעם שרביט הזהב, די קעניגליכע ווירדע איבער אַלע שפּראַכען. אָבער אויב איהר וואָלט געלאָזט די גאַנצע מענשהייט אָבשטימען איבער דער דאָזיגער פראַגע, וואָלט איהר אפשר צו אייער בעוואונדערונג בעקומען דעם רעזולטאַט, אַז יעדעם פאָלק וואָלט געשטימט פאַר זיין אייגענעם לשון: ווייל „שעהנער פון אַלע בילדער איז מיר מיין מאַמעס פּנים; ליעבער פון אַלע לשונות איז מיר מיין מוטער־שפּראַך". דאָס איז אַן אַלטער כלל פאַר אַלע פעלקער, — אַ כלל, פאַר וועמען דער אַלגעמיין־מענשליכער שכל מוז אונטערטהעניגסט איינבויגען זיין קאָפּ.

עס איז אויך אמת, אַז די אינטעליגענץ פון די אונטערדריקטע

אדער צוריקגעבליבענע פעלקער, וואס הויבט זיך ערשט אן אויס־צומענשלען אונטער דעם איינפלוס פון א פרעמדער קולטור און א פרעמדער שפראך, פאלט אפט אריין אין דעם דמיון, אז נאר די פרעמדע שפראך איז באמת א מענשליכע; דער אייגענער לשון אבער איז גאר ניט ווערטה, וואס ער לעבט אויף דער וועלט. זי איז דעריבער נוטה צו קוקען אויף איהר אייגענעם לשון פון אויבען אראפ און האלטען פאר א חשוב'ערען מענשען יענעם, וואס האט אין גאנצען פערגעסען, ווי צו רעדען אין דער שפראך פון זיין פאלק. אזוי איז א צייט געווען אין רוסלאנד, ווען די רוסען האבען מבזה געווען זייער שעהנעם רוסיש, און דעם אידעאל פון א חשוב'ען געבילדעטען מענשען האבען זיי געזעהן אין יענעם, וואס האט געקאנט רעדען און דענקען אין פראנצויזיש. דאס אייגענע האט אויך פאסירט אין דייטשלאנד, וואו אזעלכע אמת געבילדעטע גייסטער ווי פריעדריך דער גרויסער האבען זיך געקאנט בעריהמען מיט דעם, וואס זיי קאנען ניט קיין דייטש, אדער קאנען עס ניט גוט. איצטער וועט קיין רוסען און קיין דייטשען ניט ארויף אויפ'ן זינען צו קוקען פון אויבען אראב אויף זייערע שפראכען, אדער צו פאלען כורעים פאר דעם „פראנצויז". אדרבה, ביי די צוויי פעל־קער האט זיך אויסגעבילדעט אן אמת'ע טיעפע ליעבע און פער־עהרונג צו זייער לשון, צו דעם שכל און דער שעהנקייט, וואס ליעגט איינגעוויקעלט אין איהם.

ווי אזוי איז דאס געשעהן? גאר פשוט! בעת די דייטשען און די רוסען האבען זיך גענומען אויסמענשלען אין פראנצויזיש, זענען זיי נאך געווען ק נ א פ ע מ ע נ ש ע ן. אליין ארעם אין בילדונג און שעהנע, טיעפע געדאנקען, האבען זיי אויך ניט געקאנט בעמערקען די פערבארגענע שעהנקייטען פון זייער איי־גענעם לשון. אין גאנצען פער'כשופ'ט פון דעם פרעמדענס גע־שמאק און שכל, איז ביי זיי לגמרי אבגענומען געווארען זייער איי־גענער שכל און זייער אייגענער געשמאק. אבער וואס מעהר מענש זיי זענען געווארען, וואס זעלבסטשטענדיגער עס איז געווארען זייער טראכטען און פיהלען, אלץ העכער האט גענומען רעדען ביי זיי דער אייגענער דענקען און דער אייגענער פיהלען. מיט דער ענטוויקלונג פון דער אינטעליגענץ האט זיך אין דערזעלביגער צייט

אויך ענטוויקעלט איהר היימישער לשון, און וואס מעהר וויסען און בילדונג עס האבען גענומען זהיינדרינגען אין די מאסען, אלץ מעהר לעבענס־קראפט איז ארייגעיאגט געווארען אין זיינע אדערן, אלץ פולער און גראציעזער זענען געווארען זיינע פארמען, אלץ הנ׳עוודיגער זיינע בעוועגונגען. סוף־כל־סוף האט די אינטעלי־גענץ געמוזט אין דער אייגענער שפראך דערבליקען דעם בעסטען, לייכטעסטען מיטעל צו שאפען איהרע בעשאפונגען, צו בעשרייבען איהרע זעהונגען, צו בעזינגען איהרע געפיהלען, ארויסצוברומען איהר וועהטאג און ארויסצושאלען איהר פרייד.

אויף אזא׳ן אופן איז די שפראך מיט טויזענדער פעדים צו־נויפגעבונדען געווארען מיט דער נשמה — און אנשטאט דעם אלטען דמיון, אז דער אייגענער לשון איז א מיאוס׳ע דיענסט־מויד, וואס טאר ניט האבען די העזה צו בעווייזען זיך אין סאלאן, אויף וועלכער קיין אנשטענדיגער מענש קאן ניט אויסדריקען קיין איין אנשטענדיגען געדאנק, איז אויסגעוואקסען די אנדער אילוזיע, אז זי, די שפראך פון זייער פאלק, איז די איינציגע קעניגין צווישען אלע שפראכען פון דער וועלט.

אמת, יעדער איינער פערשטעהט מיט׳ן שכל, אז די אי־לוזיע איז ניט מעהר ווי אן אילוזיע, ניט מעהר ווי א דמיון און געפיהל, אבער אזוי ווי דער דאזיגער דמיון שאדט קיינעם ניט, אזוי ווי די ליעבע צו דער אייגענער שפראך איז צו־נויפגעבונדען מיט דער ליעבע צו אלע יענע גרויסע קולטור־אוצרות, וועלכע דאס פאלק בעשאפט אי פאר זיך, אי פאר דער מענשהייט, האט מען זיך ניט וואס צו שעהמען מיט דער דאזיגער הייסער ליעבע צו דעם אייגענעם לשון און מען דארף ביי דעם אלגעמיין־ מענש־ליכען שכל ניט אויסבעטען קיין היתר אויף איהם, ווייל דער אלגעמיין־מענשליכער שכל האט ניט קיין אייגענע שפראך, וואס ער זאל קאנען ארויפצווינגען אויף אלע מענשען. אגב, פערשטעהט ער, דער אלגעמיין־מענשליכער שכל, גאנץ גוט, ווי אזוי מען קאן זיך פערליעבען אין יענע קלאנגען, וואס זענען אזוי נאהענט צו דער נשמה, אזוי ענג צונויפגעוואקסען מיט אלע איהרע פערבאר־גענע פאלדען.

וואס לערנט אונז די דאזיגע ערשיינונג? זי אנטפלעקט אונז

זעהר א װיכטיגען אמת פאר אונזער ענין. בעת די רוסישע אינ־טעליגענץ איז אין איהר שפראך געשטאנען אונטער דער שליטה פון דער פראנצויזישער קולטור, האט זי אפשר געקאנט מיינען, אז וואס מעהר מענש איינער איז, אלץ מעהר פראנצויז איז ער און אלץ וועניגער רוס. אבער מיינען אזוי האט זי געקאנט נאר דער־פאר, ווייל דער מ ע נ ש אין דעם רוס איז נאך געוועזן פון גאר א שוואכער מדרגה; ער איז געוועזן א ווייכער אקס, אויף וועלכען דער פראנצויזישער זשעני האט געקאנט ארויפלעגען זיין שטעמ־פעל. אבער וואס מעהר מ ע נ ש דער רוס איז געווארען, וואס וויטער זיין האריזאנט, וואס שטארקער זיין אייגענע שאפונגס־קראפט, אלץ מעהר „רוס" איז ער געווארען לכל הפחות בנוגע צו דעם אייגענעם רוסישען לשון.

און אקוראט די זעלביגע ערשיינונג שפיעלט זיך איצטער אב פאר אונזערע אויגען ביי דעם אידישען פאלק מיט דער אידישער שפראך. ווען אונזער רוסיש־אידישע אינטעליגענץ האט זיך נאר וואס גענומען „אויסמענשלען", איז זי געוועזן, ווי א וואקס אין די הענד פון דער פרעמדער קולטור און דער פרעמדער שפראך. רע־דען ווי א „מענש" האט געהייסען רעדען רוסיש (אדער פויליש אין פוילען). אבער אט איז די אינטעליגענץ א ביסעלע אונטערגע־וואקסען, אט האט זי גענומען שפירען אין זיך איהרע אייגענע כחות, און מיט דעם פאנאנדערבליהען פון די אייגענע כחות האט זיך גענומען פאנאנדערבליהען אויך דער אידישער לשון. פער־גלייכט דעם מצב פון אידיש א יאהר פינף־און־צוואנציג צוריק מיט איהר איצטיגען צושטאנד! דערמאהנט זיך, ווי אומגעלומפערט, ווי בעריש עס איז געוועזן איהר יעדער ריהר, וויבאלד זי האט גע־מוזט ארויסקריכען פון איהרע אייגענע פיער ווינקעלעך און אויס־דריקען א וועלכען עס איז מענשליכען געדאנק. און בעטראכט ווי גראציעז, ווי זיכער עס זענען איצטער אלע איהרע בעוועגונגען, ווי שנעל זי קאן זיך צופאסען צו יעדער גייסטיגער לאגע, און ווי פינקטליך זי קאן איבערגעבען יעדען, לאז זיין ווי פערוויקעלטען געדאנק! די אידישע שפראך איז איצטער גאנץ בעשטימט גע־ווארען מעהר „אידיש", איידער זי איז געוועזן, און דער איד, וואס רעדט און שרייבט איצטער אידיש, רעדט און שרייבט גאנץ זיכער

א פיעל בעסערען אידיש, איידער אמאל. ער איז אין דעם פרט פון דער שפראך געווארען מעהר א י ד. א דאנק די טעגליכע צייטונגען, דעם טהעאטער, דעם אידישען בוך, די פערזאמלונגען, וואו געבילדעטע מענשען דריקען אויס זייערע געדאנקען אין אידיש, ווערט אלץ רייכער און ווערטער און אויסדריקען דער אוצר פון אונזער שפראך און דער איד ווערט אלץ וועניגער געצוואונגען צו שעפען פון א פרעמדען קוואל. הייסט עס, אז אין דעם פרט פון דער שפראך איז דער איד געווארען מעהר איד, דער רוס מעהר רוס און דער דייטש מעהר דייטש, ניט פאר קיין אנדער זאך, נאר דערפאר, וואס זיי אלע זענען געווארען מעהר מ ע נ ש...

הייסט עס, אז לכל הפחות אין דעם ענין פון דער שפראך, האבען מיר פאר אונז א פאל, וואו די אלטע פארמעל: „וואס מעהר מענש, אלץ וועניגער איד", איז — ניט נאר זי פערליערט יעדען זין, נאר אדרבה, זי ווערט פערוואנדעלט אין איהר אייגענעם היפך: וואס מעהר מענש מען איז. וואס רייכער עס ווערען די ענינים, וועגען וועלכע דער אידישער מענש דענקט; וואס שטארקער אין איהם ווערט די קראפט פון דעם אייגענעם שאפען, אלץ מעהר איד ווערט מען, אלץ בולט'ער און שארפער ווערט יענער נאציאנאלער סימן זיינער, וואס דריקט זיך אויס אין זיין לשון.

לאזט מיך דא בעריהרען נאך א פאר פונקטען, וואס זענען פערבונדען מיט דער אידישער שפראך־פראגע אין איהר שייכות צו „איד און מענש".

מיר האבען געזעהן, ווי די געבילדעטע קרייזען פון א צוריקגעבליעבענעם פאלק פערליערען דעם רעספעקט צו זייער אייגענעם לשון און פיהלען א מין יראת הכבוד פאר דער פרעמדער רייכערער שפראך. דאס איז גאנץ בעשטימט דער געפיהל פון דרך־ארץ, וואס א ניעדריגערע קולטור האט צו א העכערער. אבער אזא מין אראבפאלען אין די אייגענע אויגען האט בעצם ניט געקאנט אנריהרען ניט דעם פערזענליכען שטאלץ, ניט דעם שטאלץ פון דעם פאלק. א רוסישער גראף אדער קניאז האט אפשר געשפירט, אז זיין פראנצויזישער פאריקמאכער, מיט זיינע עלעגאנטע מאניערען, מיט זיין געשליפענעם צינגעל און זיין גראציעזען פראנצויז, איז אין א געוויסען פרט א העכערע, חשוב'ערע בריאה, איידער ער

אַליין. אָבער נאָר אין אַ געוויסען פּרט, — אין דעם פּונקט פון שפּראַך און אויסערליכער קולטור. אין אַלע אַנדערע פּונקטען איז ער, דער גראַף, פּאַרט דער מיוחס, דער גראַף, און יענער איז דער פּאַריקמאַכער. און אויך בנוגע צו דעם אייגענעם פאָלק איז ער, דער גראַף, אַ קינד פון דער גרויסער, מעכטיגער רוסישער נאַציע, וואָס האָט פּאָליטיש און היסטאָריש אין קיין פאַל ניט וואָס אונטערצובויגען זיך אונטער פראַנקרייך און וואָס איהר כבוד ווערט בשום אופן ניט פּערטונקעלט דורך דעם גלאַנץ פון דעם פראַנצויזישען נאָמען. אפילו אין די ערגסטע צייטען פון דער רוסישער אסימיליאַציע האָט קיינעם פון די געבילדעטע ניט געקאָנט אַרויף אויפ'ן זין, אָבצוזאָגען זיך פון דעם אייגענעם פאָלק דערפאַר, וואָס ער שטעהט אויף אַ ניעדעריגערער קולטור־מדרגה, און אויפצוגעבען די עקזיסטענץ פון דער רוסישער נאַציע מחמת דעם, וואָס איהר שפּראַך איז ניט אַזאַ חשוב'ע, ווי די פראַנצויזישע.

אַ גאַנץ אַנדער פּסיכאָלאָגיע האָט געמוזט הערשען — און הערשט נאָך עד היום — ביי אַ גרויסען טהייל פון די אידישע גאַנץ געבילדעטע, האַלב־ און פּערטעל־געבילדעטע קרייזען. דער רום און זיין שפּראַך איז אין זייערע אויגען געווען אַ העכערע בריאה ניט נאָר מחמת זיין העכערער קולטור, נאָר ווייל ער איז אויך אַ חשוב'ערער מענש אין דער געזעלשאַפטליכער שטעלונג און אין דעם שטאַאַטליכען לעבען. אַ שכור'ער שרייבער'ל ביי דעם „סטאַנאָוואָי" אין אַ שטעדטעל איז געזעלשאַפטליך אין רוסלאַנד אַ סך אַ גרעסערער מיוחס איידער דער רייכער אידישער סוחר. אָבזאָגען זיך פון אידיש און ריידען די שפּראַך פון דעם שכור'ען שרייבער'ל הייסט דעריבער ניט נאָר אריינגענומען ווערען אין דער ספערע פון דער העכערער קולטור. די קולטור־פראַגע האָט דאָס רוב געשפּיעלט גאָר אַ קליינע ראָליע אין דעם אסימיליאַציאָנס־פּראָצעס פון די ברייטערע אידישע קרייזען. אַ סך אַ גרעסערע ראָליע האָט דאָ געשפּיעלט דאָס ווילען אויפהויבען זיך אויף אַ העכערער שטופע אין דעם געזעלשאַפטליכען לעבען, אויסגלייכען זיך אין יחוס מיט דעם גוי. די רוסישע שפּראַך איז געווען אַן אויסערליכער צייכען, אַז מען געהערט שוין ניט מעהר צו יענעם פערוואָרפענעם, בעשפּיענענעם פאָלק, וואָס יעדער איינער האָט אַ רעכט צו טרעטען עם

מיט די פיס. דורך זיין רעדען רוסיש, דורך דאָס נאָכמאַכען די מאַניערען פון דעם רוס, האָט דער אסימילירטער איד געוואָלט אויפהויבען זיין מענשליכע חשיבות סיי אין די אויגען פון דעם רוס, סיי אין די אייגענע אויגען. דורך „ווענינ איד" האָט ער געוואָלט פערדעכענט ווערען פאַר „מעהר מענש".

איהר ווייסט אַלע, ווי צרה'דיג עס האָט זיך אויסגעלאָזען יענער עקספערימענט און וואָס פאַר א גרויסען טעות דער אַסימי־ליאַטאָר האָט דאָ געמאַכט אין חשבון. דער אידישער נאָמען איז בשום אופן ניט אויפגעהויבען געוואָרען, א דאַנק דער רוסישער שפּראַך־אסימיליאַציע, און דער איד איז ניט געוואָרען מעהר מיוחס, ווען ער האָט אָנגעהויבען צו רעדען „רוס".

וואו איז דאָ געלעגען דער טעות אין זיין חשבון?

דער אסימיליאַטאָר האָט זיך געיאָגט נאָך א העכערער מענש־ליכער חשיבות, — געוויס א בערעכטיגטער און מענשליכער שטרע־בען. אָבער ער האָט דאָ צונויפגעמישט צוויי זאַכען: מענשליכען שטאָלץ און וויסטע גאוה. דער מענשליכער שטאָלץ רוהט אויף דעם בעוואוסטזיין פון מיין אייגענעם ווערטה, אַלץ איינס, וואָס די ארומיגע ועלט זאָל ניט האַלטען פון מיר. די וויסטע גאוה האָט ניט קיין אייגענעם ווערטה־מאַסשטאַב, זי נעהמט איהם אריבער פון דער פרעמד. זי יאָגט זיך קודם כל נאָך דעם אנדערן'ס אָב־שעצונג, נאָך י ע נ ע ם ' ס גוטער מיינונג וועגען מיר. אין דער וויסטער גאוה פערליערט דעריבער דער מענש דעם דרך־ארץ צו זיך אַליין. אין זיין נשמה מוז זיך אריינ'גנב'ענען א פונק פון יענער ה י נ ט י ש ע ר פּסיכאָלאָגיע, וועגען וועלכער איך האָב גערעדט אין דעם אָנהויב פון מיין פאַרלעזונג. מיט גליקזעליגע בליקען פון הינטישער אונטערטהעניגקייט קוקט דער אסימיליאַטאָר אויף זיין „גאָט", וועמען ער וויל נאָכמאַכען, דרעהט מיט'ן וויידעל, פאַר יעדען ביסעלע כבוד, וואָס דער „גאָט" קאָן איהם שענקען. וואָס פאַר אַן ע ה ר ע דאָס איז צו האָבען דעם „סטאַנאָוואָי" אַליין ביי זיך אין שטוב, שפּיעלען מיט איהם כטוקעלקע און אפשר נאָך זיין מיט איהם „נא טי" און רעדען מיט איהם רוסיש הויך אויפ'ן קול אזוי, אַז אַלע זאָלען הערען און פּלאַצען פאַר קנאה. עס פער־שטעהט זיך, אַז דאָס מוז ניט זיין דוקא דער „סטאַנאָוואָי". וואָס

פאַר אַן ארט „אמת'ער רום" דאָס דאַרף זיין, כדי זיין פריינדשאַפט זאָל אייגעם ברענגען כבוד, — דאָס הענגט אָב פון דעם בילדונגס־גראַד און דער געזעלשאַפטליכער שטעלונג פון דעם אידען. פאַר איינעם איז דאָס דער „סטאַנאָוואָי", פאַר דעם אַנדערן א גובער־נאַטאָר, פאַר דעם דריטען א „פיסאַטעל", פאַר דעם פערטען א בעריהמטער געזעלשאַפטליכער טהוער. דער עצם פון דער וויסטער גאוה בלייבט אָבער דערזעלביגער: דאָס איז דער אייגענער בטול היש, דאָס פערליערען פון דעם אייגענעם פנים, דאָס וועלען זיך באָדען אין יענע שטראַהלען פון כבוד, וואָס די נאָהענטקייט פון דעם פרעמדען מיוחס קאָן איינעם געבען.

עס איז גאָר קיין ספק ניט, אז די פעראַכטונג צו דער אי־דישער שפּראַך איז ביי א גרויסען טהייל אסימיליאַטאָרען אויס־געוואַקסען אָט פון דער וויסטער גאוה, אָט פון דעם הינטישען בטול היש, וואָס איז די סטרא אחרא פון דעם מענשליכען שטאָלץ. און עס איז קיין חידוש ניט, וואָס אָט די וויסטע גאוה האָט ניט געקאָנט דערגרייכען איהר ציעל: דרך־ארץ קאָן מען נאָר האָבען צו דעם, וואָס האָט דרך־ארץ פאַר זיך אַליין. און דער, וואָס שפּייט זיך אַליין אין פּנים, פערדיענט אויך דעם שפּיי פון דעם אַנדערן. וואָל־טען יענע אסימיליאַטאָרען אָנשטאָט וויסטער גאוה געהאַט מ ע נ ש־ל י כ ע ן ש ט א ל ץ, וואָס רעכענט זיך נאָר מיט דעם אייגענעם ווערט, און קעמפּפט, אז די דרויסענדיגע וועלט זאָל אָנדערקענען מיין ווערטה, וואָלטען זיי באַלד געקאָנט איינזעהן, אז אַלע שפּראַ־כען זענען גלייכע מיוחסים און אז אָבזאָגען זיך פון דער אייגענער שפּראַך צוליעב א פרעמדער, הייסט אומזיסט און אומנישט אָנ־שפּייען זיך אַליין אין פּנים. א ביסעלע מעהר מענשליכער שטאָלץ אין דעם אידען וואָלט געמאַכט אונמעגליך דאָס פערלאָזען פון אי־דיש. וואָס מעהר מענשען זיי וואָלטען געווען, אַלץ מעהר אידען וואָלטען זיי געבליעבען.

אזא בליק אויף דעם ענין פון דער שפּראַך איז אָבער נאָך אין גאַנצען פרעמד פאַר א סך פון דער אידישער אינטעליגענץ, אפילו פון דער, וואָס האָט גאַנץ געוויס קיין ברעקעל שפּור ניט פון הינ־טישער פּסיכאָלאָגיע אין איהר נשמה. עס זענען דאָ ביי אונז מענשען, וואָס פערשטעהען בכלל ניט, וואָס מאַכט מען דאָ פאַר

אַזאַ ווערטער פון דער שפּראַך. איז דען די שפּראַך עפּעס מעהר, איידער אַ מיטעל אויסצודריקען געדאַנקען, און דאַרף אַן אמת'ער מענש האָבען ביי די געדאַנקען עפּעס מעהר אין זין, איידער אמת און יושר? וואָס איז די נפקא מיניה, אין וואָס פאַר אַ קלאַנגען מען ברענגט קלאָר ארויס די דאָזיגע אידעאַלען? „קאַזאַלע־מאַזאַלע, זבי דאָברע מיינעלע".

איך ווייס ניט, צי איך איז בעקאַנט אַנ—סקי'ס „פּיאָנערי" און צי איהר געדענקט די סצענע, ווי דער קליינשטעדטעלדיגער משכיל, וואָס איז אַנטלאָפען אין די גרויסע שטאָדט צוליעב דער אמת'ער השכלה, לערנט זיך ביי אַ גימנאַזיסט די רוסישע שפּראַך. געבראָטענע ליידען שטעהט ער אויס פון דעם, וואָס ער קאָן ניט ארויסרעדען ריכטיג דאָס רוסישע וואָרט „טשיזש". ווי ער מאַטערט זיך ניט, קומט ביי איהם אַלץ ארויס „ציזז" — און ער פערשטעהט ניט: וואָס איז דאָ דער אויפגעקלעהרטער גימנאַזיסט אַזוי מקפּיד אין דעם ענין? וואָס קאָכט ער זיך אין דעם „טשיזש"? קאָן דען פערענדערט ווערען דער ע נ י ן, ווען מען פערדרעהט אַ ביסעל זיין נאָמען? ווערט דער פויגעל אַן אנדערער, ווען מען רופט איהם „ציזז" אָנשטאָט „טשיזש"?

אַזאַ פּסיכאָלאָגיע איז זעהר פערשפּרייט ביי דער אידישער יוגענד און זי שטאַמט פון אַן אנדער מין „בטול־היש", וואָס איז זעהר פערשיידען פון דעם היינטישען „בטול־היש", וועגען וועלכען איך האָב נאָר וואָס גערעדט. זי שטאַמט פון אונזער ב ט ל נ ו ת. דער אמת'ער אידעעלער בטלן האָט נאָר צוויי אידעאַלען אין האַרצען: אמת און יושר. שעהנקייט און מענשליכע חשיבות זענען ביי איהם קינדערשע זאַכען, מיט וועלכע אַן ערנסטער מענש טאָר זיך ניט אָבגעבען. אָבער דאָ מאַכט דער בטלן דעם גרעסטען טעות. ער פערזעהט אין גאַנצען דעם פאַקט, אַז „אמת וצדק" איז נאָר אַ טהייל פון אונזערע העכסטע מענשליכע אידעאַלען, — דער פונדאַמענט, אויף וועלכען זיי אַלע דאַרפען אויפגעבויט ווערען. נאָך העכער איידער דער פונדאַמענט, איידער אמת און יושר, הויבען זיך אויף פאַר דעם מענשען די אידעאַלען פון שעהנקייט און מענשליכע חשיבות. זיי צו פערגעסען הייסט אוועקמאַכען בלאחר יד אַלץ, וואָס טראָגט אריין רייכקייט און פאַרב אין דעם מענשען'ס

נשמה, אלץ וואס האט א ווערטה צוליעב זיך אליין און ניט צוליעב אן אנדער זאך.

מען קאן זאגען, אז אין קיין זאך טרעט ניט ארוים אזוי קלאר די מענשליכע נאטור פון דעם מענשען, ווי אין זיין ליעבע צו שעהנקייט, צו דער שעהנער פארם גופא, ווייל נאר זי אליין איז א „אהבה שאינה תלויה בדבר“. א ריינע ליעבע אהן עגאאיסטישע פניות און הינטער־געדאנקען. געוויס, אויך די ריינע אמת־ליעבע צוליעב דעם אמת גופא; אויך די איבערגעבענקייט צו די אידעאלען פון יושר צוליעב דעם יושר גופא טראגען אויף זיך דעם זעלביגען שטעמפעל פון „אהבה שאינה תלויה בדבר“, דעם העכסטען גע־פיהל, צו וועלכען נאר די מענשליכע נשמה איז מסוגל. אבער ערגעץ טרעט ניט ארוים דער געפיהל אזוי ריין און קלאר, ווי אין דער ליעבע צו שעהנקייט, און אין דעם שטרעבען צו אינווענינ־סטער מענשליכער חשיבות, ווייל אמת און יושר קאנען נאך, א חוץ דער ריינער הנאה, וואס זיי ברענגען מיט זיך, בערייכערן דעם מענשען מיט נוצליכע זאכען, בעת שעהנקייט און אינווענינסטע מענשליכע חשיבות קאנען קיין ברעקעל נוצען פאר דעם מענשען ניט שאפען. זייער גאנצער ווערטה בעשטעהט אות באות אין דעם, וואס זיי זענען א פעאים ניט ווערטה. זיי וועלען דעם מענשען ניט מאכען געזינטער, קליגער, רייכער, פעטער. אבער זיי מאכען איהם מענשליכער, און שאפען פאר איהם יענעם טיעפען גליק, יענעם צושטאנד פון ריינער פרייד, צו וועלכער דער מענש דארף שטרעבען, ווען ער וויל וויסען, וואס הייסט לעבען ווי א מענש.

נאר צוויי קלאסען מענשען האבען פערלארען דעם חוש פון שעהנקייט און חשיבות, אדער פערשטיקען איהם מיט א כיון אין זייער הארצען. דאס איז דער גראבער עגאאיסט, וואס איז ניט אוועק א סך ווייטער פון דער חיה, ביי וועמען די אידעאלען פון עסען, טרינקען, שלאפען, סעקסועלע ליידענשאפטען און אפשר נאך די ליידענשאפטען פון וויסטער גאוה פילען אוים אלע ווינקעלעך פון דער נשמה. און דאס איז אויך דער עטישער בטלן, וועמעס הארץ עס קלאגט, אמת, אויף דעם „צרת הכלל“, אויף די ליידען פון דער מענשהייט, וואס פערשטעהט אבער ניט, אז די ליידען פון דער מענשהייט בעשטעהען ניט נאר אין די שמארצען פון דער

הונגעריגער היה אין דעם מענשען, נאר אויף אין זיין שטרעבען צו א שעהנעם, חשוב'ען מענשליכען זיין.

גריילעך וואלט איך מיך איצטער אבגעשטעלט א ביסעל מעהר אויף דעם ענין פון עטישע בטלנות ניט נאר ביי אונז אידען, נאר אויך אין דער געשיכטע פון דער גאנצער מענשליכער וועלט. נאר ליידער וואלט דאס אונז אוועקגעפיהרט צו ווייט פון אונזער טהע־מע. לאמיר זיך בענוגענען מיט דער בעמערקונג, אז די קאלטקייט צו די שעהנקייטען פון דער שפראך, — די גלייכגילטיגקייט, אין וואס פאר א שפראך מען זאל רעדען און ווי מען זאל געברויכען איהרע אויסדריקען, איז נאר ניט אזא חשוב'ע מענשליכע מעלה, ווי עס קאן זיך אפשר אויסדוכטען אויף דעם ערשטען בליק. א נארמאלער מענש ליעבט זיין שפראך, — וואס פאר א שפראך דאס זאל ניט זיין, און וואס מעהר מענש ער איז, אלץ שטארקער איז זיין ליעבע צו איהר.

איך האב מיך אזוי לאנג אויפגעהאלטען אויף דעם ענין פון שפראך און שפראכען־ליעבע, ווייל דאס איז איינער פון די וויכ־טיגסטע פעלזען, אן וועלכע עס צושלאגען זיך די וואלען פון קאסמאפאליטיזם. אויב שפראך־פארם איז ניט קיין גלייכגילטיגע זאך פאר דעם מענשען, אויב די ליעבע צו איהר וואקסט מיט דער ענטוויקעלונג פון מענשליכקייט אין איהם און אויב דער אלגעמיין מענשליכער שכל קאן בשום אופן ניט ארויסברענגען, וועלכע שפראך איז די מענשליכסטע, איז יעמאלט ניטא קיין ברעקעל האפנונג, אז דער קאסמאפאליטישער אידעאל, — די פערשווינדונג פון אלע פעלקער־קולטורען אין איין מענשהייטס־קולטור און אין איין מענש־הייטס־שפראך, — זאל ווען עס איז מקוים ווערען.

אין דער אמת'ען! אונטערדריקטע, צוריקגעבליבענע פעל־קער אדער איינצעלנע שיכטען פערלאזען אפט זייערע שפראכען טייל אויס פיהישער גלייכגילטיגקייט צו מענשליכע אינטערעסען, טייל אויס וויסטער גאוה, טייל אויס עטישער בטלנות און נאך א גרעסערער טייל דערפאר, ווייל עס זענען דא הערשענדע שפראכען, צו וועלכע עס לוינט זיך בעסער צו־צושטעהן, ווייל פאר זיי ניט מען איצטער מעהר שמאליז. אבער מיט דער ענטוויקעלונג פון דעם מענשליכען פראגרעס מוזען מיר דאך דערלעבען אזא צייט.

ווען די איינטיילונג אין הערשענדע און בעהערשטע וועט אין גאַנ־צען אָבגעשאַפט ווערען. עס מוז דאָך קומען אַ מאָמענט, ווען קיין גרופּע מענשען וועט ניט האָבען קיין שום איבערוואָג איבער קיין אַנדער גרופּע און יעדע פון זיי וועט האָבען די פולע מעגליכ־קייט צו לעבען נאָך איהר הארצענס בעגעהר. און יעמאָלט, ווען די ניעדעריגערע בעדערפעניסען פון דעם מענשען וועלען בעפריע־דיגט ווערען דורך אַ קלוגען סיסטעם פון יושר, וואָס וועט אַריינ־געפיהרט ווערען אין דעם לעבען פון אַלעמען, וועט דער מענש, בעפרייט פון דער דאגת חיונה, זוכען זיין גליק אין דער בעפריעדי־גונג פון די העכערע בעדערפעניסען, דער ליעבע צו אמת, שיינהקייט און מענשליכע חשיבות. וואָס מעהר גיטער פון העכערער קולטור אַ פאָלקס־גרופּע וועט יעמאָלט אויסאַרבייטען אָדער אַריבערנעהמען פון דער פרעמד, אַלץ רייכער וועט ווערען איהר שפּראַך און אַלץ שטאַרקער — איהר ליעבע צו איהר.

פרעגט זיך די שאלה: וואָס וועט יעמאָלט קאָנען צווינגען די דייטשען, זיי זאָלען זיך אָבזאָגען פון זייער דייטש און פער־בייטען עס, לאָמיר זאָגען אויף פראַנצויז? וואָס וועט דעם אידען צווינגען, זיך אָבצוזאָגען פון אידיש און אָננעהמען לאָמיר זאָגען רוסיש אָדער ענגליש? קיין זאַך קאָן יעמאָלט קיינעם ניט צווינגען דערצו. אין די בעדינגונגען פון פאָלקאָמענער גלייכהייט מוזען זיך די שפּראַכען פאַנאַנדערבליהען נאָך שטאַרקער, איידער איצ־טער, — די קולטורען פאַנאַנדערוואַקסען זיך יעדע אויף איהר שטייגער, לויט איהר אינווענינסטער טבע, און די נאַציאָנאַלע סמנים פון אַ פאָלק מוזען יעמאָלט ווערען נאָך בולט'ער און שטאַר־קער.

דער קאָסמאָפּאָליטיזם האָט פערזעהן, אַז עס זענען דאָ אַ סך קולטור־צווייגען, וואָס דריקען זיך אויס ביי יעדען פאָלק אין אַ פערשיידענער נאַציאָנאַלער פאָרם, אָבער וואָס זענען פון דעסטוועגען אַלע גלייך מענשליך, אַלע פון גלייכען ווערטה און קאָנען אַלע האָ־בען אין זיך דעם זעלביגען גראַד פון אמת, יושר, חן און מענשליכע חשיבות. אויף אַזאַ'ן אופן האָט גאָר קיין ברעקעל זין ניט צו־צוטרעטען צו אַ וואָסער עס איז פאָלק מיט דער פאָדערונג: „פאָלק, הער אויף צו זיין פאָלק און ווער מענש", ווייל עס איז אין דער־

נאנצער מענשהייט ניטא קיין איין איינציגע פארם, אין וועלכער עס זאל זיך אויסדריקען יענער קולטור־צוויג און וואס זאל האבען מעהר רעכט אויף זיין ליעבע, איידער זיין אייגענע נאציאנאלע פארם.

די שפראך איז נאר איין צוויג אזא. עס זענען דא נאך א סך אנדערע. נעהמט, צ. ב. די שעהנע ליטעראטור, וואס איז אזוי שטארק פערבונדען מיט דער שפראך. לאמיר אננעהמען, איהר ליעבט יענעם מענשליכען געלעכטער דורך טרעהרען, וואס האט ארויסגעבראכט אין ענגלאנד דיקענסען, אין רוסלאנד גאגאל'ן און ביי אונז, אידען, שלום־עליכם'ען. איך וויים ניט, ווי איהר קוקט אויף שלום־עליכם'ען. עס קאן זיין, איהר זייט נאך ניט געוואוינט אוועקצושטעלען א אידישען שרייבער אין איין ליניע מיט אזעלכע גדולים פון דער אל־וועלטליכער ליטעראטור. אבער איך וואלט אייך דורך א ליטערארישען אנאליז געקאנט בעווייזען אזוי קלאר, ווי דער טאג, אז דער מחבר פון אזעלכע ווערק ווי „חוה", „ראבטשיק", „אויף פסח אהיים" און נאך א סך, א סך אנדערע דארף בשום אופן ניט אראבלאזען די אויגען פערשעהמטערהייד, ווען מען שטעלט איהם אוועק לעבען גאגאל'ן און דיקענס'ען. און ווער רעדט שוין וועגען א מארק טוויין! מיט איהם קאן שלום עליכם אויף אלע פעל תמיד האלטען די וואג. על כל פנים וועט מיר, דעם אידען, געוויס זיין נעהנטער צום הארצען און טהייערער מיין שלום־עליכם, איידער דער רוסישער גאגאל אדער דער ענגלישער דיקענס, — ווער רעדט שוין וועגען דעם אמעריקאנער מארק טוויין.

נו? קאנט איהר צוגעהן צו מיר און זאגען: „איד, הער אויף צו זיין איד און ווער מענש; פערוואָרף דיין שלום־עליכם און קוויק זיך מיט מארק טוויינ'ען!" מיט וואס איז מארק טוויין חשוב'ער, איידער שלום־עליכם? זיי זענען ביידע אין בעסטען פאל — דעם בעסטען פאר טוויינ'ען — גלייך חשוב. אין זיי, אין ביידען האט זיך אויסגעדריקט איין און דערזעלביגער אלגעמיין־מענשליכער שטריך פון לאכען דורך טרעהרען, אבער ביי ביידען, ווי אויך ביי גאגאל'ען און דיקענס'ען, האט זיך דער דאזיגער אלגעמיין־מענשליכער שטראהל איבערגעבראכען אין א בעזונדער נאציאנאלער אט־

מאָספערע, אויף אַ בעזונדער נאַציאָנאַלען שטייגער און אַנשטאַט אין הומאָריסטישער אַרט האָט איצטער די מענשהייט גאַנצע פּיער.

צו דעם אייגענעם רעזולטאַט קומט איהר, ווען איהר טראַכט זיך אַריין אין דעם ענין פון פּאָעזיע בכלל. איין־און־דיזעלביגע פּאָעטישע ריכטונג ברענגט אַרויס פערשיידענע אייגענאַרטיגע טאַלאַנטען ביי די פערשיידענע פעלקער, וואָס דריקען זי אויס אויף אַ פערשיידענעם, אָבער גלייך־ווערטיגען שטייגער. איהר קאָנט ניט פערלאַנגען, ווער עס איז זאָל זיך אָבזאָגען פון זיין נאַציאָנאַלער פּאָעזיע און צושטעהן צו דער „אַל־מענשליכער", ווייל קיין אַל־מענשליכע פּאָעזיע, וואָס זאָל ליגען ד ר ו י ס ע ן פון די נאַציאָנאַלע פּאָעזיען, איז ניטאָ. די אַל־מענשליכקייט ליעגט ניט דרויסען, נאָר א י נ ו ו ע נ י ג אין די נאַציאָנאַלע בעשאַפונגען, און העכסטענס, וואָס איהר קאָנט זאָגען, איז: פערלאַז דיין נאַציאָנאַלע פּאָעזיע, אין וועלכער עס ווערט אויסגעדריקט אַ חוץ דעם אַלגעמיין־מענשליכען טייל, נאָך דער ספּעציפישער כאַראַקטער פון דיין אידישער נשמה, און שפּרינג אַריין אין אַ פרעמדע נאַציאָנאַלע פּאָעזיע, אין וועלכער עס ווערט אויסגעדריקט אויך דער ספּעציפישער כאַראַקטער פון דעם פרעמדענס נשמה. אָבער ערשטענס איז דאָס שוין ניט קיין קאָסמאָפּאָליטיזם, נאָר אַ גאָר פּשוט'ער, נאַקעטער שאָוויניזם פון דער פרעמדער נאַציאָנאַליטעט און אַ חוץ דעם דאַרף מען מיר נאָך בעווייזען, אַז דעם פרעמדענס נשמה פּאַסט בעסער פאַר מיר, איידער מיין אייגענע.

אַזוי איז עס מיט דער פּאָעזיע, און אַזוי איז עס מיט יעדען אַנדער צווייג פון דער מענשליכער קולטור, וואָס שטייגט אַריבער די גרעניצען פון דער ריינער וויסענשאַפט און דעם פּשוט'ען, טאָג־טעגליכען יושר, — די קונסט בכלל, די פילאָסאָפיע, די רעליגיאָן. ווי אַלגעמיין־מענשליך עס זאָל ניט זיין זייער אינהאַלט, מוז יעדע ריכטונג פון זיי בעקומען אַ גאַנץ אַנדער פּנים און פאַרב, ווי נאָר זי טרעט אַריין אין אַ בעשטימטע נאַציאָנאַלע אַטמאָספערע און וועקט דאָרטען אויף די שאַפענדע כחות פון'ם פאָלק. אַפילו דער קאַטאָליציזם, וואָס לייקענט אין עצם די איינטהיילונג אין פעלקער, וואָס קומט צו דער גאַנצער מענשהייט מיט איין־איינציגען רעליגיעזען גרונד־געדאַנק, אַפילו ער האָט בעקומען ביי יעדען פאָלק אַ

בעזונדער אויסזעהן, און דער קאטאליציזם פון דעם דייטש איז ניט אין גאנצען דער, וואס דער קאטאליציזם פון דעם פראנצויז, אדער דעם פויל אדער דעם איטאליענער. נאך מעהר, אפילו אזא ריין אלגעמיין־מענשליכע ריכטונג, ווי דער וויסענשאפטליכער סאציאליזם פון קארל מארקס, האט בעקומען גאנץ פערשיידענע נאציאנאלע געשטאלטען ביי די רוסען, דייטשען, פראנצויזען, ענגלענדער, איטאליענער, פוילען און האלענדער. געהט, טענה'ט זיך אויס, ביי וועלכען פאלק איז דער מארקסיזם דער מארקסיסטישסטער, צוליעב וועלכען אלע איבעריגע פעלקער זאלען זיך מוזען אבזאגען, און געהט, פאדערט נאך, זיי זאלען זיך אבשרייבען ביים רב, אז מהיום והלאה טארען זיי קיין אייגענעם מארקסיזם ניט ארויס־ברענגען!

און גאנץ געוויס איז יעדען מענשען בעזונדערס טהייער די נאציאנאלע פארם פון דעם אלגעמיין־מענשליכען תוך, וואס זיין פאלק האט ארויסגעבראכט. דאס הייסט ניט, אז ער דארף זיך ניט אינטערעסירען מיט דעם, וואס אנדערע פעלקער בעשאפען. אדרבה! ער מוז און זאל בעקאנט ווערען מיט די קולטור־פראדוקטען פון דער פרעמד, ער זאל זיי ליעבען און שעצען, ווייל זיי בערייכערן זיין אייגענע נשמה און וועקען אין איהר איהרע כחות. אבער ער דארף זיי ליעבען און שעצען, אויף דעם זעלבינגען אופן, ווי דער קינסטלער אויף דער וויאלין ליעבט דעם קינסטלער אויף דעם פיאנא. ער פערשטעהט, אז זיין נשמה קאן אויסדריקען איהר טיעפען און רייכען אינהאלט נאר אויף דער וויאלין, ווי יענער נאר אויף דעם פיאנא, און איהם וועט זיין קונסט בלייבען טיעפער איינגעבאקען אין הארצען, איידער די קונסט פון דעם פיאניסט.

איך גיב צו, אז א מלאך, אדער א ספינאזא, וואלט זיך געקאנט אויפהויבען אין געפיהל צו אזא הויך, וואו אלע קולטור־פראדוקטען פון דער מענשהייט זאלען רעדען גלייך שטארק און גלייך ליעבליך צו זיין געמיטה; וואו ער זאל אבסאלוט ניט שפירען קיין איין ברעקעל איבערוואג אין געפיהל צווישען איין נאציאנאלע פארם און דער אנדערער. אבער אויב מען וואלט אויך אזא אבסאלוט ספינאזיסטישען קולטור־פריינד געזאגט, אז איהר ווילט, צ. ב., די אידישע פידעל זאל פערשטומען אין דער מענשליכער

סימפאָניע און אָנשטאָט איהר זאָל אוועקגעשטעלט ווערען נאָך א דייטשער קלאַרנעט, וועט ער אייך גאַנץ העפליך אָבדאַנקען פאַר דער טובה: איהם וואָלט געפעהלט א „כלי" אין דער סימפאָניע און ער וואָלט פּראָטעסטירט אַנטקעגען איהר פערשווינדען. — און גלאט: ווער קאָן דאָס זיין א מלאך, אָדער א ספּינאָזא? א חוץ דעם קאָנט איהר זיין זיכער, אַז אויב אַזא ספּינאָזא זאָל אָנהויבען ניט נאָר געניסען די אַלגעמיין־מענשליכע סימפאָניע, נאָר אַליין שפּיעלען אין איהר, וועט ער פון זיך גופא גאַנץ נאַטירליך אויס־קלייבען אַזא „כלי", וואָס איז מעהר צוגעפּאַסט צו זיין נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ן כאַראַקטער און זיינע נאַציאָנאַלע כחות.

ליידער קאָן מען ניט לייקענען, אַז עס איז דאָ איצטער אין לעבען אויך אַזא טיפּ מענש, וועמען די גאַנצע נפקא מינה צווישען די פערשיידענע נאַציאָנאַלע שאַטירונגען אין די העכערע צווייגען פון דער קולטור ריהרט ווי די וואַנד, ווייל די גאַנצע העכערע קולטור, מיט איהר פּאָעזיע, קונסט, ליטעראַטור, וויסענשאַפט, פילאָסאָפיע און רעליגיאָן, ליעגט איהם אין דער לינקער פּאה. דאָס איז דער „פיך בצורת מענש", — וואָס וויים נאָר איין זאַך: גוט געגעסען, גוט געשלאָפען און נאָך א פעטע עליה אין שוהל געכאַפּט. — וואָס דאַרף מען מעהר? פון זיינט וועגען מעגען אַלע קולטורען זיך צונויפגיסען אין איין איינציגע; עס וועט איהם דערנאָך זיין לייכטער, אין גאַנצען אַרויסצוגיסען זי אין רינשטאָק. אָבער — אונזער טעמע רופט זיך דאָך ניט „איד און פיך", נאָר: „איד און מענש"... און א מענש איז דער, פאַר וועמען די העכערע צווייגען פון דער קולטור זענען דער גאַנצער תמצית פון דעם זיין. און וואָס מעהר מענש איינער איז, אַלץ א גרעסערען אָרט אין זיין געמיטה פערנעהמען די העכערע צווייגען פון דער קולטור, אַלע אין איינעם, אָדער נאָר איינינע פון זיי. און וואָס מעהר ער איז פּעראינטער־עסירט אין זיי, וואָס מעהר נשמה און האַרץ ער לעגט אין זיי אַריין, אַלץ צוגעבונדענער ווערט ער צו יענער נאַציאָנאַלער פאָרם, אין וועלכע זיין פאָלק האָט זיי בעשאַפען, אין וועלכע עס שטעקט אויך א טייל פון זיין האַרץ און פון זיין נשמה.

וואָס מעהר מענש דער איד ווערט, אַלץ מעהר איד ווערט ער.

די ליעבע צו דער אייגענער קולטור איז א מ ע נ ש ל י כ ע

ליעבע. זי בעניסט מיט איהרע ווארימע, לייכטענדע שטראַהלען ניט נאַר דעם איצטיגען מעמד פון דער פאָלקס־קולטור, נאַר אויך איהר גאַנצע געשיכטליכע ענטוויקעלונג, דעם גאַנצען אוצר פון גייס־טיגע גיטער, וואָס דאָס פאָלק האָט איהם אָנגעזאַמעלט פון זינט עס איז געוואָרען א פאָלק אויף דער וועלט ביז אויף דעם היינטיגען טאָג.

געוויס, קאָן קיין מענש ניט זיין גלייך ענטציקט פון אַלע ערשיינונגען, וואָס זיין פאָלק האָט ארויסגעבראַכט אין זיין עבר. אין דעם געפעכט פון דעם „היינט" טראָגען מיר אריבער אונזער ליעבע און אונזער האַס אויך אויף די ערשיינונגען פון דעם „נעכ־טען". און וואָס נעהנטער דער „נעכטען" איז צו אונזער צייט, אַלץ וועניגער קאָנען מיר איהם בעטראַכטען אין דעם מילדען, קלאָ־רען און ריינעם ליכט פון דעם היסטאָריקער, וואָס פערשטעהט אַלץ, און וואָס קאָן דעריבער אַלץ און אַלעמען מוחל זיין. אָבער וואָס מעהר איינער לערנט זיך אויס צו בליקען היסטאָריש אויף דער פערגאַנגענהייט, אַלץ מעהר „ספינאָזא" ווערט ער בנוגע צו איהר, אַלץ מעהר פלאַמט אין איהם אויף יענע געטליכע ליעבע, וואָס גיסט אויס איהרע שטראַהלען אין גלייכער מאָס אויף דעם צדיק און דעם רשע.

נאַר, אפילו ווען מען זאָל זיך ניט אויפהויבען אויף דער הויך פון א ספינאָזא, אפילו אז מען זעצט זיך אוועק על כסא הרבנות און מען נעהמט זיך משפט'ען די פערגאַנגענע צייטען, איז, ווי שטרענג עס זאָל ניט זיין דער משפט איבער דעם אייגענעם עבר, וועט ער אַלץ איבערלאָזען גענוג העלדען, טהאַטען און פאַסירונגען, וואָס מוזען ארויסרופען בעגייסטערונג אין אונז. די בעקענטשאַפט מיט דער אייגענער געשיכטע און די בעגייסטערונג, וואָס זי פלאַמט פאַנאַנדער אין אונז, פערשטאַרקט יענע בעהעפטונגס־פעדים, וואָס בינדען אונז צו צו דעם אייגענעם פאָלק, ווי די בעקענטשאַפט מיט דער פרעמדער געשיכטע הויבט אויף אין אונזערע אויגען די חשיבות פון יענעם פרעמדען פאָלק און אונזער טיעפען רעספעקט צו איהם. אַן איטאַליענער, וואָס זאָל שטודירען די געשיכטע פון זיין גאַרי־באַלדי און די געשיכטע פון אונזערע מאַקאַבעער, וואָלט געוויס געהאַט דרך־ארץ פאַר די העלדען־טהאַטען פון די אידישע נאַציאָ־

נאָלע בעפרייער, אָבער זיין איינגען בלוט וועט ער פיהלען נים אין די מאַקאַבעער, נאָר אין גאַריבאַלדי. דאָס איינענע איז אויך מיט אונז. ווען מיר ציהען אַ פערגלייך צווישען גאַריבאַלדי און יהודה המכבי, וואַקסט אין אונז גאַנץ נעווים דער רעספּעקט צו דעם איטאַ־ליעגישען פאָלק און זיינע פרייהייטס־העלדען, אָבער אַ גאַנץ משונה־דינע אומרות דערוועקט אין אונזער נשמה דאָס בילד פון דעם איי־גענעם פרייהייטס־העלד. ווי מיט אַ מאַגנעט ציהען צו זיך די איינענע העלדען, די גיטער פון דעם איינענעם אוצר, און פון דעם מאַגנעט קאָן זיך קיינער ניט בעפרייען.

וויכטיג איז נאָך דאָ צו נעדענקען, אַז דער אוצר פון אַ פאָלק קאָן נעהערען אין גאַנצען נאָר צו די קינדער פון דעם פאָלק. פרעמ־דע קאָנען אַריבערנעהמען צו זיך נאָר אַ טייל פון איהם. און ניט אַלע מאָל איז דער אַריבערגענומענער טייל גראָד דער בעסטער. פון דער ענגלישער ליטעראַטור, צ. ב., ווייס די גאַנצע געבילדעטע מענשהייט אַ סך נעמען פון גדולים, — אַ שעקספּיר, אַ בייראָן, אַ שעללי, אַ דיקענס און נאָך מעהר. אָבער עס וואָלט געווען אַ טעות צו מיינען, אַז זיי זענען די איינציגע טרעגער פון דעם ענגלי־שען גייסט און אַז זיי בילדען דעם העכסטען שטאַפּעל פון זיין זשעניע. אין דער היים, ביי דעם ענגלענדער, זענען געבליעבען נאָך אַ סך זשעניען, וואָס האָבען ניט געהאַט די זכיה אַריבער־נענומען צו ווערען אין דער פרעמד, וואָס שטעהען אָבער ניט ניעד־ריגער, איידער די, וואָס זענען בעריהמט געוואָרען אין דער וועלט. אַ סך מבינים אין דער ענגלישער ליטעראַטור שטעלען, צ. ב., אַ ראָבערט בראַונינג העכער איידער אַ בייראָן. דער דייטש האָט אין זיין ליטעראַטור, אַ חוץ די לעססינגס, געטהעס און שילער'ס נאָך אַ סך נעמען, וואָס דער פרעמדער איז ניט מחויב צו קענען, אָבער וואָס זענען איהם, דעם דייטשען, נים ווייניגער טהייער, איידער זיינע וועלט־בעריהמטע גדולים. די רוסען שצעדרין, אָסטראָווו־סקי און אוספּיענסקי וועלען אפשר קיין מאָל ניט זיין אזוי פּאָפּולער אין דער וועלט, ווי אַ מאַקסים גאָרקי, ווען אפילו זייער טאַלאַנט איז בלי ספק העכער איידער זיינער. דאָס רוסישע געבילדעטע פאָלק ליעבט זיי אָבער ניט ווייניגער און אפשר נאָך מעהר, איידער זיין גאָרקי. אויך ביי אונז, אידען, האָבען מענדעלי מוכר ספרים

און פרץ א סך ווייניגער שאנסען אריבערצוקומען צו ווערען אין דער וועלט־ליטעראטור, איידער שלום אש, בעת דער גראד פון זייער טאלאנט איז ניט לפי ערך העכער, איידער דער פון שלום אש.

דורך די אייגענארטיגקייט פון דעם אידישען לעבען און שאַפען איז גראד דער אידישער אוצר פול מיט אזעלכע גדולים, וועמעס גאנצער ווערט עס קאן אבגעשאצט ווערען נאר פון א אידען. אבער אויך ביי אלע אנדערע פעלקער זענען דא גענוג גיטער, וואס נאר א קינד פון דעם פאלק קאן באמת שעצען און געניסען. אויף אזא׳ן אופן איז דער קולטור־אוצר פון א פאלק די גייסטיגע היים פון זיין נשמה, איהר רייכטהום, אין וועלכען דאס פאלק מוז זיין מעהר פערראינטערעסירט, איידער אין די עשירות פון דער פרעמד. אפילו אין די מיטלערע און נאר קליינע טאלאנטען, פון וועלכע קיין פרעמדער איז ניט מחויב צו וויסען, איז דאס אייגענע פאלק פער־אינטערעסירט ניט נאר, ווייל זיי זענען דייגע, נאר אויך מחמת אן אנדער טעם, וואס האט א גרויסע בעדייטונג פאר דער ענטוויקע־לונג פון דער אלגעמיין־מענשליכער קולטור, וואס דריקט זיך אויס אין איהרע העלדען און גדולים פון אלע פעלקער. מיר זעהען א פארטיגען שעקספיער, א פארטיגען געטהע, ווי זיי שטעהען אין דעם פאנטעאן פון דער מענשהייט. אבער זיי זענען דאך ניט פון העלער הויט ארויסגעשפרונגען אין זייער גאנצער גרויס. צעהנד־ליגער קליינע און מיטלערע טאלאנטען האבען פריהער בעדארפט אין איינעם בעשאפען א בעשטימטע נאציאנאלע גייסטיגע אטמאַ־ספערע, איידער אין איהר האט געקאנט געבארען ווערען א געטהע אדער א שעקספיער. אט די „קלענערע געטער“, וואס דער פרעמ־דער זעהט ניט, שטעהען אבער פאר די אויגען פון דעם אייגענעם פאלק. דאס פאלק קען זיי, געניסט זיי און שעצט זיי, און וואס געבילדעטער אן ענגלענדער אדער א דייטש איז, ד. ה. וואס מעהר מענש ער איז, אלץ מעהר ענגלענדער אדער דייטש איז ער.

אויך דער איד האט אייגענטליך ניט געדארפט זיין קיין אויס־נאהם פון דעם דאזיגען כלל. און ווען מיר זעהען, אז ער פיהרט זיך דא אויף פארט ניט ווי אנדערע; ווען מיר זעהען, אז ער איז בעקאנט מיט אלע אלוועלטליכע גדולים און ווייס אפילו ניט די העלדען פון זיין אייגענער קולטור, זאלען מיר זיך ניט איילען

ארויסצוטראגען איהם דעם אטעסטאט פון „מ ע ה ר מ ע נ ש". אפשר... אפשר... ווער ווייס? אפשר איז ער דערפאר ו ו ע נ י ג ע ר־מענש, איידער אלע אנדערע געבילדעטע מענשען, ווייל איהם פעהלט יענע ז א פ ט, וואס ווערט אריינגעזויגען פון דער איינענער קול־טורעלער אטמאספערע און גיט יעדען גייסט צו א בעזונדערען קא־לאריט.

אבער — וועגען דעם ענין פון דעם אידישען קולטור־איצר און דער שטעלונג פון אונזערע ראדיקאלען צו איהם וועלען מיר נאך מוזען רעדען אין דער נעכסטער פארלעזונג.

# צוויי פאַרלעזונגען וועגן איד און מענש

## צווייטע פאַרלעזונג

אין דער ערשטער פאַרלעזונג האָבען מיר אויסגעפונען דריי אַרטען אידען: דער רעליגיעזער, דער נאַציאָנאַלער און דער ראַסען־איד, און פאַר זיי האָבען מיר געדראַפט אַרויסברענגען די שייכות פון „איד און מענש".

מיר זענען פאַרטיג געוואָרען נאָר מיט א טייל פון דעם נאַ־ציאָנאַל־אידען און זענען געבליעבען שטעהן ביי דעם ענין פון דעם אידישען קולטור־אוצר און ביי דער אַרט, ווי אַזוי א ראַדיקאַלער איד שטעלט זיך צו איהם.

אויך דאָ מוז איך מודה זיין, אַז אין דער צייט פון מיין יונגען קאָסמאָפּאָליטיזם האָב איך מיך אויך ניט בעסער בעגאַנגען מיט דעם גאַנצען גייסטיגען עבר פון אונזער פאָלק, איידער דאָס טהוען די איצטיגע ראַדיקאַלע קאָסמאָפּאָליטען. די פּיצלעך און ברעקלעך פון דער אַלטער קולטור, וואָס האָבען זיך נאָך געבאָמבעלט אין מיין מוח, זענען געווען פאַר מיר, ווי פאַר דאָס רוב פון מיין דור און מיין ריכטונג, ניט מעהר ווי א מאַטעריאַל פאַר שאַרפזיניגע אפּיקור־סישע און אַטעאיסטישע וויצען. אויך אין דער אפּיקורסישער העב־רעאישער ליטעראַטור, מיט וועלכער איך בין אויך געווען א ביסעל — גאַנץ אויבערפלעכליך — בעקאַנט, — אונזער ליעבלינגס־העלד איז געוועזען דער ווירקליך פרייער גייסט, משה ליב ליליענבלום, — האָבען מיר אויך ניט געקאָנט זעהן א שטיק אייגענע, ריין מענש־ליכע און פרייע קולטור, וואָס זאָל האָבען פאַר אונז א וועלכען עס איז נאַציאָנאַל־פּראָגרעסיווען ווערטה. זי איז געווען אין אונזערע אויגען אויך ניט מעהר, ווי א טייל פון יענער קראַפט, וואָס איז בערופען געוואָרען אויסצואוואַרצלען אין גאַנצען די עקסיסטענץ פון אידען און אידישקייט. די זעלביגע קראַפט האָבען מיר געשפּירט

און וואָרם בענריסט אין דער יונגער סאַטירע, וואָס האָט זיך נאָך פון די זעכציגער יאָהרען אָן גענומען וועבען אין דער אידישער שפּראַך: אין ליגעצקי׳ס „פּוילישען אינגעל״, אין מענדעלי׳ס „קליין מענשעלע״ און „מסעות בנימין השלישי״.

אפילו שפּעטער, אין די יאָהרען 1883 און 1884, ווען איך האָב אין גאַנצען אָוועקגעוואָרפען דעם קאָסמאָפּאָליטיזם און בין געוואָרען אַ בעוואוסטזיניגער נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלער איד, אַ א י ד י ש ע ר, — ניט נאָר אידיש שפּרעכענדער, — סאָציאַליסט; ווען פאַר מיר איז קלאָר געוואָרען דער וועג, אין וועלכען די אידישע אינטעליגענץ דאַרף געהן, — דער וועג פון דער אייביגער פעראייניגונג מיט דעם פאָלק אויף דעם יסוד פון דער אידישער שפּראַך, — אפילו אין דער צייט, זאָג איך, האָט דער אַלטער קולטור־אוצר ניט געשפּיעלט קיין ברעקעל ראָליע אין מיינע געדאַנקען: איך האָב געוואוסט, אַז מיר דאַרפען האָבען אַן אייגענע קולטור, אָבער זי איז געלעגען פאַר מיר גאַנץ אין דער צוקונפט, מיט קיין איין איינציגען טייל ניט אין דער פערגאַנגענהייט.

מען האָט אָפט פאָרגעוואָרפען דעם „בונד״, אַז ער הויבט אָן די אידישע געשיכטע פון... זיך אַליין. איך ווייס ניט, אויף וויפיעל דאָס איז אמת פאַר דעם „בונד״ אין אַלע זיינע טיילען, אָבער פאַר מיר, דעם „בונדיסט״ פון דעם יאָהר 1884, ווי איך האָב אַ געוויסען רעכט מיך צו רופען, טרעפט צו דער פאָרוואורף אות באות. „זאָלען די מתים בעגראָבען זייערע מתים!״ — דאָס איז געווען די גרונד־שטימונג בנוגע צו דעם גאַנצען אַלטען יודענטום. מיר, די יונגע און די פרייע, מיר וועלען אויפבויען אַן אייגענע אידישע קולטור, אַ ריין מענשליכע, אַן אייראָפּעאישע. איך האָב געטרוימט וועגען אַ גאַנצע מחנה פון איבערזעצער, וואָס זאָלען אָוועקלעגען דעם פונדאַמענט פאַר דער נייער אידישער קולטור אין דער פאָרם פון איבערזעצונגען אין אידיש פון אַלע וויכטיגע מאָדערנע אייראָפּעאישע ווערק. און דערנאָך ערשט זאָלען קומען די נייע בויערס און שאַפערס, וואָס וועלען פריי ארויסברענגען דעם ל ע ב ע ד י ג ע ן אידישען גייסט אָהן אַ ברעקעל שייכות צו זיין שווין לאַנג געשטאָרבענער און אויף אייביג בעגראָבענער פרייהייט.

וואָלט מען ביי מיר יעמאָלט געפרעגט: נישיים געפינסט דו

אין דעם גאנצען גייסטיגען אוצר פון דעם אידישען פאלק קיין איין
ווערק ניט, וואס זאל ווערטה זיין, מען זאל עס אריבערטראגען אין
דאס נייע לעבען? — וואלט איך אפשר א טראכט געטהאן און
וואלט געמאכט אן אויסנאהם פאר צוויי שריפטען: דעם תנ"ך און
ליליענבלום'ס „חטאת נעורים"; אלץ אבער, וואס צווישען זיי,
וואלט איך אהן א ברעקעל עגמת־נפש געלאזט ליעגען אן א זייט.

מיר האבען זיך בעגאנגען מיט דער אלטער אידישער קולטור,
ווי מיר האבען זיך בעגאנגען מיט דעם גאנצען אידישען פאלק, ווי
מען בעגעהט זיך לויט דעם אידישען פאלק־לאר, מיט א מת אין
בית־הקלע: דאס הייסט — א פלאס מיט דער האנד אין פנים אריין
„כלאחר יד" און אן אויסגעשריי: „געה צוריק אין דיין רוה אריין!"

האט דאס די אידישע קולטור פערדיענט? דאס ווען מיר
זעהן. איך, וועניגסטענס, האב זי איגנארירט, ניט דערפאר, וואס
מיין קריטישער גייסט האט איינגעזעהן די נישט־ווערטיגקייט פון
אלץ, וואס אונזער פאלק האט געשאפען צווישען דעם תנ"ך און דעם
„חטאת נעורים", נאר פשוט דערפאר, ווייל איך האב ניט געהאט
קיין ברעקעל השגה פון יענעם ריין מענשליכען ווערטה, וואס דער
אלטער אידישער קולטור־אוצר פערמאגט, און עס איז יעמאלט קיין
איין מענש ניט געוועזען, וואס זאל האבען געקאנט דערקלעהרען
איהר בעדייטונג פאר א פריידענקענדען אידען. די זיס־זויערע
חן'דלעך, וועלכע די ליבעראלע השכלה־וועלט פלעגט אפט מאכען,
סיי אין אידיש, סיי אין רוסיש, דעם אלטען יודענטום, זענען מיר
געווען ווייניג בעקאנט, און אויב איך וואלט געהאט די זכיה צו
קענען זיי נעהנטער, וואלטען זיי מיר שוין יעמאלט געווען צו־ווידער,
ווי זיי זענען מיר פער'נמאס'ט אויף היינטיגען טאג.

אבער קיינער האט ביי מיר יעמאלט גאר נישט ניט געפרעגט,
און דעריבער האב איך אפילו אויף וועגען דעם תנ"ך און דעם
„חטאת נעורים" ניט געטראכט ווי וועגען עלעמענטען, וואס געהען
אריין אין דער אידישער קולטור. דער גאנצער עבר — א בלאנק,
און ער האט קיין ברעקעל שייכות ניט צו דער געגענווארט און צו
דער צוקונפט!

ערשט שפעטער אין דעם אנהויב זומער 1885 האבען מיך מיינע
נאציאנאל־ראדיקאלע אידעען ארויסגעפיהרט אויף די נויטווענדיג־

קיים צו שטודירען די געשיכטע פון דעם אידישען פאָלק, און ערשט פון יענמאָלט אָן האָב איך גענומען איינזעהן מיין טעות. איך האָב אָבגעפרישט אין זכרון מיין חדר־לומדות, האָב מיך אריינגעוואָרפען מיט דעם גאַנצען וויסענס־דאָרשט פון דער יוגענד אין דעם גרויסען ים פון אונזער גייסטיגען עבר, און — אין דעם ליכט פון מיין סאָציאַליסטיש־אידישער וועלט־אַנשויאונג — איז ביסלעכווייז ארויסגעוואַקסען פון דעם דונקעל א וועלט, וואָס האָט מיך בעצויבערט דורך איהר אינוועניגסטער רייכקייט, קראַפט און אונגעהויערער ראַליע, וועלכע זי האָט געשפּיעלט אין דעם לעבען פון אונזער פאָלק.

עס קאָן איצטער ניט זיין מיין ציעל, צו בעשרייבען אייך, ווי אַזוי די נייע וועלט האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר מיר. איך וועל אייך נאָר זאָגען, אַז דער ערשטער שטראַהל, וואָס האָט מיר א שיין געטהאָן אין די אויגען, איז געווען א בלעטעל פון דעם „יוסיפון“, — דעם פערפעלשטען, — וואו עס ווערט בעשריעבען די אידיש־קאָמוניסטישע סעקטע פון די א י ס י י ם. עס איז אין מיר אויפ'ן שטעל געבאָרען געוואָרען א האַלב אומבעוואוסטע, אָבער פון דעסטוועגען זיכערע געוויסהייט, אַז איך וועל געפינען נאָך א סך שפּורען פון ריינער מענשליכקייט אין דעם שטויב פון אונזערע פערגאַנגענע דורות.

און וואָס מעהר איך האָב גענומען שטודירען אונזער אַלטע געשיכטע, וואָס מעהר איך האָב מיך פערטיעפט אין די אומשטענדען און דעם לעבען פון די, וואָס האָבען זי געשאַפען אָדער אויסגעליטען, — אין זייערע געדאַנקען, געפיהלען, חלומות און שטרעבונגען, — איז פאַר מיר געוואָרען אַלץ מעהר קלאָר, אַז מיר האָבען אין די פערגאַנגענע דורות א סך מעהר אייביג לעבענדע מענשליכקייט, איידער פערשימעלטען שטויב.

איך וויל דאָ שוין אויפ'ן שטעל מאַכען איין וויכטיגע בעמערקונג. ווי הויך מיר זאָלען ניט שעצען דעם ווערטה פון אונזער גייסטיגען עבר, — ניט פון איהם הענגט אָב אונזער בעוואוסטזיניגער נאַציאָנאַליזם, אונזער צוגעהעריגקייט צו דעם אידישען פאָלק, אונזער גלויבען אין זיין ליכטיגע צוקונפט. זאָל דורך א וועלכער עס איז קאַטאַסטראָפע דער אידישער אוצר אין גאַנצען

פערשוואונדען ווערען פון א מענשליכען געדעכעניס, וועט דאס ניט מאכען קיין תל פון אונזער פאלק, וועט דאס אונז ניט שטערען צו זוכען נייע וועגען פאר אונזער ווייטערדיגען קיום און נאציאנאלע ענטוויקלונג. אונזער געגענווארט איז גענוג זעלבסטשטענדיג, גענוג פול מיט לעבענס־קראפט, גענוג פול מיט דעם ניט איינצוהאל־טענדען אימפעט צו ז י י ן, צו עקסיסטירען, ווי א בעזונדער פאלק, אז מיר וועלען קאנען על פי גויט אויסקומען אהן יענע שטראמען ענערגיע, — אמת, מעכטיגע, בערוישענדע, — וואס פליסען אריין אין אונזערע אדערן, בעת מיר ווערען בעקאנט מיט אונזער געשיכטע. ניט די פערגאנגענהייט גיט אונז די עקשנות צום זיין, דעם מוטה און די פרייד אין דעם קאמפף, — אבער די פערגאנגענהייט דערד־קלעהרט אונז, ווי אזוי מיר זענען געווארען דאס, וואס מיר זענען, און פון וואנען עס שטאמט אין אונז אונזער אימפעט צום לעבען. זי פערשטארקט אבער אויך אונזער שטאלץ און אונזער דרך־ארץ צו זיך אליין.

און עס איז באמת דא אין איהר, מיט וואס צו זיין שטאלץ.

איך ווייס, אז א גרויסער צאהל פון ראדיקאל דענקענדע מענ־שען איז זעהר שווער אריינצודרינגען אין דעם תוך פון אונזער קול־טור־אוצר, ווייל ער איז אין אלע זיינע טיילען דורכגעזאפט מיט צוויי עלעמענטען, וואס זענען אזוי צו־ווידער דער נשמה פון א קאסמאפאליטישען אטעאיסט: דעם רעליגיעזען גלויבען אין א פערזענליכען גאט, אין אן איבערנאטירליכער וועלט פון נסים און נפלאות, און דעם נאציאנאלען גלויבען אין דער אויסדערוועהלטקייט און אייביגקייט פון דעם אידישען פאלק.

איך וויל מיך דא היינט ניט אריינלאזען אין א לאנגען וכוח מיט דעם ראדיקאלען קאסמאפאליט און בעווייזען איהם, אז בנוגע צו דער פערגאנגענהייט דארפען מיר קוקען גאנץ אנדערש אויף די דאזיגע עלעמענטען, אפילו ווען מיר זאלען זיי אבלייקענען לגמרי. איך וויל נאר בעמערקען, אז מיר קאנען ניט בעשולדיגען משה רבינו, פאר וואס ער האט ניט געלייענט דארווין'ס ווערק, אדער יהושע בן נון, פאר וואס ער איז געווען ניט בהבן אין קאפערניקוס אסטרא־נאמיע. כדי צו פערשטעהן און צו שעצען די גרויס און דעם ווערטה פון א וועלכען עס איז גייסטעס־פראדוקט אין דער פערגאנגענהייט,

דארף מען קאנען אין גאנצען צונויפגיסען זיך מיט דער נשמה פון יענעם פעריאד און עטהעמען דורכאויס מיט דער לופט פון זיין גייסטיגער אטמאספערע. בעטראכטען מיר א וועלכען עס איז פראדוקט פון יענער צייט, דארפען מיר אונז קלאר מאכען, וועלכע גייסטיגע קרעפטען האבען איהם ארויסגעבראכט: שטארקע, רייכע, טיעפע אדער שוואכע, ארעמע, אויבערפלעכליכע; מיט וועלכע געפיהלען איז ער דורכגעגליהט: איידעלע און מענשליכע, אדער געמיינע, פיהישע; צוליעב וואס וויל ער ווירקען אויף דעם ווילען פון זיינע הערער: צוליעב א פערבעסערונג פון זייער לאגע אדער צוליעב א פערשלימערונג; וואוהין פיהרט ער: צו א פראגרעס אין די וויכטיגסטע פונקטען פון לעבען, אדער צו א רעאקציע. און די פערבעסערונגען, פערשלימערונגען, דעם פראגרעס און די רעאקציע דארפען מיר מעסטען ניט מיט דער אייל פון אונזער איצט, נאר מיט דער מאס פון די יעמאלטדיגע אומשטענדען.

שטודירט מען אזוי די געשיכטע פון אונזער קולטורעלען אוצר, יעמאלט איז לייכט איינצוזעהן, אז צ. ב. דער סאציאל־עטישער מאנאטעאיזם פון אונזערע נביאים איז אזא געוואלטיגער פראגרעס אין דער ענטוויקעלונג פון דעם מענשליכען גייסט, לגבי זיין פריהערדיגען צושטאנד, אז אפילו א ווערק, ווי „דאס קאפיטאל“ פון קארל מארקס, וואס איז געוויס אין א סך פונקטען „אמת'ער“ (פאר אונז!) איידער א סך לעהרען פון די נביאים, נעהמט זיך אוים לגבי זייער ווערק, ווי א זאמד־בערגעלע, צונויפגעטראגען פון קינדער ביי דעם פוס פון א מעכטיגען בארג. און ניט נאר די נביאים וואקסען אוים צו אזא גרוים. דורך די קראפט און די טיעף פון זייער גייסט, דורך די רייכקייט און איידעלקייט פון געפיהל, דורך די ריינקייט און עהרליכקייט פון דעם ווילען צייכענען זיך אוים א סך און א סך פראדוקטען פון דעם אידישען שאפען אין דעם משך פון די פאר טויזענד יאהר פון זיין עקזיסטענץ אויף דער וועלט.

יעדער מענש קאן זיך אויסלערנען אריינצודרינגען אין זייער גרוים. איך רעד שוין ניט פון די, וועמעס נשמה עס קאן דארשטיג שלינגען די ליידענשאפטליכע ליעבע צו דעם אידישען פאלק און צו דעם אידישען גאט, מיט וועלכער די גאנצע אלטע קולטור איז

דורכגעדרונגען. אפילו די, וואָס זענען פריי פון א וועלכען עס איז רעליגיעזען בעדערפעניס און אין גאַנצען קאַלט צו א וואָסער עס איז נאַציאָנאַלען געפיהל, אויך זיי קאָנען דורך דעם נאַציאָנאַלען און רעליגיעזען אינהאַלט דורכדרינגען צו די אַלגעמיין־מענשליכע כ ח ו ת, וואָס שטעקען הינטער איהם, צו די כחות פון געדאַנק, געפיהל און ווילען, וואָס האָבען בעשאַפען דעם ספּעציפישען אינהאַלט, — דורכדרינגען און בעוואונדערן די פּראַכט פון דעם מענשען אין איהר אידישער פאָרם.

אין דעם פּונקט פון אונזער קולטורעלען אוצר קאָן מען געהן נאָך א שריט ווייטער. לאָמיר אָראָבוואַרפען פון חשבון אַלץ, מיט וואָס מיר קאָנען ניט איינשטימען היינט; לאָמיר אָבשעצען זיין ווערטה נאָר לפי דעם, וואָס ער קאָן געבען א ו נ ז ע ר נשמה, נאָר אויף וויפיעל ער קאָן שטילען א ו נ ז ע ר דאָרשט נאָך אמת, יושר און שעהנקייט. און אויך אונטער אַזעלכע בעדינגונגען, אונטער אַזאַ שווערער פייער־פּראָבע, בלייבט אונזער אוצר — אין זיינע וויכטיגסטע טיילען — בעשטעהן פאַר אונז, ווי דער אוצר פון יעדען פאָלק בלייבט אייביג בעשטעהן פאַר זיינע קינדער. שוין דער פאַקט אַליין, וואָס יעדער ווערק פון דער פערגאַנגענהייט איז א דאָקומענט פון דער מענשליכער געשיכטע, — א דאָקומענט, וואָס העלפט אונז אויפבויען דעם ענטוויקעלונגס־גאַנג פון דער מענשליכער קולטור און אַריינדרינגען אין איהרע געזעצען, מאַכט איהם פאַר א ווערטפאָלען מאַטעריאַל פאַר דער מענשליכער וויסענשאַפט, פאַר א מיטעל צו בעפריעדיגען דעם דאָרשט נאָך אמת. פון אַט דעם ריין היסטאָריש־וויסענשאַפטליכען שטאַנדפּונקט, טאָרען מיר קיין איין שורה פון אונזער גייסטיגען רייכטום ניט לאָזען געהן פערפאַלען, ווען אפילו די דאָזיגע שורה זאָל ניט האָבען אין זיך מעהר ווערטה פאַר דער געשיכטע פון דער קולטור, איידער א פערשפּיצטער פלאָקען, מיט וועלכען ווילדע בעאַקערן זייער ערד.

אָבער — קאָן דען באמת ווער האָבען די העזה צו זאָגען, אז אונזער ג א נ צ ע ר קולטור־אוצר האָט ניט מעהר, ווי א ריין היסטאָרישען ווערט? דער וואָס איז נאָר א ביסעל בעקאַנט מיט דער געשיכטע פון אונזער ליטעראַטור, וועט מוזען ענטפערן, אז געוויס ניט.

א חוץ יענע ווערק, וואס האבען אפשר באמת ניט מעהר ווי א ריין היסטארישען ווערטה, זענען דא נאך א סך אנדערע, וואס רופען ארויס בעוואונדערונג, ווי פראדוקטען פון מענשליכען שאפען און וואס האבען נאך גענוג לעבעדיגע פריש־בליהענדע אמת׳ען אין זיך. אויף אזא׳ן אופן איז יעדער אלטער ספר, וואס איהר נעהמט אין די הענד, א ווערטהפולער שאץ, וואס מוז געשטודירט ווערען אדער צוליעב דער פראכט פון די מענשליכע כחות, וואס האבען איהם ארויסגעבראכט, אדער צוליעב יענע טיילען זיינע, וואס זייער אמת, יושר און שעהנקייט קאן נאך לעבען אין אונזער היינטיגער וועלט, אדער לפחות צוליעב דעם, כדי ארויסצודעסטילירען פון איהם די ווערטפולע דאטען פאר דער אידישער געשיכטע און דער מענשליכער קולטור.

לאמיר דורכנעהן אין געדאנקען די וויכטיגסטע עטאפען פון דער אידישער גייסטיגער ענטוויקעלונג און דער ענין וועט ווערען נאך קלארער פאר אונז.

פון אלע דריי שטאנדפונקטען, וועלכע איך האב נאר וואס אויפגעשטעלט, מוז שוין די ערשטע זאמלונג פון אונזערע ליטערא־רישע שריפטען, דער תנ״ך, בעפריעדיגען די שטרענגסטע פאדע־רונגען. דאס וועט צוגעבען יעדערער, וואס האט נאר א ביסעל גרינדליכער געשטודירט איהם. דאס איז א קאלאסאלער קולטור־מאנומענט, וועלכען דאס אידישע פאלק האט אויפגעבויט פאר דער גאנצער מענשהייט. די רייכקייט און פראכט פון די מענשליכע בעשאפונגס־כחות, וואס האבען זיך אויסגעדריקט אין איהם, ווירקען אזוי געוואלטיג שטארק אויף אונזער געמיטה, אז עס געפינען זיך נאך עד־היום א סך ערנסטע מענשען, וועמען עס לעגט זיך גאר ניט אויף׳ן שכל, אז ער זאל באמת זיין ניט מעהר ווי א פראדוקט פון א ריין מענשליכען זשעניע. א שטראם פון איבערמענשליכען, ריין געטליכען שאפען האט זיך געמוזט אריינרייסען אין דער מענש־ליכער וועלט, כדי ארויסצוברענגען זיינע שעהנקייטען און טיעפ־קייטען. אזוי גלויבען זיי. און ווען אפילו מיר קאנען בשום אופן ניט צושטעהן צו זייער גלויבען, פערשטעהען מיר איהם אבער דאך פסיכאלאגיש, ווייל יעדער מענש מוז צוגעבען, אז אויב א געטליכע קראפט וואלט זיך געהאט אריינגעמישט אין דעם מענשליכען קול־

טורעלען לעבען און וואלט דארטען איבערגעלאזען דירעקטע שפורען פון איהר שאפען, וואלטען צו איהרע שפורען בלי ספק געהערט אויך די בעסטע טיילען פון תנ"ך.

עסטהעטישע שעהנקייטען, וואס פריינייסטיגע מבינים שטעלען אוועק העכער, איידער די גאונות פון א שעקספיר, בייראן, געטהע און א טאלסטאי; א זיטליכער פאטהאס, וואס ברענגט ארויס די אידעע פון ברידערליך־פעראייניגטע פעלקער צו איין איינציגער מענשהייט, די אידעע פון סאציאלער גערעכטיגקייט, פון א גלענצענדער „משיח־צייט", פון א גן־עדן פאר דעם מענשען אויף דער וועלט אין דעם „אחרית הימים", מיט א נייעם הימעל און א נייער ערד; א ג י י ס ט י ג ע ר פליה־ארויף פון דעם מענשליכען געדאנק צו דער העכסטער שטופע פון מאניזם, וואס בינדט צונויף מענש, נאטור און גאט אין איין איינציגען וועלט־בילד און בעשאפט דעם ערשטען פערזוך פון א געשיכטס־פילאסאפיע, — דאס אלץ געפינען מיר אין דעם תנ"ך; אין דעם, אין אלץ, קאנען מיר בעוואונדערן די פראכט פון דער מענשליכער נשמה אין איהר אידישער געשטאלט.

און די לעבענס־פילאסאפיע פון אן איוב, משלי און קהלת, וואס טיילען פון זיי לייענט איהר אקוראט, ווי צו איך וואלט גערעדט א מאדערנער דענקער אויף דעם גרונד פון לעבענס־ערפאהרונגען, וואס ער האט אין אונזער צייט נאר וואס געזאמעלט! און די טיעפע, פארבענרייכע ליריק פון א סך קאפיטלעך תהלים, וואס פארמולירען אייך אייערע אייגענע זיפצען, די מאטערניסען און פלאגען, האפענונגען און חלומות פון אייער אייגענער נשמה!

דאס אלץ אין איינעם שטעלט אוועק דעם שעהנסטען ברילִיאנט פון אונזער קולטור־אוצר אויף אזא ריעזיגער הויך, וואס נאר זעהר און זעהר ווענינע פראדוקטען פון דעם מענשליכען שאפען קאנען דערגרייכען צו איהר.

און אויב מען זאל אננעהמען, אז אידישקייט איז דאס, וואס ווערט געפרעדיגט פון אונזערע נביאים, און אז א איד־זיין הייסט לעבען לויט דעם אידעאל פון די נביאים, וואלט מען געקאנט קומען צו גאר אן אנדער פארמעל אין הלכות „איד און מענש".

עס וואלט יעמאלט אות באות געוועז ריכטיג צו זאגען, אז וואס

מעהר א י ד איינער איז, — אלץ איינס פון וועמען געבארען, — אלץ מעהר מ ע נ ש איז ער, אלץ טיעפער איז אין איהם פערקער־פערט דער אייביגער אידעאל פון מענשליכקייט.

אויך דער צווייטער וויכטיגער עטאפ אין דער ענטוויקעלונג פון אונזער קולטור־אוצר ברענגט ארויס א זאמעל־ווערק, וואס רופט ארויס אונזער בעוואונדערונג פאר די קאלאסאלע כחות פון דעם מענשליכען גייסט, וועלכע זענען אנגעווענדט געווארען אויף זיין אויפבוי. איך מיין דעם תלמוד אין זיינע צוויי שטראמען: די הלכה, — דער ריין־יורידישער טייל, און די אגדה, — דער עטישער, פילאסאפישער און עסטהעטישער.

עס טהוט מיר באמת לייד, וואס איך קאן מיך ניט אבשטעלען אפילו בקיצור אויף דער כאראקטעריסטיק פון דעם תלמוד, אויף זיין בעדייטונג פאר אונז און אויף זיין אינוועניגסטען ווערט פאר דער מענשהייט. ער האט גאנץ געווים גענוג שטרוי און שטויב, אבער אויך אט די שטרוי און שטויב האבען א וויכטיגען קולטור־היסטארישען ווערטה.

איך געדענק, וואס פאר א משונה'דיגען איינדרוק עס האט אויף מיר געמאכט, ווען איך האב אין לעבאק'ס „אנהויב פון ציוויליזאציאן" געפונען אבגעדרוקט אין העברעאיש א גאנצע משנה, וועלכע ווערט געבראכט, ווי א בעוויין פאר דעם מחבר'ס טעאריע. איך געדענק, אז אין דעם איינדרוק, וואס איך האב דערשפירט, איז געווען ארייגגעמישט א היבשער חלק פון פערשעהמטקייט. איך האב מיך געשעהמט. פארוואס און פאר וועמען? — פאר אונזער גאנצען דור, וואס האט לעבען זיך אזא רייכען קוואל פון קולטור־היסטארישע דאטען און גיט גאר ניט א טראכט, ווי צו שעפען פון איהם? אדער אפשר גאר פאר דעם גרויסען געלערנטען לעבאק, וועלכער שעהמט זיך ניט צו שעפען זיינע מאטעריאלען פון אזא ־ סקרעדיטירטען קוואל, ווי דער תלמוד, וואס איז דאך „הנה ידוע", אז ער איז פול מיט שקרים און וויסטע פלוידערייען?...

מיר דאכט, אז די ב י י ד ע להיפך'דיגע שאהם־געפיהלען האבען זיך פריהער צונויפגעפלאנטערט אין איינעם. און סוף־כל־כוף האט געמוזט גובר זיין דער ערשטער שאהם־געפיהל, די ביזי־בזיונות פאר זיך אליין. סטייטש! יאהרען און יאהרען לאנג

געהאלטען דאס גרויסע בוך אין די הענד — און גאר קיין אהנונג ניט געהאט, וויפיעל מען קאן פון איהם לערנען פאר דער געשיכטע פון דער מענשהייט! א גוי דארף קומען און אויפווייזען, וועלכע אוצרות עס וואלגערן זיך ביי אונז אומבענוצט!

די קולטור־געשיכטליכע אויספארשונג פון דעם תלמוד שטעהט נאך עד היום אויף דער טאגעס־ארדנונג פון דער וויסענשאפט און קיין געלערנטער קאן דאס ניט טהאן אזוי גוט, ווי דוקא דער א י־ד י ש ע ר, וואס זאל זיין פערטרויט מיט די פרינציפען און די מעטהאדען פון דער מאדערנער פארשונג. די ארבייט הויבט זיך ערשט א י צ ט ע ר אן, אבער זי האט שוין ארויסגעבראכט גאנץ וויכטיגע קרעפטען. ווען די ארבייט וועט ווייטער אזוי אנגעהן און צוציהען צו זיך א גרויסע צאהל פון זעלבסטשטענדיגע דענקער און פארשער, — ערשט יעמאלט וועט מען קאנען אין גאנצען אבשעצען ניט נאר די מענשליכע גייסטעס־קרעפטען, וואס האבען ארויסגע־בראכט דעם תלמוד, ניט נאר דעם ווערטה זיינעם פאר דער קולטור־געשיכטע בכלל און פאר דער אידישער קולטור־געשיכטע בפרט, — נאר אויך יענע עלעמענטען זיינע, וואס האבען נאך א ווערטה פאר אונזער לעבען, דורך דעם אמת, דעם יושר און די שעהנקייט, וואס איז אין זיי.

לאזט מיך אייך דערמאהנען, אז פון א קלייניגקען שפאציר אויף דעם געביעט פון דער תלמוד'ישער ארבייטער־געזעצגעבונג, וואס דר. דוד פארבשטיין האט מיט א יאהר צעהן־צוועלף צוריק געמאכט, האט ער אהיים געבראכט א גאנצען הויפען פון פערעל, וואס אייניגע פון זיי פעהלען נאך עד היום אין דער פראגרעסיווי־סטער ארבייטער־געזעצגעבונג פון דער וועלט; און צווישען זיי — דאס אבסאלוטע רעכט פון דעם ארבייטער צו ווארפען די מלאכה, ווען ער וויל, וואס פאר א קאנטראקטען ער זאל ניט האבען געמאכט מיט דעם באלאבאס, בעת דער באלאבאס איז פון געזעץ ג ע־צ וו א ו נ ג ע ן פינקטליך אבצוהיטען דעם קאנטראקט. די דער־קלעהרונג פון דעם דאזיגען געזעץ אין תלמוד איז נאציאנאל־עקא־נאמיש אזוי טיעף, אז דר. פארבשטיין געהט ניט ווייט אוועק פון אמת, ווען ער ווייזט אויף, אז אין איהר שלומערט שוין דער גרונד־געדאנק פון מארקס'עס בליק אויף דעם מהות פון דער ארבייט. און

וויפיעל פּערעל קאָן מען נאָך האָפען צו געפינען, ווען מען וועט זיך ערנסט נעהמען פאר דער בעארבייטונג פון אט דער רייכער געפין־גרוב!

און דאָס איז אַלץ אין דער זאמד־טרוקענער הלכה. ווענען דער עטישער, פּאָעטישער און אפילו דער מעטאפיזישער רייכקייט פון דער אייביג גרינער, קוואַלען־רייכער אגדה איז איבעריג צו רעדען: איהרע אוצרות הויבען אָן איצטער געשעצט צו ווערען מיט יעדען טאָג אַלץ מעהר.

א גרויסער „בזי־בזיון" וואָלט באמת געווען פאר אונז, ווען אַט די אַלע אוצרות פון דעם תלמוד וואָלטען געבליעבען אונאויס־געפאָרשט, ביז דער „גוי" וועט זיך מרחם זיין אויף זיי און ארויס־שלעפּען זיי אויף דער ליכטיגער שיין. וואָלט איהר אַזאַ בעגעהן זיך אונזערן מיט די וויכטיגסטע קוואַלען פון אונזער געשיכטליכען לעבען געקאָנט אָנרופען מ ע נ ש ל י ך ? איז ניט ריכטיגער צו זאָגען, אז וואָס מעהר מ ע נ ש מיר ווערען, וואָס מעהר מיר נעהמען אין זיך אַריין די אייראָפּעאישע בילדונג, אין אָן אַלץ רייכערער און שעהנערער בעלייכטונג בעווייזט זיך פאר אונז דער תלמוד, אַלץ בעסער קאָנען מיר אָבשעצען זיין ווערטה און אַלץ טהייערער ווערט ער פאר אונז?

נאָך דער עפּאָכע פון דעם תלמוד געהט די ליטעראטור פון די גאונים. זי איז נאָך וועניגער אויסגעפאָרשט, איידער די ליטעראטור פון דעם תלמוד, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס נאָר פון איהר קאָנען מיר — דורך ריכטיגע מעטהאָדען — ארויסדעסטילירען דעם תמצית און די איינצעלהייטען פון דעם אידישען לעבען אין יענער צייט. דער אויבערפלעכליכער אפּקורס וועט אויך דאָ אָבנעשטויסען ווערען ניט נאָר פון דעם נאציאָ־נאַלען און רעליגיעזען גלויבען, נאָר אויך פון דעם בעוואוסטען קאַמפף, וועלכען א רב האי גאון פיהרט אָן אנטקעגען דעם פרייען, פאָרשענדען געדאַנק. אָבער דער אויבערפלעכליכער אפּקורס זינדיגט דאָ אַנטקעגען די געזעצען פון דער היסטאָרישער פּערספּעקטיווע, וועלכע איך האָב פריהער בעריהרט. ער וועט זיך דאַרפען אויסלערנען צו ענטדעקען דעם מ ע נ ש ע ן, און אַלץ, וואָס דער מענש האָט געשאַפען, אפילו דאָרטען, וואו דעם מענשנ'ס שכל

ווערט דורך די אומשטענדען געצוואונגען צו פאטשען זיך אליין אין פנים און אונטערצובויגען זיך אונטער דער אויבערהערשאפט פון דעם חלום, פון דער הארץ־בענקשאפט. און ווען אפילו קיין זאך זאל ניט ארויסרופען קיין ווארעמען מיטגעפיהל אין דער ברוסט פון דעם אפקורס, — איינס וועט אפילו איהם מוזען ענטציקען — די וואונדערבאר שארפע לאגיק פון די גאונים, וואס וועט איהם אפשר דערמאָהנען [illegible] גר וואונדערבאר שארפער לאגיק פון קארל מארקס' „קאפיטאל". עס קאן זיין, אז דאס וועט אין איהם דער־וועקען א געפיהל פון רחמנות צו זיי, פאר וואס זיי האבען נעבעך געמוזט אויסברענגען זייער שעצבארע קראפט אויף גיטין און כתובות, אויף כשר או טריפה און ניט אויף די פראבלעמען פון מעהר־ווערטה און קלאסען־פסיכאלאגיע. אבער שוין אט דער ר ח מ נ ו ת ־ געפיהל וועט זיין א מענשליכער געפיהל, און וואס מעהר מענש דער אפקורס וועט זיין, אלץ לייכטער וועט איהם זיין ארייצוטראכטען זיך אין די אומשטענדען פון דער צייט און איינ־צוזעהן, אז י ע מ א ל ט האבען די „שאלות" פון גיטין און כתובות ג ע מ ו ז ט צוציהען צו זיך די גאנצע אויפמערקזאמקייט מיט ניט קיין קלענערער מאגנעטישער קראפט, איידער דאס טהוען איצ־טער די פערוויקעלטסטע פראבלעמען פון דער מאדערנער טעאריע.

דער לעצטער פון די גאונים, סעדיה, איז אויך געווען דער ערשטער פון די אידישע רעליגיאנס־פילאסאפען. די אידישע רעליגיאנס־פילאסאפיע איז א גייסטיגער ענטוויקעלונגס־שטראם, וואס טראגט זיך אין א גלייכער ליניע פון סעדיה דורך אבן־גבירול, יהודה הלוי, דעם רמב"ם, חסדאי קרשקש, — איך רוף נאר אן די וויכטיגסטע נעמען, ביז דער קבלה, — און פון דארטען צושפאלט ער זיך אויף צווייען: איינער פיהרט צו ברוך שפינאזא'ס פאנ־טעאיזם און דער אנדערער צו דעם פאנטעאיזם פון דעם בעל־שם, דעם בעגרינדער פון דער חסידות.

די אבשעצונג פון דעם טייל פון אונזער קולטור־אוצר האט אויך שטארק געליטען פון דעם קאסמאפאליטישען ראציאנאליזם, מיט זיין ניט קאנען ארויסרייסען זיך פון דער אייגענער סביבה און פון די בעדינגונגען, וואס בעשטימען אונזער איצטיגען דענקען, מיט זיין אונפעהיגקייט ארייצולעבען זיך אין דער גייסטיגער וועלט

פון א פריהערדיגער צייט. אין די לעצטע יאָהרען זיינען אויפ־
געשטאַנען נייע פערקלענערער פון דער אידישער רעליגיאָנס־פילאָ־
סאָפיע, שוין ניט קיין קאָסמאָפּאָליטען, נאָר דוקא היפּער־נאַציאָ־
נאַלע ציוניסטען. פאַר זיי, פאַר די אויבער־ציוניסטען, איז די
אידישע רעליגיאָנס־פילאָסאָפיע אין דער ערשטער ליניע א פּראָדוקט
פון דעם גלות און — ווי קאָן דען פון דעם גלות ארויסקומען עפּעס
רעכטס? ניט נאָר זיינען די רעזולטאַטען, צו וועלכע אונזערע
פילאָסאָפען זענען געקומען פערהויקערט און נישט־ווערטיג, נאָר
אויך די גייסטיגע קראַפט, וואָס האָט זיי אַרויסגעבראַכט, ווערט
אָפּגעשעצט אויף א ניעדעריגער מדרגה; עס ווערט לגמרי אָפּ־
געלייקענט זייער אָ ר י ג י נ אַ ל י ט ע ט. דער גלות קאָן
ניט בעשאַפען קיין אָריגינעלע ווערק, דעריבער זאָלען מיר דאָך וואָס
גיכער ארויס פון איהם; דעריבער זאָלען מיר דאָך זיך אָבזאָגענען
מיט יעדען געדאַנק וויעדער אָבצופרישען די אידישע בעשאַפונגס־
כחות ניט אין דער אידישער היים.

איך וויל נאָר ניט לייקענען, אַז די אידישע רעליגיאָנס־פילאָ־
סאָפיע איז געשטאַנען אונטער דער שטאַרקער ווירקונג פון דעם
גלות, פון וועלכען נאָר איין ספּינאָזא האָט זיך געקאָנט אַרויס־
רייסען, דער רעליגיעזעסטער און דער „אידישעסטער" פון זיי אַלע־
מען. איך גיב אויך דורכאויס צו, אַז דער גלות האָט אין זייער
אַלעמענס געדאַנק אריינגעלאָזען זיינע פערגיפטעטע נעגעל אַזוי,
אַז ריעזיגע גייסטער האָבען זיך געקרימט און געדרעהט זיך אין א
טראַגישען ראַנגלען זיך פאַר א וועלט־אַנשויאונג, וואָס זאָל ניט
אונטערגראָבען די יסודות פון דעם אידישען זיין אויף דער וועלט.

איך האָב וועגען דער ראָליע פון דער אידישער רעליגיאָנס־
פילאָסאָפיע און דער קבלה אין דעם גייסטיגען קאַמפּף פון דעם
אידישען פאָלק פאַר זיין עקזיסטענץ גערעדט אין אַן אַנדער אָרט, —
אין מיינע „מיסלי אָב איסטאָריטשעסקיך סוד'באַך יעוורייסטוואַ"
פון דעם יאָהר 1887, און איך האָף אין גיכען נאָך א מאָל רעדען
וועגען זיי באריכות מיט דעם אידישען עולם. דאָ וויל איך נאָר
איבערגעבען איינס פון די רעזולטאַטען, צו וועלכע איך בין געקומען
אין דעם פונקט פון איהר אָריגינאַליטעט.

די נעגעל פון דעם גלות האָבען געוויס כמעט ווי איבערגעריסען

על כל פּנים שטאַרק צו־וואונדעט, די פרייהייט פֿון דעם אידישען פֿאָרשענדען גייסט, אָבער ניט ז׳ין אָריגינאַליטעט. שוין די צענט־ראַל־אויפגאַבע, וואָס די דענקער שטעלען זיך אוועק אין זייער פֿאָר־שען, דעם נאַציאָנאַלען ציעל, דעם קיום הלאום, האָבען זיי ניט אריבערגענומען און ניט געקאָנט אַריבערנעהמען פֿון דער פרעמד, ווייל קיין פילאָסאָפישער געדאַנק, אַ חוץ דעם אידישען, האָט ניט געהאַט און האָט ניט געקאָנט האָבען אַזאַ פּראָבלעם. און דער וואָס פערשטעהט, וואָס עס בעדייט אַ צענטראַל־פונקט אין אַ וועלכען עס איז סיסטעם פֿון געדאַנקען, ווי אַזוי ער דאַרף ווירקען אויף אַלע זיינע טיילען, ווי אַזוי מען איז געצוואונגען אויסצוגעפינען נייע שייכות׳ען צווישען געדאַנק און געדאַנק, כדי אָבצוואווענדען אַלע געפאַהרען פֿון דעם „קיום הלאום“, און כדי אַלע ליניען פֿון דעם סיסטעם זאָלען זיך צונויפלויפען אין איין שפּיץ, אין דעם משיח־גלויבען, וואָס איז געווען אַזוי נויטיג פאַר דאָס אידישע פאָלק, — ווער עס קאָן נאָר דאָס גוט בעגנעהמען, יענעם וועט ממילא ווערען קלאָר, אַז אַ געוואַלטיגע מאַסע פֿון אָריגינעלען דענקען, פֿון אור־אייגענער אידישער גייסטעס־קראַפט האָט געמוזט אַנגעווענדט ווערען, כדי אַרויסצוברענגען די אידישע רעליגיאָנס־פילאָסאָפיע.

דער ציוניסט פאַלט דאָ אַריין אין דעם זעלביגען פעהלער, וואָס דאָס רוב קאָסמאָפּאָליטישע ראַציאָנאַליסטען. זיי זענען ניט בכח פאַנאַנדערצוקלייבען זיך אין דאָס, וואָס מען קאָן אָנרופען די פאָר־מאַטיווע קראַפט פונ׳ם דענקען, דעם געשטאַלטונגס־כח פֿון דעם דענקער, און דעם מאַטעריעלען אינהאַלט, די איינצעלנע געדאַנקען, אויף וועלכע דער געשטאַלטונגס־כח בעווייזט זיין גבורה. און אויך פאַר זיי, הפּנים, איז וויכטיגער דער אינהאַלט, וואָס מוז זיך היס־טאָריש בייטען פֿון דור צו דור, איידער די לפי־ערך אייביגע קראַפט, וואָס ברענגט איהם אַרויס, אָדער וואָס בעאַרבייט איהם, ווען ער ווערט אַריבערגענומען פֿון דער פרעמד.

וואָס בעווייזט מען דערמיט, ווען מען ווערט ניט איינגעמאָ־טערט איבערצו׳חזר׳ן, אַז ביי יהודה הלוי געפינען מיר אַ סך עלע־מענטען פֿון אַל־גאַזזאַלי, אַז גבירול איז געווען אַ ניי־פּלאַטאָניקער, אַ גריעכישע ריכטונג, וואָס איז, אגב, אַרויסגערופען געוואָרען פֿון

אַ גרויסען אידישען דענקער, פילאָן, אויף וועמען איך האָב היינט אין גאַנצען פערגעסען, — וואָס בעווייזט עס, ווען מען געפינט אויס, אז די אידישע דענקער האָבען אריינגענומען אין זיך עלעמענטען פון יענער גייסטיגער אַטמאָספערע, פון וועלכער זיי האָבען געזויגען זייער פילאָסאָפישע יניקה? האָט מען ווען עס איז, וואו עס איז געהאַט אַ דענקער, ווי גרויס און אָריגינעל ער זאָל ניט זיין, וואָס זאָל ניט האָבען געשטאַנען אונטער דער ווירקונג פון זיין גייסטיגער סביבה? געפינען מיר ניט ביי דעקאַרט'ען זיין ערגסטען פיינד, די סכאָלאַסטיק, און — דעם הייליגען אויגוסטין? האָט ניט ספינאָזא אין זיך דעקאַרט'ן, און דזשיאָרדאַנאָ ברונאָ, און די אידישע דענקער? איז ניט אפילו קאַנט ביז צו אַ גרויסען גראַד אַ פּראָדוקט פון לייבניץ, יום און זשאַן זשאַק רוססאָ?

מיט די אַלע איינצעל־פערגלייכונגען, — וואָס זענען, אגב, זעהר וויכטיג, כדי צו דערקלעהרען דעם ענטוויקעלונגס־גאַנג פון דעם דענקער און די גייסטיגע סביבה, וואָס האָט געווירקט אויף איהם, — בעווייזט מען נאָך גאָר נישט פאַר זיין אָריגינאַליטעט און פאַר זיין שאַפונגס־קראַפט. מען מוז קודם אָבוועגען די פּראָפּאָרציע, אין וועלכע די פרעמדע געדאַנקען שטעהען צו זיינע אייגענע, און אויך דאָס איז נאָך ווייניג. מען דאַרף זיך פרעגען: וואָס האָט דער אידישער דענקער געמאַכט פון די דאָזיגע געדאַנקען, ווי און צוליעב וואָס נוצט ער זיי אויס? מען דאַרף פערגלייכען די סיסטעמען אין זייער גאַנצקייט און אויסגעפינען, צו דער אידישער סיסטעם איז אין תוך אריין ניט מעהר, ווי אַ קאָפּיע פון דעם ניט־אידישען, אָדער ער האָט אין זיך זיין אייגענע נשמה, זיין אייגענע פערבאָרגענע טענדענץ, וועלכע דער פרעמדער האָט גאָר ניט געקאָנט האָבען אין זיך.

אַזאַ אינוועניגסטע אייגענע נשמה האָבען די אידישע דענקער געהאַט, יעדער לויט דער מאָס פון זיין אָריגינאַליטעט. און ווי האָט דאָס געקאָנט אַנדערש זיין! די געשטאַלטונגס־כחות פון אַ פאָלק געהען אַריבער בירושה פון דור צו דור. אויב די אידען האָבען געהאַט אור־אייגענע געשטאַלטונגס־כחות אין דער היים, האָבען זיי געמוזט מיטפיהרען זיי אויך אין גלות. געווים! כדי זיי זאָלען זיך קאָנען גאַנץ פריי ענטוויקלען, דאַרף מען האָבען גינסטיגע בע־

דינגגונגען צום גייסטיגען שאַפען, און אַ לפּי ערך רוהיגען עקאָנאָמישען און נאַציאָנאַלען מעמד. אָבער וואו נאָר אַזאַ לפּי ערך רוהיגער, גינסטיגער מעמד האָט זיך בעוויעזען, האָבען זיך די דאָזיגע כחות אַרויסגעריסען לפּועל: אין שפּאַניען די גבירול, הלוי און קרשקש, אין האָלאַנד אַקאָסטאַ און ספּינאָזאַ, אין דייטשלאַנד — היינע און בערנע און מאַרקס, און לאַסאַל, און הערמאַן קאָהען, און לאַזאַרוס און גייגער און... און... און...

מכח די אידישע געשטאַלטונגס־כחות וועלען מיר נאָך האָבען צו זאָגען אַ פּאָר ווערטער, ווען מיר וועלען רעדען וועגען דעם ראַסען־איד. דערווייל רעדען מיר וועגען דעם ווערטה פון די פּראָדוקטען, וואָס די אידישע כחות האָבען אַרויסגעבראַכט. מיר פליהען ווי אין אַן עראָ־פּלעין איבער דאָס גרויסע געביעט פון דער אַלטער אידישער קולטור, פון וועלכער מיר קאָנען זעהן נאָר גאָר די וויכטיגסטע פּלעצער. און וועגען יעדען פון זיי מאַכען מיר אין איילענים קורצע בעמערקונגען, בעת מיר פליהען פערביי.

מיר פליהען איצטער אַריבער צו דער אידישער פּאָעזיע, וואָס האָט זיך פּאַנאַנדערגעבליהט אין דערזעלביגער צייט ווי די אידישע רעליגיאָנס־פילאָסאָפיע. שוין דער פּאַקט אַליין, אַז די צוויי גרעסטע אידישע דענקער פון יענער צייט, — גבירול און הלוי, — זענען אויך די צוויי גרעסטע פּאָעטען פון דעם שפּאַניש־אַראַבישען פּעריאָד, לאָזט אונז דענקען, אַז די אידישע פּאָעזיע איז ניט נאָר אַן אויסדרוק פון דעם אידישען זין פאַר שעהנקייט, נאָר אויך אַ קלאָרער שפּיעגעל, אין וועלכען דער גאַנצער „איד־מענש" שפּיעגעלט זיך אָב. אין דער אמת'ען איז ער דאָרטען אויסגעדריקט אין זיין גאַנצער פּראַכט. ער נויטיגט זיך ניט אין פּירושים. דאָ, אין דער פּאָעזיע, דאַרפען מיר דעם מענשליכען קערן ניט אַרויסשיילען פון מעטאַפיזישע, רעליגיעזע, יורידישע שאָלעכצען, וואָס האָבען איהם אַרומגעוויקעלט אין דעם תלמוד, ביי די גאונים און ביי די רעליגיאָנס־פילאָסאָפען. די אידישע פּאָעזיע איז ל י ר י ק, — אַ לשון, וואָס געהט דירעקט פונ'ם הארצען אין האַרץ אַריין. דאָס איז פּ ע ר־ז ע נ ל י כ ע ליריק אפילו יעמאָלט, ווען זי רעדט אין דעם נאָמען פון דעם פאָלק. קודם כל, ריין מענשליכע, רעליגיעזע ליריק, וואָס דריקט אויס דעם זיפץ פון דער נשמה, ווייל איהר איז ענג געוואָן אין

די גרעניצען פון דעם יעמאַלטדיגען געזעלשאַפטליכען זיין און זיי בענקט נאָך אַ העכערער וועלט, אַיידער אונזער זינדיגע ערד.

איך ווייס ניט, עס קאָן זיין, אַז דאָס וועלטליכע זיין פון דעם מענשען אויף דער ערד, ווען עס וועט מקוים ווערען דער טרוים פון די נביאים וועגען דער נייער ערד און די נייע הימלען, וועט אַ מאָל ווערען אַזוי רייך, אַז די „נייע ערד" וועט שטילען אַלע בענקשאַפטען פון דעם מענשענ'ס נשמה און די נייע הימלען וועלען נאָר צוליעב דעם זיין אויף דער וועלט, כדי זייער אונענדליכער בלאָה זאָל זיך אָבשפּיעגלען אין דעם קלאָרען, פריידיגען מענשליכען אויג. עס קאָן זיין, אַז די מענשען וועלען זיך יעמאָלט אויסלערנען צו פיהלען און געניסען אונענדליכקייט אין די ענדליכע גרעניצען פון זייער זיין אויף דער ערד און זיך לגמרי אָנזעטיגען מיט איהר דאָ. יעמאָלט וועט די בענקשאַפט נאָך אַן איבערוועלטליכער אונענדליכקייט אין גאַנצען פערשווינדען.

אָבער — ווען וועט דאָס זיין? אויב נאָך איצטער, אין אונזער געבענשטער און הויך־געלויבטער צייט, ווען אונזער מאַכט איבער דער נאַטור געהט טאָג־טעגליך פאָראויס מיט אַזאַ שטאָלצען און זיכערען גאַנג; ווען אונזערע גייסטיגע האָריזאָנטען האָבען זיך פאַנאַנדערגערוקט אַזוי ווייט; ווען די העכסטע אידעאַלען, פון וועלכע נאָר די זעלטען־אײדעלסטע מענשען האָבען אַ מאָל געהאַט דעם מוטה צו טרוימען, דרינגען מיט אַן אימפּעט אַריין אין די מאַסען; אויב נאָך אין אונזער צייט, זאָג איך, וואָס איז אַזוי רייך אין אַזוי פיעל פריידיגע, פּראָגרעסיווע „ווען'ס", געהט פון דעסט־וועגען אויס די נשמה נאָך אַ ניט צו שטילענדען דאָרשט צו אונ־ענדליכקייט, וועלכע מיר קאָנען ניט געפינען דאָ, היינט — ווי שטאַרק האָט געמוזט זיין דער דאָזיגער דאָרשט אין דעם מיטעל־אַלטער, וואו דאָס לעבען און דער געדאַנק זענען געווען פערענגט און ארומגעצירקעלט פון אַלע זייטען! די רעליגיעזע בענקשאַפט נאָך איבער־נאַטירליכע אונענדליכע הימלען האָט זיך ביי דעם אידען אויסגעלעבט אין זיין רעליגיעזער לידיק.

נאָך אַ סך שטאַרקער, איידער די רעליגיעזע ליריק, קלינגט אין דער אידישער פּאָעזיע די נ א צ י אָ נ א ל ע: די שוידער־ליכע קלאָג איבער דעם מצב אין גלות, די גליהענדע ליידענשאַפט

צו א פרייען זעלבסטשטענדיגען לעבען, די צערטליכע קינדער־ליעבע צו דער אלטער היים אין ציון, דער טיעפער גלויבען אין דער נאָ־הענטער בעפרייאונג. און אין די אַלע קלאַנגען מישען זיך נאָך אריין טענער פון ריין אינדיווידועלער ליריק, דער קומער פון איינ־זאַמקייט און דער לעבענס־צער, דאָס יובעלנדיגע אויפשאַלען פון לעבענס־פרייד און ליעבעס־גליק.

פון אויבען, פון דעם אעראָ־פּלאַן, קאָן מען ניט זעהן די פאָרם־שעהנקייט און פאַרבען־פּראכט פון יעדער איינצעלנער בלום. אָבער מיר פליהען פאַרביי אַן אונענדליך רייכען, אַן אונענדליך גרויסען פּאָעזיע־גאָרטען און מיר זעהען, אז די בלוט־רויטע, מתים־ווייסע און שווארץ־בלאָהע בלומען בעדעקען דעם גרעסטען טייל שטח, און מיר ווייסען, אז די טוי־טראָפּענס, וואָס אין זיי, זענען אמת'ע מענשליכע טרעהרען.

נאָך די פּאָעטען און פילאָסאָפען קומען די קאַבאַליסטען, די „מקובלים". א משונה'דיגע וועלט עפענט זיך פאַנאַנדער פאַר אונז. א פער'כשוף'טער וואַלד. ביי טאָג זעהט מען איהם גאָר ניט. ער ווערט פערוואַנדעלט אין א סטעפּ פון שמוציגע, ברוינע, פערוויאַלעטע גראָז. אָבער ווען דער אָבענד־טוי פאַלט אראָב אויף דער סטעפּ, ווען די לבנה בעגיסט די וועלט מיט איהרע בלאַסע שטראַהלען, יעמאָלט גלייכט זיך אויס דאָס גראָז, ווערט גרין און פייכט, און הויבט זיך אָן שנעל־שנעל פאַנאַנדערצואוואַקסען צו ריעזיגע בוימער, וואָס שטרעקען פאַנאַנדער אַלץ ווייטער און ווייטער זייערע משונה'דיגע צווייגען אין דעם פלוצלונג געל און גרין געוואָרענעם שיין, וואָס פערבלענדט דאָס אויג... א פאַנטאַסטישע וועלט, פול מיט מיסטישע שעהנקייט!

און איז דען שווער אויך דאָ צו דערבליקען דעם מ ע נ ש ע ן? דעם מענשען און דעם אידען?

דער מענש פון דער קבלה בענקט נאָך דעם „אין־סוף", נאָך דעם אונענדליכען ליכט־קוואַל, פון וועלכען עס שלאָגט, ווי פון א פאָנטאַן, דאָס וועלטליכע געשעהען. אָבער ער בענקט נאָך איהם ניט ווי נאָך א דרויסענדיגען ציעל, צו וועלכען ער דאַרף דערפליהען. ער וויל שפּירען אין ז י ך, אז ער איז א פונק פון יענעם ליכט־קוואַל, וואָס לעבט אייביג אין דער וועלט, און אז מיט איהם, דעם

„ניצוץ״, קאָן קיינמאָל נישט געשעהן קיין בייז, וואָס איהם זאָל נישט טרעפען אין זיין אייביגען לעבען, — ליידען, פערוואָגלונג אָחער אפילו דער טויט.

און דער איך אין דעם מענשען בענקט אין דער קבלה נאָך אזא וועלט, וואו עס זאָלען נישט זיין קיין אונמעגליכקייטען; וואו די אייזערנע קייטען פון גלות זאָלען פלוצלונג קאָנען צוגעהן, ווי וואקס; וואו דער אידישער משיח זאָל זיין נישט נאָר א שעהנע, פאָעטישע צויבער־לעגענדע, נאָר א רעאַלעווירקליכע קראַפט, וועל־כען מען קאָן קינסטליך דערוועקען און דערנעהנטערן איהר בע־פרייענדע טהאַט.

מיר האָלטען שוין ביי דעם סוף פון דער אַלטער אידישער קול־טור־וועלט. דער נעכסטער עטאַפּ איז די חסידות, — א וועלט, אין וועלכער דער מאָדערנער פאָרשער־געדאַנק האָט ערשט נישט לאַנג גענומען אריינדרינגען. און וואָס מעהר מען דרינגט אהין אריין, אַלץ נייע וועלטען פון מענשליכער שעהנקייט אנטפּלעקען זיך דאָר־טען. פון זייער עטישען און פאָעטישען ווערטה קאָן מען האָבען א השגה שוין פון פרץ׳ם חסידישע מעשה׳לעך. זייער רעליגיעזע, פילאָסאָפישע און נאַציאָנאַלע בעדייטונג וואַרט נאָך אויף א פער־שטענדיגען פאָרשער.

אָבער אונזער קולטור־וועלט ענדיגט זיך נאָך נישט מיט דער אַלטער, רעליגיעזער וועלט. דאָס נייַנצעהנטע און צוואַנציגסטע יאָהרהונדערט, די צייטען פון דער אידישער היסטאָרישער פאָר־שונג, פון דער העברעאישער השכלה־ליטעראַטור, פון דעם ציוניזם און דעם אידישען סאָציאַליזם האָבען אויפגעבויט נייע גייסטיגע בנינים, וואָס האָבען אַן אונגעהויערען ווערטה פאַר דער מענשליכער ענטוויקעלונג פון דעם אידישען פאָלק.

איך ווייס גאַנץ גוט, אַז דער גאַנצער פעריאָד פון דעם גייס־טיגען שאַפען פון דעם נייַנצעהנטען יאָהרהונדערט ביז צו דעם ציוניזם האָט נישט געקאָנט ארויסברענגען אַזעלכע גאונים, ווי די אַלטע קולטור, ווייל דאָס איז אויך געווען די צייט פון דער אַסימיליאַציע, וואָס האָט אָבגעצאַפּט פון אונז אונזערע בעסטע זעפטען, און אריינגעגאָסען זיי אין די אָדערן פון די ארומיגע פעלקער. די וואונדען אין די אָדערן, וועלכע די אַסימי־

ליאציע האט געעפענט, זענען נאך ניט אלע פארהיילט, די עפענונגען ניט אלע געשלאסען. נאך איצטער רינט פון זיי ארויס דער קאסט־בארסטער לעבענס־זאפט פון אונזער פאלק, דאס גייסטיגע שאפען פון זיינע קינדער. אבער א דאנק דעם ציוניזם און דער נאציאנאל־פראגרעסיווער בעוועגונג בכלל, הויבט אן דער אידישער גייסט ווידער קומען צוריק צו זיך, און שוין שטראהלען נייע שטערען אויף אונזער הימעל, פון וועלכער יעדער לייכט מיט אן אייגענעם, רייכען גלאנץ. משה העסס, טהעאדאר הערצל און נארדוי, אחד העם און דר. בירנבוים, זשאבאטינסקי און ראטנער, און ביאליק און טשערניהאווסקי, און עס דרענגען זיך נעמען אויפ'ן צונג כמעט אהן א צאהל, נעמען פון מענשען מיט אן אייגענער פיזיאנאמיע און א בעדייטענדען טאלאנט, וואס שפינען ווייטער דעם פאדים פון דער אבגעריסענער אידישער קולטור.

און עס ווערט געבארען די נייע אידישע ליטעראטור, מיט א גרויסער צאהל נעמען און טאלאנטען, וואס האבען ארויסגעבראכט בעדייטענדע ריין־מענשליכע ווערטהען, — א נייער קוואל פון לעבענס־קראפט פאר אונזער פאלק, א נייער פעלד פאר זיין קול־טורעלען שאפען. די נעמען פון איהרע איינצעלנע טהוערם וועל איך אין גאנצען ארויסלאזען, ווייל זיי דארפען אייך אלעמען זיין בעקאנט.

איהר זעהט: דער מענש אין דעם אידען האט זיך ניט וואס צו שעהמען מיט דער גאנצער קולטור־ארבייט פון זיין פאלק. און אויב ער שעהמט זיך מיט איהר, אדער ער האט גאר קיין אהנונג ניט פון איהר עקזיסטענץ און איהר מהות, איז דאס נאך ניט קיין סמן פון זיין גרעסערער מ ע נ ש ל י כ ק י י ט. אז איהר וועט טרעפען א דייטשען אדער אן ענגלענדער, וואס וועט זיך פאר אייך בעריה־מען, אז ער ווייס לחלוטין גאר נישט ניט וועגען דער גייסטיגער פערגאנגענהייט פון זיין פאלק און אינטערעסירט זיך ניט מיט דעם, וועט איהר איהם געוויס ניט האלטען פאר א העכער שטעהענדען מענשען. איהר וועט פשוט זאגען: ס'איז אן עם־הארץ. ער וועט ווערען געבילדעטער, וועט ער ווערען מעהר מ ע נ ש, וועט ער ווערען מעהר ענגלענדער אדער דייטש אין דעם פונקט פון ליעבע צו דעם אייגענעם קולטורעלען אוצר. זייט זיכער: איהר קאנט

מיט דעם זעלביגען רעכט אַנזוועגדען אייער אורטייל אויך אויף דעם אידישען מענשען. וואָס מעהר מענש ער וועט ווערען, וואָס מעהר ער וועט זיך נעהמען אינטערעסירען מיט דעם, וואָס איז איהם כּונע מעהר איידער אלעמען, מיט דער ענטוויקעלונג פון זיין אייגענער קולטור, און וואָס טיעפער ער וועט אריינדרינגען אין איהר, אַלץ מעהר וועט זי איהם ווערען טהייער און ליעב.

על כל פּנים, איין זאַך איז קלאָר. אַז, ווענינגסטענס, ביי די אומות העולם איז די ליעבע צו דעם אייגענעם קולטור־אוצר קיין מאָל ניט קיין סתירה צו דער מענשליכקייט. אדרבה, וואָס מעהר מענש איינער איז, אַלץ שטאַרקער איז אין איהם די איבערגעבענקייט צו די אייגענע קולטורעלע רייכקייטען. עס איז דעריבער ביי מיר גאָר קיין ברעקעל ספק ניט, אַז ווען מיר ווילען אויפעפענען פאַר אונזער פאָלק אַלע אוצרות, וואָס ליעגען איצטער פערשלאָסען אין אונזער גייסטיגען עבר; ווען מיר ווילען צופיהרען צום פאָלק די אַלע הלוי'ס, גבירול'ס, אל־כאריזי'ס און לוצאטאָ'ס, וואָס זענען איהם איצטער נאָך אַזוי פרעמד, וועט אויך דער איד אויפהערען צו זיין אַ יוצא־מן־הכּלל און אויך אין דעם פּרט פון דעם קולטור־אוצר וועט ווערען ריכטיג דער שפּרוך, אַז וואָס געבילדעטער ער וועט זיין, וואָס מעהר מענש ער וועט זיין, אַלץ מעהר איד וועט ער זיין.

לאָזט מיך דאָ בעריהרען נאָך אַ פּונקט וועגען דעם נאַציאָנאַלען אידען, כּדי צו פערענטפערן יענע גרויסע עולה אונזערע, וואָס מיר, אידען, ווילען „מאַכען שבת פאַר זיך" און „אָבזונדערן זיך פון דער מענשהייט". אַ מענש, קאָטאָרי וועלכער איז אַן אמת'ער מענש, — זאָגט דער קאָסמאָפּאָליט, — טאָר ניט טראַכטען וועגען דעם אייגענעם פאָלק. ער דאַרף נאָר טראַכטען וועגען דער גאַנצער מענשהייט.

אַזוי גאָר? אמת'ע מענשען טראַכטען ניט וועגען זייער פאָלק? גאַריבאַלדי האָט געשטריטען ניט פאַר די איטאַליענישע פרייהייט, נאָר פאַר די פרייהייט פון די פידזשיאַנער? מיכאַילאָווסקי, פּליעכאַנאָוו און לאַווראָוו האָבען געפּרעדיגט סאָציאַליזם ניט פאַר דעם רוסישען פאָלק, נאָר פאַר די באָטאָקודען?

שטעלט זיך אין דער אמת'ען פאָר, אַז אונזערע „אמת'ע"

מענשען וואלטען געבאלעבאטעוועט אין דער געשיכטע פון גאַרי־באלדי'ס צייטען אַן. ווי וואלטען זיי דאָס ארויסגעפאלען אויף יענעם העלד, ווי וואלטען זיי דאָס דערנומען זיינע יאהרען פאַר זיין וועלען „אבזונדערן זיך פון דער מענשהייט", פאר זיין ווילען „מאַכען שבת פאר זיך"! גאַריבאַלדי, — וואלטען זיי געפיל־דערט, — אַ קלאָג צו דיינע טעג! וואָס הייסט עס מאַכען אַ רע־וואָלוציע נאָר פאַר איטאַליענער? און וואו זענען די איבעריגע מענשען, וואָס שמאַכטען אונטער דער עסטעררייכישער ווילד־הער־שאַפט? קאָנט איהר ניט וואַרטען, ביז זיי אַלע ווילען זיך אַ הויב טהאָן מיט אַ מאָל און אַראָבטרייסלען פון זיך דעם דעספּאָטישען יאָך? און פאַר וואָס עפּעס וואַרטען נאָר אויף די פוילען און די רוטענען? און וואו זענען די רוסען אין רוסלאַנד און די כינעזער אין קיטי און — און — און — די וועדדאַה'ס אויף דעם אינזעל צייל‎אָן, — זענען זיי גאָר קיין מענשען ניט?

און מיט דערזעלביגער לאָגיק קאָנען די „אמת'ע מענשען" אויך פון היינטיגער צייט אַרויסטרעטען אַנטקעגען אַלע רעוואָלו־ציאָנערע פיהרער פון דער אייראָפּעאישער קולטור.

זיי קאָנען אויך איצטער נאָך טענה'ן: אָן זעהט, די וועד־דאַה'ס לויפען נאָך אום אָהן הויזען, און די בושמענער אין אפריקע ווייסען נאָך ניט, וואָס אַן אַלף־בית איז, און זיי, די צולאָזענע „נאַציאָנאַליסטען", די גאַריבאַלדי'ס, די מאַרקס און לאַסאַל, די מיכאַילאָווסקי'ס און פּליעכאַנאָוו'ס קעמפּפען גאָר פאַר אַ שטיקעל פרייהייט פאַר אַ פּיצעלע מענשהייט, שטרייטען נאָר פאַר אַ סאָ־ציאַליזם אין אַ קליינינקען קאָנטינענטעלע, וואָס רופט זיך אייראָפּאַ. וואַרט, שקצים, ביז די וועדדאַה'ס ווילען אָנטהאָן הויזען, ביז די בושמענער ווילען זיך אויסלערנען לייענען קאַרל מאַרקס' „מאַני־פעסט"; וואַרט ביז אַלע מענשען ווילען אייך אָניאָגען, ביז פון אַלע מענשען וועט ווערען איין מענש, און פון אַלע בוימער איין בוים, און פון אַלע העק איין האַק, און פון אַלע טייכען איין טייך! אָט יעמאָלט וועט קומען דער גרויסער מענש מיט דעם גרויסען האַק צו דעם גרויסען בוים און וועט איהם אַראָבשליידערן אין דעם גרויסען טייך! אָט יעמאָלט ווילען מיר ערשט האָבען דעם ריכ־טיגען „פּליאָך!"

דער פעהלער, אין וועלכען דאָ פאַלט אריין דער ראדיקאלער אידישער קאָסמאָפּאָליט, בעשטעהט אין דעם, וואָס ער האָט זעהר א פאַלשען בעגריף וועגען דעם מהות מענשהייט. די מענשהייט איז, ווי איך האָב שוין ניט איין מאָל בעמערקט, ניט עפּעס אזוינס, וואָס זאָל ליעגען ערגעץ וואו דרויסען פון די פעלקער, און אין וועלכער מען קאָן אריינשפּרינגען, ווען מען פערלאָזט דאָס אייגענע פאָלק. מענשהייט איז, קודם כל, *כיענשליכקייט*, א זאך, וואָס ליעגט אינוועניג אין יעדען פאָלק און וואָס יעדער פאָלק דאַרף אבהיטען מיט אַלע זיינע כחות. אָבער מענשליכקייט איז *פּראָגרעס*, א שטרעבען צו פערווירקליכען אין דער אייגענער קולטור אַלץ מעהר אמת, יושר, חן און מענשליכע חשיבות, און אַט די פליכטען פון דעם פּראָגרעס פערוועהרען יעדען פאָלק, אָבצושטעלען זיך, לאָז זיין אויף א ווײלע, אין דער געשיכטליכער ענטוויקעלונג און ווארטען, ביז די אַנדערע פעלקער וועלען עס אניאָגען. ובפרט ווען עס האנדעלט זיך וועגען בעפרייאונג פון א פרעמדען יאָך, ווי דאָס איז געוועזן ביי די איטאַליענער אין די צייטען פון גאריבאַלדי, ווי דאָס איז איצטער ביי די פּוילען, רוטענער, פינלענדער און די אידען פון די היינטיגע טעג.

מענשליכקייט איז *פרייהייט*, א שטרעבען דורכצופיהרען דעם אייגענעם ווילען און פערשטאַנד אין אַלע יענע צווייגען פון דער קולטור, וואו קיין אַלגעמיין־מענשליכער שכל קאָן ניט דיקטירען קיין איינהייטליכען מאַרשרוט פאַר דער גאַנצער מענשהייט. כדי דאָס דורכצופיהרען, מוז מען זיין דער *בעל־הבית* אויף דעם אייגענעם געשיכטליכען גורל און דערצו איז נויטיג א פאָלשטענדיגע אויטאָנאָמיע אין דעם קולטורעלען לעבען פונ'ם פאָלק און אָפטמאָל אויך א *פּאָליטישע* זעלבסטשטענדיגקייט, אויב אויף אַן אַנדער אופן קאָן מען ניט מעגליך מאַכען אָדער זיכער שטעלען די פרייע ענטוויקעלונג פון דעם פאָלק'ס קולטורעלע כחות.

דאָס איז ניט קיין אָבזונדערונג פון דער מענשהייט. דאָס איז די *פערווירקליכונג* פון דעם אַלגעמיין־מענשליכען פּראָגרעס, וואָס האָט ניט קיין אַנדערע דורכפיהרער, סיידען די איינצעלנע פעלקער. געוויס זאָלען די פעלקער זיין סאָלידאריש איינע מיט די אַנדערע. געוויס מוזען אויפהערען די מלחמות און

די רייסענישען צווישען זיי. געוויס מוזען זיי זעהן צו העלפען איינער דעם אנדערן אין זייער פראָגרעסיווער ענטוויקעלונג, אַז זיי אַלע זאָלען ווערען ווי ברידער אין איין איינציגער משפחה. אָבער די הילף, וואָס אַ פאָלק קאָן ברענגען אַ פאָלק, די סאָלידאַריטעט, וואָס קאָן זיי צונויפבינדען אין איינעם, די פעלקער־פערברידערונג צו איין מענשליכער משפחה, קאָן נאָר יעמאָלט זיין אַ *מענשליכע* הילף און אַ *מענשליכע* סאָלידאַריטעט, ווען זי איז געבויט אויף דעם גרונדזאַץ פון אַלעמענס פרייהייט און אַלעמענס גלייכבערעכטיגונג. ווען די רוסען *צווינגען* די פוילען, די פינלענדער און אַלע אנדערע פעלקער, וואָס וואוינען אין רוסלאַנד, צו זיין סאָלידאַריש מיט זיי אין דער פּאָליטיק, אין דער שפּראַך, אין דער רעליגיאָן און אין דער קולטור, איז דאָס ניט קיין סאָלידאַריטעט, נאָר פשוט'ע פערשקלאַפונג. ווען די אַמעריקאַנער, דורך יענעם אונגעהייערן איבערוואָג, וואָס זיי האָבען בעשאַפען פאַר זייער שפּראַך און קולטור, צווינגען אַלע פעלקער, וואָס וואוינען אין די פעראייניגטע שטאַאטען, זיי זאָלען זיך „אַמעריקאַניזירען“ מיט זיי, איז דאָס ניט קיין מענשליכע סאָלידאַריטעט, ניט קיין פרייוויליגע פעלקער־פערברידערונג, נאָר אַ פערמאַסקירטע שקלאַפעריי, אַקוראַט אַזוי ווי אין רוסלאַנד, — אַ שקלאַפעריי, וואָס הערט ניט אויף צו זיין דאָס, וואָס זי איז, ווען אפילו זי טרייבט צו אַמעריקאַניזאַציע אויף אַן איידעלערען אופן, איידער אין רוסלאַנד: ניט מיט דער פּאָליטישער בייטש פון דעם קאָזאַק, נאָר מיט דער *הונגער־בייטש* און די פעטע „דזשאַבס“, וואָס מיט זיי קויפט מען אונטער די נשמה פון דעם פרעמדען פאָלק.

דער קולטורעלער איבערוואָג פון איין פאָלק איבער דעם אנדערן אין אַ וועלכען עס איז לאַנד, — אַן איבערוואָג, וואָס ווערט געניטיצט דורך דער גאַנצער מאַשינערי פון דעם מעכטיגען הערשענדען שטאַאַט, איז אַ פּאַטש אין פּנים יעדען צווישען־פעלקערליכען יושר, וואָס פערלאַנגט, אַלע זאָלען האָבען גלייכע שאַנסען פאַר זייער נאַציאָנאַלער ענטוויקעלונג, דיזעלביגע מעגליכקייטען צו דעם פאַנאַנדערבליהען פון זייערע שפּראַכען און קולטורען. און וואָס מעהר מענש איינער איז, אַלץ העכער רעדט אין איהם דער געפיהל פון יושר, אַלץ ברענענדיגער פיהלט ער די עולה פון דער

נאַציאָנאַלער אויבערהערשאַפט; אַלץ טיעפער איז ער דורכגעדרונגען מיט דעם אידעאַל פון גלייכע רעכט און גלייכע ענטוויקלונגס־מעגליכקייטען פאַר יעדען פאָלק.

קאָן מען אָבער באמת האָפען, אַז דאָס הערשענדע פאָלק זאָל פון זיך אַליין זיך אָבזאָגען פון זיין פריווילעגירטער שטעלונג, אַז די הערשער זאָלען אַליין נעהמען דורכפיהרען אין לעבען דעם אידעאַל פון צווישען־פעלקערליכען יושר און אמת'ער פעלקער־פערברידערונג? גאַנץ זיכער ניט! אויב די פעלקער וועלען ניט קעמפפען פאַר זייערע כשר'ע מענשליכע רעכט, וועט קיינעם ניט אַרען פאַר זיי. אויב זיי וועלען ניט מאַכען שבת פאַר זיך, וועלען זיי אייביג מוזען זיצען ווי בעטלער ביי אַ פרעמדען טיש. און אויף וואָס פאַר אַ העכערער שטופע פון מענשליכקייט זיי וועלען זיך געפינען, וואָס העלער עס וועט ברענען אין זייער הארצען דער אידעאַל פון פרייהייט, זעלבסט־שטענדיגקייט און קולטורעלען פראָגרעס, אַלץ טרייער וועלען זיי זיין צו די אינטערעסען פון זייער אייגענעם נאַציאָנאַלען לעבען.

אויב עס איז פאַר יעדען פאָלק אַ חוב אָבצוהיטען די אייגענע זעלבסט־שטענדיגקייט אָדער שטרעבען צו איהר דאָרטען, וואו מען האָט זי נאָך ניט דערגרייכט, איז דאָס פאַר אונז, אידען, אַ דאָפפעלטער חוב. זאָל איך אייך אויסמאָלען די לאַגע, אין וועלכער דאָס אידישע פאָלק געפינט זיך? זאָל איך אייך שילדערן יענעם ק ו ל ט ו ר ־ ח ו ר ב ן, וואָס דאָס אידישע פאָלק לעבט איצטער דורך אַ דאַנק דעם, וואָס די געבילדעטע קלאַסען זענען אַנטלאָפען פון אונז? זאָל איך דערמאָהנען אָן דער מ אָ ר אַ ל י ש ע ר צופוילטקייט, וואָס האָט זיך אַריינגעריסען אין דעם לעבען פון די אידישע מאַסען פאַר די לעצטע צוואַנציג יאָהר, — אַ מאָראַלישע צופוילטקייט, וואָס איז אַ נויטווענדיגער פראָדוקט פון זיין אונמעגליכער עקאָנאָמישער און יורידישער לאַגע אין די היים־לענדער און פון זיין קולטור־חורבן אומעטום? דאָס זענען אַלץ צו בעקאַנטע פאַקטען, מען זאָל זיך דאַרפען באריכות אָבשטעלען אויף זיי. אָבער זאָגט: וועמען זאָל דאָס אַרען, אויב ניט אונז אַליין? ווער זאָל טראַכטען וועגען געזינטערע און בכבוד'ערע מענשליכע פרנסות פאַר דעם אידען, אויב ניט דער איד? ווער זאָל זאָרגען פאַר די גייס־

טיגע און מאראלישע ענטוויקעלונג פון די אידישע מאסען, אויב ניט די אייגענע אינטעליגענץ, וואס האט בעדארפט איהר גאנצע ענערגיע אוועקגעבען אין דעם דיענסט פון דעם פאלק, — אזוי ארעם איז דאס פאלק און אזוי נויט־בעדערפטיג איז עס אין אינטעליגענטער הילף!

אדער זאל איך אפשר א ריהר טהאן אונזער נאציאנאלע לאגע, די שטעלונג פון אלע אנדערע פעלקער צו אונז, ווי א פאלק, די חשיבות און דעם רעספעקט, וואס מיר האבען פון זיי? אך, דאס הארץ ווערט בעגאסען מיט בלוט, ווען מען טראכט זיך אריין אין דעם אידישען גורל צווישען די ניט־אידישע פעלקער, ווען מען דערמאהנט זיך אן דער טיעפער שמאך און שאנד, אין וועלכער עס איז אריינגעווארפען אונזער נאמען. אפילו ווען מיר וואלטען געווען ניט מעהר ווערטה איידער די בולגארען, די סערבען, די טאטערן, אדער די הונדערטער אנדערע מענשליכע פעלקער, וואס ווי מיט זיי, אזוי אהן זיי, אין דעם מענשליכען פראגרעס, וואלטען מיר אויך ניט געטארט לאזען זיך טרעטען מיט די פיס, אויך ניט נעטארט, אהן א צארענדיגען פראטעסט, אריבערטראגען די טויזענדער בעלייריגונגען פון אונזער כבוד, וואס שיטען זיך טאג־טעגליך אויף אונז. ובפרט, אז מיר האבען א רעכט שטאלץ אויפצוהויבען אונזער קאפ, אין דעם בעוואוסטזיין פון אייגענער חשיבות, פון דעם אייגענעם ווערטה פאר דער בעשאפונג פון דער אלגעמיין מענשליכער קולטור! אונטער אזעלכע אומשטענדען זענען די בעליידיגונגען, וואס מיר, אידען, טראגען אריבער — דאפעלטע בעליידיגונגען, און אונזער שווייגען און דולדען איז א דאפעלטע שמאך און שאנד פאר אונז.

און דא קומט דער עטישער בטלן, דער אידישער „סתם־מענש“, וואס — שפיי איהם אין פנים, ווישט ער זיך רוהיג אב און טרייסט זיך מיט דעם, אז איבער־מארגען וועלען אלע פעלקער פערשווינדען, און וויל זיין בטלנ׳ישע, נישט־ווערטיגע פסיכאלאגיע ארויפצווינגען אויך אויף אונז, אויך אונז איינשמועסען, אז וואס מעהר מענש איינער איז, אלץ ווייניגער איד איז ער, ד. ה. אלץ ווייניגער דארף ער זיך נעהמען צום הארצען דעם שפיי, וואס ער קריגט אין פנים, די צעבער׳ס מיט שמוציגע זלזולים, וואס ווערען

איבערגעגאָסען אויף זיין קאָפּ, און אַלץ ווענינער איז בערעכטינט זיין יאוש און צער, וואָס ער קאָן ניט בעשיצען, ווי א מענש, זיין אייגענעם כבוד!...

וואָלטען מיר, אידען, באמת געווען מענשען, ווי מענשען דאַרפען זיין, וואָלט אין אונזער ברוסט באמת געברענט דער פונק פון מענשליכע חשיבות און שטאָלץ, יעמאָלט וואָלטען מיר א מינוט ניט געקאָנט פערבלייבען אין די גלות־לענדער; מיר וואָלטען גע־פלויגען, וואו פעפער וואַקסט, אין ים זיך געוואָרפען, דאָס לעבען זיך גענומען, נאָר ניט צו עטהעמען אין יענער אטמאָספערע, וואָס איז אזוי אָנגעזאָפּט מיט האַס און פעראַכטונג צו אונז. אָבער אונזערע מאַסען זענען נאָך צו דערשלאָגען, דער מענש אין זיי זאָל קאָנען אויפהויבען דעם קאָפּ, פאָדערן זיין מענשליך רעכט און פערטהיידיגען זיינע מענשליכע חשיבות, און ביי דאָס רוב פון אונ־זערע געבילדעטע לעבט נאָך צו שטאַרק דער „פּיך בצורת מענש", וואָס קאָן זיך אויפהויבען ניט מעהר ווי צו וויסטער גאוה, צו אויפ־געבלאָזענער גדלות, וואָס שמעלצט פון נחת, ווען ער קאָן זיך אריינ־שטופּען צווישען די ניט־אידען, און די ארומיגע וועלט מאַכט זיך, אַז זי דערקענט איהם ניט און וואַרפט איהם צו, ווי א הונד א ביין, א ביסעל כבוד און רעספּעקט. און ביי א טייל פון אונז בליהט נאָך אין זיין נאַנצער פּראַכט דער „בטלן בצורת סתם־מענש", וואָס ווערט ניט מיעד, צו ווישען דעם שפּיי פון דעם פּנים, און צו טרייסטען זיך און אונז, אז איבער־מאָרגען בלי־ימונה קומט די סאָציאַלע רעוואָליוציע. און נאָר לפי ערך א קלייגער טייל געהט אום מיט אַן אייביגער וואונד אין דער ברוסט, דער אידישער וואונד פון אונזערע טעג, דעם ברענענדיגען שמאַרץ פון דעם בע־ליידיגטען כבוד און דער ניט אָבגעוואַשענער שמאַך, און זיי — אַט די פון דעם קלייגינקען טייל — קריצען די צייהן אין זייער אָהנמאַכט און בייסען זיך די ליפּען ביז צו בלוט.

אָבער אויך דער מצב וועט געדויערען ניט לאַנג. דאָס אי־דישע פאָלק ווערט מעהר מענש, און וואָס מעהר מענש מיר ווערען, אַלץ מעהר גלייכט זיך אויס אין אונז אונזער איינגעבויגע־נער רוקען, אַלץ מעהר אידען ווערען מיר, אַלץ גרעסער און פעס־

טער און מוטהיגער ווערט די אָרמעע, וואָס גיהט ערָאבערן די אידישע ע ה ר ע.

וואָס מעהר מענש אַ איד איז, אַלץ מעהר נאַציאָנאַלער איד איז ער!

מיר בלייבט נאָך צו זאָגען אַ פּאָר ווערטער וועגען דעם רעלי־גיעזען איד און דעם ראַסען־איד.

מיט דעם רעליגיעזען איד קאָנען מיר פאַרטיג ווערען אין איינס און צוויי, ניט ווײַלע דער ענין איז אַזאַ פּשוט'ער און קלאָ־רער. אדרבה, ער איז זעהר פערוויקעלט און פערפּלאָנטערט, נאָר ווײַל די פראַגע פון „איד און מענש" איז דאָ ניט קיין ספּעציפיש אידישע, נאָר איבערהויפּט אַ פראַגע פון מענש און זיין שטעלונג צו רעליגיאָן.

גלויבט איהר, אַז וואָס מעהר מענש איינער איז, וואָס מעהר ער איז דורכגעדרונגען מיט די אידעאַלען פון אמת, יושר, שעהנ־קייט און חשיבות, אַלץ וועניגער נויטיגט ער זיך אין אַ רעליגיעזען גלויבען, איז יעמאָלט גאַנץ געוויס „וואָס מעהר מענש, אַלץ ווע־ניגער איד", אָבער אויך: אַלץ וועניגער קריסט און אַלץ וועניגער מאַהאָמעדאַנער, ווײַל די אידישע רעליגיע שטעהט אין קיין פּרט ניט ניעדעריגער פון אַלע אַנדערע רעליגיאָנען פון דער ציוויליזיר־טער מענשהייט. אין זייערע גראָבע מגושם'דיגע פאָרמען, וואָס הערשען ביי די אידישע און ניט אידישע מאַסען מיט אַ ריין מענש־ליכען גאָט און מיט אַ סיסטעם פון סגולות ווי אונטערצוקויפען איהם און אויס'חנפה'נען ביי איהם זיין הילף, — זענען זיי אַלע גלייך ווידערווערטיג פאַר דעם מענשליכען שכל. אין זייערע איי־דעלע מעטאַפיזישע און ריין רעליגיעזע געשטאַלטען, וואָס ווערען אַרויסגעבראַכט פון זייערע רעליגיאָנס־פילאָסאָפען, זענען זיי אַלע גלייך הויך און רייך.

גלויבט איהר אָבער אין איינעם מיט מיר, אַז די רעליגיע איז אַן אייביגער צווייג פון דער מענשליכער קולטור, איז אַ גרוי־סער טייל פון דעם מין מענש, — און גאָר ניט דער ערגסטער, — קאָן זיך ניט בעפריעדיגען מיט די אידעאַלען פון אמת, יושר, שענקייט און חשיבות אין זייער וואָכעדיגער, טאָג־טעגליכער געשטאַלט; אַז אַ דער טייל מוז זוכען די דאָזיגע אידעאַלען אויפצוהויבען אויף

א העכערע מדרגה דורך דעם שטרעבען צו אייביגקייט, אונענדליבקייט און הייליגקייט, וואָס שטאַמען ארוים ניט פון זיי, נאָר פון גאָר אַן אַנדער מקור אין זייער נשמה, — גיט איהר צו, זאָג איך, אַז די רעליגיע האָט איהר אייגענעם קוואַל אין דעם מענשליכען גייסט, וואָס קאָן קיין מאָל ניט אויסטריקענען אונטער די שטראַהלען פון דעם שכל, ווייל דער קוואַל ליעגט א סך טיעפער, איידער שכל, — איז יעמאָלט וויעדער א ווילדע נארישקייט צו גלויבען, אַז וואָס מעהר מענש איינער איז, אַלץ וועניגער איד איז ער. עס איז אין דער אידישער רעליגיע, אין איהרע העכערע מיסטישע פאָרמען פאַרהאַן גענוג הייליגקייט, אייביגקייט און אונענדליבקייט, אָדער ריכטיגער: עס איז אין איהר, ווי אין יעדער הויכער רעליגיעזער געשטאַלט, דאָ גענוג *בענקשאפט* נאָך דעם הייליגען אייביגען „אין־סוף“, אַז א רעליגיעזער געמיט, וואָס קאָן זיך איבערהויפּט צופריעדען שטעלען מיט די היסטאָריש־געוואָרענע רעליגיעס, זאָל ניט דארפען שטילען זיין דאָרשט ערגעץ וואו אין דער פרעמד. אָבער — לאָמיר איצטער לאָזען דעם רעליגיעזען אידען אָן א זייט: דער רעליגיעזער גלויבען איז א צו צאַרטע זאַך, מען זאָל קאָנען דאָ פאַרשרייבען וואָס עס איז פאַר יעדען איינצעלנעם מענשען. דער „סתם־מענש“ האָט זיך דאָ פּשוט ניט וואָס אריינצומישען, ווייל דער אַלגעמיין־מענשליכער שכל מוז דאָ אין גאַנצען איבערגעבען זיין ממשלה צו דעם אינדיווידועלען שכל און געפיהל, — און דאָס האָט שוין א ברעקעל ניט צו טהאָן, ניט מיט „איד“ און ניט מיט „קריסט“.

די רעליגיאָנס־פראַגע מוז אויך פאַר דעם אידישען פאָלק בלייבען אקוראַט אזוי אינדיווידועל, ווי זי איז פאַר אַלע אַנדערע פעלקער. קלייבט אָבער דער אידישער גייסט אויס דוקא די אידישע רעליגיאָנס־פאָרם, קאָן ער, פערשטעהט זיך, זיין אין איהר ניט וועניגער מענש, איידער אין א וועלכער עס איז אַנדער פאָרם פון דעם רעליגיעזען גייסט.

ניט פיעל צייט וועט אונז אויך פערנעהמען דער ראַסען־איד און אויך דאָס ניט דערפאַר, ווייל די טהעמע איז זעהר אָרעם. אדרבה, זי איז נאָך רייכער און פערוויקעלטער, איידער דער ענין פון נאַציאָן און רעליגיאָן, אָבער פאַר דער אויפגאַבע פון מיין הייר־

טיגער פארלעזונג וועט זיין געווג, ווען איך וועל נאר אין א פאר שטריכען כאראקטעריזירען פאר אייך יענעם שטאנדפונקט אין דער פראגע, וועלכען איך רעכען פאר דעם ריכטיגען.

אייך איז גאנץ געוויס בעקאנט, אז אונזערע אסימיליאטארען ווערען ניט מיעד צו בעווייזען אין דיקע, כלומרשט וויסענשאפט־ליכע ביכער, אז קיין אידישע ראסע איז גאר אויף דער וועלט ניטא. אונזערע סתם־מענשען וויעדער זענען נוטה צו גלויבען, אז „ראסע", אדער אזעלכע נאציאנאלע סמנים, וואס געהען איבער ביי א פאלק בירושה פון דור צו דור, איז בכלל אן אויסגעטראכטע זאך. על כל פנים גלויבען זיי, אז וואס איינער הויבט זיך אויף אין זיין אלגעמיין־מענשליכער ענטוויקעלונג, אלץ שוואכער ווערען אין איהם די נאציאנאלע סמנים, און אז ביי דעם גאר גרויסען מענשען מוזען זיי אין גאנצען פערשווינדען. דער עיקר איז דאס אמת פאר יענע נאציאנאלע פערשיידענקייטען אין דעם גייסטיגען שאפען, אויף וועלכען מיר לעגען אזוי פיעל וואג: אויף די בעזונדערע ארט ווי ארויסצוברענגען דעם אלגעמיין מענשליכען אמת, אויף דעם „סטיל" פון דעם שאפען, אויב מען קאן זיך אזוי אויסדריקען. וואס העכער די מענשען פון פערשיידענע פעלקער שטעהען אין דער מענש־ליכער ענטוויקעלונג, אלץ מעהר — אזוי גלויבט דער קאסמאפא־ליט — ווערט ביי זיי אויסגעגליכען דער סטיל פון דעם גייסטיגען שאפען, אדער, לכל הפחות, פערשווינדט אין זיי אלץ מעהר די איינגעבארענע נאציאנאלע ארט.

לאמיר זעהן, צי אויך דאס איז אמת.

אט האבען מיר אן אלגעמיין־מענשליכע וויסענשאפט, די אלגעמיין־מענשליכסטע פון אלע, די מאטעמאטיק. דוכט זיך, וואס פאר א ראליע קאן שפיעלען דער „סטיל" פון דעם נאציאנאלען דענקען אין דעם בעשאפען פון אזעלכע אמת׳ען, ווי צוויי מאל צוויי איז פיער? און פון דעסטוועגען האט מען אין דער לעצטער צייט אויסגעפונען, אז דער נאציאנאלער גייסט האט א גאנץ גרויסען חלק אין דעם ארויסברענגען פון דער מאטעמאטישער קולטור.

פראפעסאר מעביוס אין דייטשלאנד האט אנגעשריעבען א גאנץ בוך „וועגען דער בעפעהיגונג צו מאטעמאטיק", וואו ער האט אויסגעפונען, אז די דייטשען און די פראנצויזען בעשאפען זייער

מאַטעמאַטיק אויף אַ גאַנץ פערשיידענעם שטייגער. דער דייטש איז אין אַט דעם צווייג פון וויסען מעהר א י נ ט ו א י ט י ו ו; ער האָט דאָס בעדערפעניס צו ז ע ה ן מיט דעם שכל'דיגען אויג יענע מאַטעמאַטישע גרויסען און סכום'ען, וואָס זייערע שייכות'ן דאַרף ער אַרויסברענגען אין דער וויסענשאַפט. אַ דורך און דורך אינטואיטיווער גייסט וועט זיך ניט בענוגענען מיט דעם ריינעם ט ר אַ כ ט ע ן, צ. ב. אַז אַ גאַנצעס איז גרעסער, איידער אַ טייל פון איהם. ער וועט תוך כדי דבור זעהן פאַר'ן שכל'דיגען אויג אַ גאַנצע ליניע און אַ טייל פון איהר, אַ גאַנצען צירקעל און אַ טייל פון איהם. און ניט נאָר פ ע ר ש ט ע ה ט ער די שייכות צווישען אַ גאַנצען און אַ טייל, נאָר ער זעהט זי בחוש. דערפאַר האָט דער דייטש בעוויעזען זיין גאונות דאָרטען, וואו ער קאָן אָנווענדען געאָמעטריע. ער איז אין דער מאַטעמאַטיק אַ „געאָמעטריקער“.

דער פראַנצויז ווידער איז אין דער וויסענשאַפט פון חשבון ניט קיין אינטואיטיווער, נאָר אַן אַנאַליטישער גייסט. ער איז אַ גרויסער בריה אין טראַכטען די סכום'ען און פ ע ר ש ט ע ה ן זייערע שייכות'ען. ער דאַרף זיי ניט זעהן פאַר זיין שכל'דיגען אויג. דעריבער איז ער אַ גרויסער גאון דאָרטען, וואו ער קאָן אָנווענדען אַלגעבראַאישע מעטאָדען. ער איז דער „אַלגעבראַיקער“ אין דער מאַטעמאַטיק און עס איז קיין חדוש ניט, וואָס ער האָט אפילו די געאָמעטריע גענומען בעהאַנדלען אַלגעבראַיש: דעקאַרט איז, אויב איהר ווייסט, דער פאָטער פון דער אַנאַליטישער געאָמעטריע.

פון וואַנען שטאַמט די דאָזיגע נפקא מיניה צווישען די דייטשע און די פראַנצויזישע געלערנטע? עס פערשטעהט זיך, אַז קיין דייטשער מאַטעמאַטיקער האָט זיך ניט אַ זאָג געטהאָן: „אַזוי? — דער פראַנצויז איז אַן אַלגעבראַיקער? וועל איך, איהם אויף צו־פיקעניש, ווערען אַ געאָמעטריקער!“ עס איז איהם אין זינען ניט געלעגען דער געדאַנק צו טהאָן וועמען עס איז אַ להכעיס. ער האָט זיך געשאַפען, ווי עס האָט בעסער געפּאַסט פאַר זיין גייסט און זיינע פעהיגקייטען. און אַזוי האָט דאָס אויך געטהאָן דער פראַנצויז. ערשט נאָכדעם, נאָך דורות פון מאַטעמאַטישען שאַפען און פאָרשען, האָט זיך אַרויסגעוויעזען, אַז די דייטשע און פראַנ־

צויזישע מוחות ארבייטען אין דער מאטעמאטיק אויף א פערשיי־דענעם אופן; אז איין און דעם זעלבינען פראבלעם נעהמען דיביידע פעלקער אויף אויף זייערע אייגענע „כלים" און די כלים זענען ניט גלייך די אייגענע ביי ביידען.

נאר באמת א חדוש נפלא איז דא ארויסגעקומען מיט די א י ד י ש ע מאטעמאטיקער. דאס רוב מאטעמאטיקער־אידען זענען ערצויגען געווארען אין דער דייטשער אטמאספערע און האָבען געשאפען אונטער דער השפעה פון דער דייטשער וויסענשאפט. על פי סברה האט מען געמעגט זיין זיכער לכתחילה, אז אין זייער שאפען וועט זיך אבשפיעגלען דער דייטשער אינטואיטיווער טיפ. וואס לאזט זיך אבער אויס? פראפעסאר מעביוס געפינט, אז די אידישע מאטעמאטיקער געהען אין זייערע שעפּפונגען ניט נאך דעם דייטשען, אינטואיטיווען, נאר נאך דעם פראנצויזישען, אנא־ליטישען טיפ. אויף זיי האבען ליעב אין דער מאטעמאטיק יענע ארט פון דעם מאטעמאטישען שאפען, וואו דער שכל דארף נאר טראכטען דעם ריינעם אבסטראקטען סכום און פערשטעהן זיין אינווענינסטע טבע און שייכות צו די אנדערע סכום'ען. דער איד איז דא נעהנטער צו דעם פראנצויז, ווען אפילו ער לעבט אונטער דער גייסטיגער השפעה פון דעם דייטש. און דאס איז ניט נאר אין דער מאטעמאטיק אזוי. ס'איז גאר ניט שווער צו בעווייזען, אז אויך אין דער פילאסאפיע און אין דער רעליגיע האט דער אידישער מוח ליעב יענע גייסטיגע רעגיאנען, וואו עס קאן פאר איהם פערשווינדען יעדער „פסל ותמונה", יעדער אנשוילֿיכער בילד, און זיין שכל קאן זיך באדען אין דעם ריינעם עפיר פון דעם אב־סטראקטען געדאנק, וואו ער קאן טראכטען דעם ענין ריין פון יעדען בילדליכען שאטען און פערשטעהן זיין אינגווענינסטען תוך. פון דער אנדערע זייט האט מען שוין א סך פריהער בעמערקט, אז אין פיעל פרטים פון דעם אידישען כאראקטער געהט ער זיך א סך מעהר צונויף מיט דעם לעבעדיגען, קוועק־זילבערינען, אונרוהיגען טעמ־פעראמענט פון דעם פראנצויז, איידער מיט דעם רוהיגען, געזעצ־טען, ווען אויך דורכאויס טיעפערען טעמפעראמענט פון דעם דייטש.

ליידער קאן איך מיך ניט לאנג אבשטעלען אויף דעם ענין.

איך וועל מיר ערלויבען צו מאַכען נאָר אַ פּאָר בעמערקונגען, כדי איהם צו מאַכען נאָך קלאָרער.

אין דער אידישער בעאַרבייטונג פון מיין „סאָציאַליזם און די נאַציאָנאַלע פראַגע“ האָב איך שוין געהאַט די געלעגענהייט, ארויס־צוזאָגען דעם געדאַנק, אַז ווען מען זאָל נעהמען אַזעלכע אידישע דענקער, ווי אבן־גבירול, וואָס האָט אין עלפטען יאָהרהונדערט געשריעבען אַראַבּיש אין שפּאַניען וועגען טהעאָלאָגיע, ברוך ספּי־נאָזא, וואָס האָט אין דעם 17טען יאָהרהונדערט געשריעבען לאַטיין אין האָלאַנד וועגען עטיק, און קאַרל מאַרקס, וואָס האָט אין דעם ניינצעהנטען יאָהרהונדערט געשריעבען דייטש אין ענגלאַנד וועגען נאַציאָנאַל־עקאָנאָמיע, — וואָלט מען, ניט קוקענדיג אויף דעם גרויסען מהלך, וואָס ליעגט צווישען זיי אין יאָהרען, שפּראַכען, לענדער און טהעמען, פאַרט אַרויסגעפונען אַ פונדאַמענטאַלען סמן, וואָס בינדט צונויף אַלע זייערע גייסטער צו איין און דעמזעלביגען טיפּ, דעם אידישען דענקער־טיפּ. דער פונדאַמענטאַלער בשותפות'שער סימן פון אַלע זייערע אַרבייטען בעשטעהט אין דעם, וואָס זיי נעהמען אַ וועלכען עס איז א י י נ ה י י ט ל י כ ע ן גרונד־פּרינציפּ, שטעלען עס אַוועק אונטער זייער גייסטיג אויג, וואָס ווירקט ווי אַ ריעזיג פערגרעסערענדער מיקראָסקאָפּ, און דער־זעהען אין זיין איינהייטליכקייט אַ דאָפּעלטקייט. די דאָפּעלטקייט מאַכט זיי פּעהיג צו שטעלען נייע פראַגען און זוכען נייע ענטפערס, ווי אויך אויף אַ גאַנץ אַנדער אופן פאַרטיג צו ווערען מיט די פּראָ־בלעמען, וואָס האָבען אינטערעסירט דעם מענשליכען גייסט ביז צו זיי. די דאָפּעלטקייט פיהרט דערנאָך סוף־כל־סוף צו אַ מ אָ־נ י ז ם, צו אַן איינהייטליכען, שטרענג אויסגעהאַלטענעם געדאַנ־קען־סיסטעם.

גבירול נעהמט די איינהייטליכע פאָרשטעלונג פון דעם וועלט־גאָט, דעם „אל יחיד ומיוחד“, און אונטער זיין מיקראָסקאָפּישען אויג ווערט ער פערוואַנדעלט אין אַ צווייהייט: גאָט און גאָט'ס רצון. אויף דעם פונדאַמענט פון דעם געדאַנק בויט ער אויס אין זיין „מקור־חיים“ אַן איינהייטליכע פּאַנטעאיסטישע מעטאַפיזיק, וואָס קומט — אַ סך, אַ סך יאָהרען פאַר שאָפּענהויער'ן — צו דעם רעזולטאַט, אַז דער תוך פון אונזער וועלט איז דער געטליכער ווילען.

ספינאָזא נעהמט די פשוט'ע, איינהייטליכע פאָרשטעלונגען פון „ליעבע“ און „האַס“, לעגט זיי אַוועק אונטער זיין ריעזיגען מיקראָסקאָפּ־אויג, און באַלד פאַלען זיי פאַנאַנדער אין צוויי־הייטען: ליעבע איז אַ געפיהל פון פרייד, פערבונדען מיט דער פאָרשטעלונג וועגען דער אורזאַך, וואָס רופט זי אַרויס; האַס איז אַ געפיהל פון טרויער, פערבונדען מיט דער פאָרשטעלונג וועגען דער אורזאַך, וואָס רופט זי אַרויס. אָט דער אַנאַליז פון די איינפאַכע געפיהלען גיט ספינאָזא'ן די מעגליכקייט אויפצובויען אַן איינהייטליכען סיסטעם פון עטהיק, וואָס שליעסט אָב מיט דער לעהרע פון דער „שכל'דיגער ליעבע צו גאָט“.

קאַרל מאַרקס האָט אין זיין פּאָליטישער עקאָנאָמיע געהאַט צו טהאָן מיט דער איינפאַכער, איינהייטליכער פאָרשטעלונג פון „מענשליכער אַרבייט“. שוין פון אַדאַם סמיטה אָן ווערט דער פּרינציפּ פון אַרבייט אָנגעווענדעט, ווי אַ פונדאַמענט פאַר דעם גאַנ־צען וויסענשאַפטליכען בנין, אָבער נאָר אונטער מאַרקס'עס מיקראָ־סקאָפּיש פערגרעסערנדען אויג פאַלט פאַנאַנדער די איינהייטליכע אַרבייט אין אַ דאָפּעלטקייט: אין „אַ ר ב י י ט“ און „אַ ר־ב י י ט ס ־ ק ר א פ ט“, און ווי דורך אַ כשוף עפענען זיך פאַר מאַרקס'ען אויף נייע האָריזאָנטען און נייע פאָרשונגס־וועגען, אויף וועלכע ער געפינט אויס די נפקא מיניה פון ווערטה און מעהר־ווערטה און בויט אויף דעם שטאָלצעסטען בנין פון זיין איינהייט־ליכער, געדאַנקען־רייכער נאַציאָנאַל־עקאָנאָמיע.

איך קאָן איצטער צורעכענען צו זיי נאָך אַ בעדייטענדען אי־דישען דענקער, וואָס איז אַזוי בעריהמט געוואָרען אין דער לעצטער צייט. דאָס איז אַנרי בערגסאָן, וואָס שרייבט אין דעם סוף נייני־צעהנטען און אָנהויב צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט פראַנצויז אין פראַנקרייך וועגען פילאָסאָפיע. בערגסאָן וויל אפשר גאָר ניט וויסען, אַז ער האָט אַ שייכות צו דעם אידישען פאָלק. אָבער ביי קיינעם פון די אידישע דענקער איז אָט דער גייסטיגער שאַפונגס־טיפּ, וועגען וועלכען איך רעד דאָ, ניט אַרויס אַזוי קלאָר, ווי גראָד ביי איהם. דער פונדאַמענט פון זיין גאַנצען פילאָסאָפישען בנין איז אַ נייער געדאַנק וועגען דער צ י י ט. זינט אַריסטאָטעל'ן מאַטערט זיך די דענקענדע מענשהייט אויף דעם פּראָבלעם פון דער צייט.

אויף אַלע זייטען האָט מען זי נערדעהט, בעטראַכט, געפילאָסאָפירט וועגען איהר, אָבער קיינעם איז ניט ארויף אויפ׳ן זין צו צווייפלען אין איהר איינהייטליכען כאראַקטער. ערשט בערגסאָן׳ס שכל׳דיג אויג נעפינט אויס, אַז די איינהייטליכע צייט, מיט וועלכע עס האָט צו טהאָן די מענשליכע ערקענטניס, איז באמת גאָר אַ צ ו ו י י ה י י ט: מען דארף האָבען שטענדיג אין זין די נפקא מיניה צווישען „צ י י ט“ און „ר ע ע ל ע ד ו י ע ר“. און כמעט אויף יעדען וויכטיגען שריט פון בערגסאָנ׳ס פאָרשען, ביי איטליכען ווענדע־פונקט פון זיין געדאַנק געפינען מיר דאָס זעלביגע כאראַקטעריסטישע שטיקעל גייסטעס־ארבייט: אַ פאָרשטעלונג, וואָס די פריהערדיגע פאָרשער האָבען בעהאַנדעלט, ווי אַן איינהייטליכקייט, צושפּאַלט זיך ביי בערגסאָנ׳ען אין צווייען. און פון דעסטוועגען בלייבט בערגסאָן, ביי זיין גאַנצען טעאָרעטישען קאָקעטירען מיט דעם דואַליזם, אַ מאָניסט און טרייבט מיט זיין גאַנצען סיסטעם צו אַ מאָניסטישער וועלט־אַנשויאונג.

אָט די וואונדערבאַרע פעהיגקייט, — מאַכען פון אַן איינהייט אַ דאָפּעלטקייט און דורך דעם ווידער קומען צו אַ נייער איינהייט — איז איינער פון די קלאָרסטע שטריכען, וואָס כאראַקטעריזירען די פיזיאָגנאָמיע פון דער אידישער טעאָרעטישער שאַפונגסקראַפט. דער שטריך מוז, ווי מען קאָן זיך לייכט אַנשטויסען, ענג צונויפגעבונדען זיין מיט יענער פעהיגקייט צו דעם אבסטראַקטען אַנאַליז, וועלכען מעביוס האָט ענטדעקט ביי די אידישע מאַטעמאַטיקער. דער אידישער אַנאַליז איז אַזוי אָנגעשטרענגט און שאַרף, אַז קיין איינהייט קאָן ניט ארויסגעהן גאַנץ פון זיין פּראָצעס. און די קראַפט פון אבסטראַקציע, פון אַראָבוואַרפען אַלע פערשיידענקייטען און לאָזען נאָר די איינהייט, איז פון איהר זייט אַזוי שטאַרק און טריאומף־זיכער, אַז סוף־כל־סוף שפּאַנט זי איין דעם אַנאַליז אין איהר רייט־וואָגען און צווינגט איהם, דעם שונא פון יעדען מאָניזם, ער זאָל דערפיהרען דעם גייסט צו דעם לעצטען איינהייטליכען ציעל.

ט וואונדערבאַרער געפלעכט פון היפּכים, פון ווידערשטרייטענדע קרעפטע איז דער אידישער שאַפענדער גייסט איז איז נאָר דער טהעאָרעטישער גייסט אזא משונה׳דיגע איינהייט

פון גענגנזעצען ? געפינען מיר ניט די זעלביגע צונויפגעפלאכטענ־קייט פון היפכים אויך אין דעם כאראקטער פון דעם „עמא פזיזא" און דעם עם „קשה־עורף", פון דעם פאלק, וואס האט שוין ניט איין מאל אין זיין געשיכטע אין דערזעלביגער צייט ארויסגעשטעלט אן אזעף און א גערשוני ? ליעגט ניט אין אט דעם קאמפף פון אינ־ווענינסטע היפכים די אורזאך פון דער אידישער אומרוה ? קאנען מיר אפשר אויף דעם וועג געפינען דעם שליסעל צו די סודות פון דער אידישער נשמה, וואס איז ביי איהר גאנצען אפטימיזם אין גרונט אזוי טראגיש, — אדער וואס איז אפשר ביי איהר גאנצער טראגיק פול מיט לעבען און מיט דארשט צום לעבען ? איז אפשר די טראגיק פון דעם אידען'ס נשמה א פירוש אויף דער טראגיק פון זיין געשיכטליכען גורל ? אדער איז זיין טראגישער גורל א נויט־ווענדיגער פועל־יוצא פון זיין צוריסענער נשמה ?

א ברויזענדער ים מיט פראגען עפענט זיך פאר אונזערע אויגען. מיר מוזען אבער איצטער בלייבען ביי זיין ברעג. עס איז נאך כמעט גאר גישט ניט געטהאן געווארען, כדי ארייננצו־דרינגען אין די טיעפעניסען פון דעם אידישען דענקען, פיהלען און וועלען.

א סך, א סך ארבייט מוז פריהער נאך געטהאן ווערען, איידער אונז וועלען קלאר ווערען די סודות און יסודות פון דעם אידישען שאפען. ניט נאר דער היימישער אוצר מוז אויסגעפארשט ווערען, נאר אויך דאס, וואס אידען האבען געבויט אין דער פרעמד, מוז אנאליזירט ווערען, לויט דעמזעלביגען פרינציפ, וועלכען מעביוס האט אנגעווענדט אויף דער מאטעמאטיק. ערשט יעמאלט וועלען מיר אויסגעפינען דעם אמת'ען מהות פון דעם ראסען־איד. דער־פאר קאנען מיר אבער שוין איצטער אוועקשטעלען דרויסען פון יעדען ספק לכל הפחות דעם פונקט, אז אויך דער איד האט אין זיך א געוויסען ראסען־בוי פון זיין מוח, וואס שפרינגט ארויס אין דעם סטיל, אין דעם טיפ פון זיינע גייסטיגע בעשאפונגען. וויל מען דער־איבער שטודירען די ראסען־אייגענשאפטען פון'ם אידען, ווי אויך די ראסען־אייגענשאפטען פון א פאלק בכלל, דארף מען זיך אבגעבען ניט אזוי מיט די אויגען און די האר און דעם דרעה פון דער באז־ליניע, ווי א סך מעהר מיט די פראדוקטען פון דעם פאלקס־

שאפען אויף אלע פעלדער פון דער קולטור; און ניט אזוי מיט זייער אינהאלט, ניט אזוי מיט דעם „צוויי מאל צוויי איז פיער“, וואס זיי ברענגען ארויס, ווי מיט דעם וועג, אויף וועלכען זיי קומען צו דעם אמת, מיט דעם „סטיל“, דעם טיפ דענקען, די ארט, ווי זיי בעארבייטען דעם מאטעריאל. נאר דא קאנען מיר ארויסגעפינען דעם בוי פון יענער „כלי“, וואס נעהמט איבער מיט'ן בלוט פון דור צו דור, און וואס דריקט זיך אויס אין אלע שאפונגען פון דעם פאלק.

מען דארף אבער ניט מיינען, אז די דאזיגע כלי, דער דאזיגער גייסטיגער שאפענס־טיפ טרעט ארויס גלייך קלאר און שארף ביי יעדען קינד פון דעם פאלק. נעהמט איהר א פשוט'ען דייטש, א פשוט'ען פראנצויז, א פשוט'ען אידען, וואס בעשעפטיגען זיך מיט מאטעמאטיק, וועט איהר אין זייערע חשבונות ניט בעמערקען זייער נאציאנאלען „גייסט“. דער אלגעמיין־מענשליכער כח פון מאטעמאטיק איז ביי זיי שוואך, ער איז ניט ב ע ש א פ ע ר י ש און ממילא טהוט ער נאך, וואס און ווי אנדערע האבען איהם געלערנט. דער פשוט'ער מענש איז אין זיין מאטעמאטישען שאפען אפשר א האר ניט נאציאנאל. דעם נאציאנאלען כח אין דער מאטעמאטיק דארפט איהר שטודירען ניט ביי די מאסען, נאר ביי די העלדען, ביי די גאונים פונ'ם מאטעמאטישען שאפען. ווייל דער מ ע נ ש איז אין זיי שטארקער, איז ממילא אויך שטארקער אין זיי יענער טייל מענש, וואס דריקט זיך אויס אין זייער נאציאנאלען גייסטיגען טיפ.

גאנץ דאס איינענע איז אויך מיט יעדען אנדער צווייג פון דער קולטור. פערגלייכט איהר צוויי מיטעלמעסיגע פויערים פון צוויי פעלקער, וועט איהר געפינען אין זיי א סך פערשיידענקייטען אין דער אויסערער קולטור, אבער ווענינ פערשיידענקייטען אין דעם גייסטיגען בוי. און נעהמט איהר אנשטאט פויערים ריינע אידיאטען האט איהר יעמאלט אין גאנצען פאר זיך דעם קאסמאפאליטישען אידעאל פון דעם „סתם־מענשען“. אן אידיאט, איז אן אידיאט, — אלץ איינס פון וועלכע עלטערן ער שטאמט. אבער קוים הויבט איהר אן צו פערגלייכען שטארקע טאלאנטען און זשעניען, אזוי טרעטען אין זיי קלאר ארויס, א חוץ דער אינדיווי־

דועלער פערשיידענקייט, נאך די פערשיידענקייטען פון זייער נאציאנאלען טיפ, פון זייער אייגענארטיגען סטיל אין שאפען.

צו די זעלבינע רעזולטאטען קומען מיר, ווען מיר פערגלייכען די ניעדעריגערע פעלקער צווישען זיך און די העכערע ווידער בעזונדער צווישען זיך. א בושמען פון אפריקע און א פאפואס פון אויסטראליען זענען א סך נעהנטער איינער צו דעם אנדערן, לויט דעם בוי פון זייער נשמה, איידער דער דייטש פון בערן און דער פראנצויז פון זשענעווע, וואס וואוינען אין איין לאנד און רעכענען זיך צו איין פאליטישען פאלק.

אויף וואס א העכערער קולטור־שטופע א פאלק שטעהט, און וואס שטארקער עס זענען די שאפונגס־כחות פון זיינע קינדער, וואס מעהר זייער נשמה האט אנגעזאפט אין זיך די רייכע קולטור פון דורות, אלץ קלארער אויסגעקריסטאליזירט איז אין זיי די פארם פון דעם נאציאנאלען שאפען. ממילא איז וואס מעהר מענש א איד איז, וואס שטארקער אין איהם זענען די מענשליכע שאפונגס־כוחות, אלץ בולט'ער מוזען זיך ארויסווייזען אויך זיינע נאציאנאלע כחות, אלץ מעהר „איד" מוז ער זיין.

די נאציאנאלע שאפונגס־כחות פון דעם אידישען פאלק זענען איצטער צובראכען און צופיצעלט, צוריבען אויף פולווער און צושפרייט צווישען די פערשיידענע פעלקער. זייער שאפען קאן נים זיין אין גאנצען פריי. און פון דעסטוועגען קאנען זיי אפילו איצטער נים אין גאנצען פערטונקעלט ווערען. אבער וואס פאר אריגינעלע און רייכע פראדוקטען פון דער מענשליכער קולטור וואלטען געקאנט ארויסקומען, ווען די דאזיגע כחות וואלטען זיך צונויפגעגאסען אין איין באסיין, בעפרוכט איינע די אנדערע און זיך פאנאנדערגעגאסען אין דער גאנצער פריי! מיט וואס פאר פיעל־פארביגע פונקען פון גייסט וואלט אויפגעבליצט יעמאלט דער אידישער ברילליאנט, וועלכען דורות און דורות האבען געהאלטען אין איין שלייפען און שלייפען!

מיר קאנען דעריבער אלע אונזערע היינטיגע בעטראכטונגען צונויפפרעסען אין איין איינציגער פארמעל, וואס זאגט, אז וואס מעהר מ ע נ ש א איד איז, וואס טייערער איהם זענען די רייכע אייגענארטיגע פארמען פון דער מענשליכער קולטור, וואס העלער איז

**דר. ח. זשיטלאָווסקי**

איהם לייכט דער פונק פון מענשליכע חשיבות און דרך־ארץ צו דעם מענשען אין זיך אליין, וואָס טיעפער אין איהם שמארצט די וואונד פון דעם אידישען שטאָלץ, אלץ מעהר איד איז ער, אלץ ברענענדיגער לעבט אין איהם דער ווּאונש צו דיענען דעם איינע־נעם פאָלק און העלפען איהם מיט אלע כחות, אז ער זאָל בעשאפען פאר זיך די מעגליכקייט פון א רייכען, פרייען, שעהנעם, שטאָלצען און חשוב׳ען לעבען אין דער אייגענער היים!

זייט מעהר מענשען, וועט איהר זיין בעסערע אידען, ווייל...

וואָס מעהר מענש, אלץ מעהר איד!

# צוויי פארלעזונגען וועגען די צוקונפט פון די פעלקער אין אמעריקא

## ערשטע פארלעזונג

### דער מעלטינג פאט

חברים און פריינד!

דער נאמען פון די צוויי לעקציעס, וואס איך דארף האלטן פאר אייך, איז „די צוקונפט פון די פעלקער אין אמעריקא". אבער, אויב איהר מיינט, אז איך קום צו אייך מיט א וועלכער עס איז נביאות, און וואס די דאזיגע צוקונפט וועט בעשטעהן, האט איהר א גרויסען טעות. אויב דאס וואלט געוועזען מיין ציעל, וואלט איהר געהאט א רעכט צו האלטען מיך פאר א טיעפען-טיעפען עם-הארץ אין דער סאציאלאגיע און דער געשיכטס-וויסענשאפט, אדער, נאך ערגער: פאר א שארלאטאן, וואס וויל ספעקולירען אויף איי-נעם'ס עם-הארצות אין יענע צווייגען פון דעם מענשליכען וויסען.

די סאציאלאגיע און די געשיכטס-וויסענשאפט זענען נאך גאר אין אנהויב פון זייער ווערען און וואקסען. זיי הויבען זיך ערשט איצטער אן צו בעפרייען פון זייערע קינדערשע איללוזיעס און פאנ-טאסטישע חלומות. זיי האבען נאך פשוט נאך נאך ניט געהאט קיין צייט צונויפצוזאמלען דעם גאנצען מאטעריאל, פון וועלכען מען מוז ארויסדעסטילירען א סאציאלאגישען אדער געשיכטס-וויסענשאפט-ליכען געזעץ. פערגעסט ניט: כדי אויף א כשר'ען, וויסענשאפט-ליכען אינדוקטיווען אופן ארויסצוקריסטאליזירען א וועלכען עס איז סאציאלאגישען געזעץ, דארף מען אפשר האבען ניט א קלע-נערען סכום מאטעריאל און ניט קיין קלענערע וויסענשאפטליכע געדולד, איידער מאדאם קיורי האט געהאט, בעת זי האט בעארבייט

טויזענטער פֿודען אוראַניום־זאַלצען, כּדי אַרויסצובעקומען פֿון זיי איין גראַן ראַדיום.

אַ חוץ דעם זענען נאָך גאָר ניט זיכער געשטעלט געוואָרען די מעטהאָדען, ווי אַזוי צו בעגעהן זיך מיט דעם רויהען עמפּירישען מאַטעריאַל, כּדי אַריינצובליקען אין זיין אינווענינסטען פֿערבאָרגענעם סאָציאָלאָגישען תּוך. איך דאַרף אייך ניט לאַנג דערקלעהרען, אַז די מעטהאָדע, ווי אַזוי צו בעאַרבייטען די איינצעלנע פֿאַקטען איז אין יעדער וויסענשאַפֿט ניט ווענינער וויכטיג, איידער דער מאַטעריאַל גופֿא.

די אַלטע בכבוד'ע נאַטור־וויסענשאַפֿטען האָבען אין אַ משך פֿון לאַנג יעהרינע ערפֿאַהרונגען און עקספּערימענטען, נאָך אַ גאַנצען צייל פֿון פֿעהלערן און טעות'ען, געקאָנט אויסאַרבייטען געוויסע זיכערע מעטהאָדען, ווי אַזוי ריכטיג אוועקצושטעלען די שאלות, אויף וועלכע מען וויל אויסגעפֿינען אַן ענטפֿער פֿון דער נאַטור. און איינגעגעבען האָט זיך עס דערפֿאַר, ווייל דער מאַטעריאַל גופֿא, וועלכען די נאַטור גיט אונז, איז לפֿי ערך איינפֿאַך אין זיין טבע און אונגעהייער רייך אין צאָהל. ווען מיר שטודירען צ. ב. די בעוועגונגס־געזעצען פֿון גאַזען, האָבען מיר אין אַ גאַנץ קליינעם גלעזעלע גאַז, ניט גרעסער ווי אַ פֿינגער־הוט, מילי־מיליאָנען פֿון איינצעלנע גאַז־טיילכעלעך, וואָס האָבען גאָר איין־איינציגע טבע — צו פֿליהען אין אַ גלייכער ליניע. און אפֿילו דאָ האָט געקאָסט דער וויסענשאַפֿט גענוג מיה, ביז זי האָט אַרויסגעפֿונען די ריכטיגע מעטהאָדע, ווי אַזוי אויסצורעכענען יענעם רעזולטאַט, וואָס מוז אַרויסקומען פֿון זייער אַלעמענס צונויפֿווירקען אין יענעם קליינעם חלל.

אַזעלכע פֿעלען זענען אָבער אונמעגליך אין דער סאָציאָלאָגיע.

אַ פֿופֿציג מיליאָן מענשען אין אַ לאַנד איז אַ מאַטעריאַל, וואָס איז מילי־מיליאָנען מאָל קלענער אין צאָהל, איידער די טריליאָנען גאַז־טיילכעלעך אין אַ פֿינגערהוט און איז לויט זייער איינענשאַפֿטען אפֿשר אַ מיליאָן מאָל פֿערפֿלאָנטערטער איידער די איינענשאַפֿטען פֿון אַ גאַז־מאָלעקול. ווי ווילט איהר דאָ, אָהן אַ ריכטיגער מעטהאָדע, פֿאַנאַנדערקלייבען זיך אין דעם געוועב פֿון

מיליאנען ערשיינונגען, וואס פלאנטערן זיך טאג־טעגליך צונויף דורך זייער אלעמענס צונויפווירקען אין איינעם?

הייסט עס, אז אפילו ווען דער גאנצער מאטעריאל פון א פאלקס־לעבען וואלט געווען געזאמעלט און וויסענשאפטליך פיקסירט, וואלט אויך יעמאלט קיין מענשליך אויג ניט געקאנט ארומנעהמען אלע זיינע איינענשאפטען מיט א מאל און קיין מענשליכער שכל וואלט ניט געקאנט אויסרעכענען די גאנצע נעטץ פון נויטיגע שייכות'ען, וואס הערשען צווישען זיינע איינצעלנע טיילען.

די ריכטיגע מעטהאדע איז דעריבער אין דער סאציאלאגיע נאך וויכטיגער, איידער אין די נאטור־וויסענשאפטען. זי דארף אונז געבען א פרוב־שטיין אין די הענד, מיט וועלכען מיר זאלען קאנען אלע מאל פינקטליך אבשעצען, וועלכע איינענשאפטען פון דעם מאטעריאל זיינען וויכטיג און וועלכע ניט; וועלכע נויטווענדיגע שייכות'ען שטאמען פון די גרונד־געזעצען פון דעם סאציאלען לעבען און וועלכע זענען ניט מעהר ווי שטערונגען, וואס זענען אריינגעטראגען געווארען אין דעם סאציאלאגישען מאטעריאל, דורך די ווירקונג פון אנדערע ניט־סאציאלאגישע געזעצען, ווייל אויך די ניט־סאציאלאגישע געזעצען, — ביאלאגישע און פסיכאלאגישע, — האבען, פערשטעהט זיך, זייער שליטה אויף דעם מענשען, דעם בויער פון מענשליכע געזעלשאפטליכע ערשיינונגען.

וועלכע מעטהאדע אין דער סאציאלאגיע איז אבער די ריכטיגע? וועלכער זאלען מיר אנטרויען די ארבייט פון ארויסגעפינען סאציאלאגישע געזעצען? אויף דער שאלה קאן מען ניט געבען קיין זיכערען ענטפער. דורך קיין מעטהאדע האט מען נאך דערווייל ניט ארויסגעפונען קיין איין איינציגען אבסאלוט זיכערען סאציאלען געזעץ און עס איז אפשר א סברה, אז קיין איין איינציגע פון די, וואס ווערען אנגעווענדט אין דער איצטיגער וויסענשאפט, זענען ניט מסוגל דערצו.

און פערגעסט ניט אויך דאס: מיר זענען אין אונזערע סאציאלאגישע אונטערזוכונגען נאך אזוי „גרין“, אזוי ניט ווייט פון אנהויב, אז די געלערנטע האבען זיך נאך ניט צונויפגערעדט וועגען דעם, וואס אזוינס דארפען מיר פערשטעהן אונטער דעם נאמען „א

סאָציאַלע ערשיינונג" און ווי אַן ערך דאַרף אויסזעהן אַ סאָציאָ־לאָגישער געזעץ. מען פילאָסאָפירט, מען איז זיך משער, מען בויט סברות אויף סברות און וואָס איין געלערנטער בויט אויף, קומט דער אַנדערער און צושטערט. מיר מוזען זיין צופריעדען דער־ווייל, וואָס אין דעם קאַמפף פון טהעאָריען און היפּאָטעזען ווערען קריטישער בעאַרבייט די אָנגעזאַמעלטע פאַקטען, אויסגערייניגט פון גרייזען, וואָס האָבען זיך אַריינגע'גנב'עט אין אונזער פאַר־שטעלונג וועגען זיי; עס ווערען אָנגעזאַמעלט און געלייטערט נייע פאַקטען, וועלכע דער געלערנטער זוכט אויס, כדי צו בע־ווייזען די ריכטיגקייט פון זיין היפּאָטעזע און עס ווערען בעשאַפען אַלץ נייע און נייע געזיכטס־פּונקטען, ווי אַזוי צו בענעהמען דעם סאָציאָלאָגישען מאַטעריאַל און ווי אַזוי זיך מיט איהם צו בעגעהן. שפּעטער, אין יאָהרען און יאָהרען אַרום, ווען די צאָהל פון אויס־געלייטערטע פאַקטען וועט ווערען גענוג גרויס און די צאָהל מעג־ליכע געזיכטס־פּונקטען וועט זיך בערייכערען, קאָן זיין, אַז עס וועט קומען דער זשעניע פון דער סאָציאָלאָגיע, איהר ניוטאָן, וואָס וועט דורך דעם „ברק המבהיק", דעם דורכלויכטענדען בליץ, וואָס ער וועט ברענגען מיט זיך, אַוועקשטעלען זי אויף אַ זיכערען וויסענ־שאַפטליכען יסוד. עס קאָן אָבער גרייליך געמאָלט זיין, אַז די סאָציאָלאָגיע זאָל, לויט איהר אינווענינסטער טבע נאָך, אויף אייביג מוזען בלייבען אַ  ב ע ש ר י י ב ע נ ד ע  וויסענשאַפט, — אַ וויסענשאַפט, וואָס וועט אונז קאָנען דערצעהלען און פּינקטליך אָבשילדערן די פאַקטען, וואָס זענען געווען, און די פאַקטען, וואָס שפּיעלען זיך איצטער אָב, אָבער וואָס וועט קיינמאָל ניט קאָנען איבערגעהן פון די איינצעל־פאַקטען צו די געזעצען, וואָס ליעגען אויף זייער גרונד.

אַט דער ניכטערער, קריטישער בליק אויף דעם איצטיגען מעמד פון דער מעגליכער צוקונפט פון דער געזעלשאַפטס־וויסענ־שאַפט, צו וועלכען איך שטעה צו, איז געווים ניט גאָר קיין ראָזע־ווער. אָבער ער האָט געמוזט פריהער אָדער שפּעטער אַריינדרינגען אין דעם מוח פון יעדען ערנסט־דענקענדען סאָציאָלאָג.

אין די ערשטע קינדער־יאָהרען פון דער סאָציאַלער וויסענ־שאַפט האָבען איהרע בעשאַפער גאַנץ געווים געהאַט אַ רעכט צו

טרוימען וועגן אזא צושטאנד אין איהר, ווען זי וועט קאנען דער מענשהייט געבען די מעגליכקייט, פאראויסצוזעהן די ערשיי־נונגען אקוראט אזוי פינקטליך, ווי מיר טהוען דאס אין דער אס־טראנאמיע און אין דער מעכאניק.

יעדע וויסענשאפט הויבט אן, ווי א מוזיקאלישע אפער, מיט א פרעלודיע, אין וועלכער עס ווערען אויפגעפיהרט יענע מאטיוועז, וואס דארפען זיך בעוויזען און פאנאנדערוויקלען א סך שפעטער, אין דעם פערלויף פון איהרע אקטען. און אזוי האבען אויך די ערשטע סאציאלאגען, — אן אגיוסט קאנט, א קארל מארקס, א קעטטלע, א טפענסער, א שעפלע, — בעת זיי האט זיך געדוכט, אז זיי האבען שוין אויסגעפונען די ריכטיגע מעטהאדען ווי אזוי צו בעקומען סאציאלאגישע געזעצען; אז זיי האבען שוין אנטפלעקט די סודות פון דעם סאציאלען לעבען, און אז זיי קאנען שוין פאראויס־זעהן די צוקונפט פון דער געזעלשאפט, — אין דער אמת׳ען, ניט מעהר ווי אויסגעשפיעלט פאר אונז שעהנע פרע־לודיעס, אין וועלכע יעדער געלערנטער האט אויף זיין אופן אויסגעפאנטאזירט א חלום פון א פארטיגער וויסענשאפט, — א חלום, וואס קאן מקוים ווערען, אויב ער קאן איבערהויפט מקוים ווערען, ערשט נאך דורות און דורות פון ערנסטען זוכען און פארשען.

איך וויים גאנץ גוט, אז מיר האבען עד היום א סך סאציא־לאגען, וואס חלומ׳ען נאך איצטער דעם זעלביגען חלום אויפ׳ן וואהר. דערהויפט די מארקסיסטען, וואס דער רוב פון זיי גלויבט נאך עד היום, אז זייער לעהרער, קארל מארקס, האט אויסגעשמידט אלע אייזערנע געזעצען פון דער געזעלשאפטליכער ענטוויקעלונג און האט כמעט ווי מאטעמאטיש אויסגערעכענט די צוקונפט פון דער מענשליכער געזעלשאפט. דער מאדערנער קאפיטאליזם, האט ער „בעוויזען", „מוז" פריהער אדער שפעטער ארויס־רופען א סאציאלע רעוואלוציע אנטקעגען זיך און איבערגעהן אין א קאלעקטיוויסטישע געזעלשאפטס־פארם. איך וויל זיי אבער דערמאהנען, אז זייער לעהרער, קארל מארקס גופא, ווי שטארק ער האט ניט געגלויבט אין די וויסענשאפטליכע זיכערקייט פון זיינע פארשונגען, האט, אין די קריטישערע מינוטען פון זיין דענקען אליין צוגעגעבען, אז ער זעהט אין דעם ניט קיין אייזערנעם „מוז".

אַלץ, וואָס ער נעהמט זיך אונטער פאַראויסצוזעהן אין זיין וויסענשאַפטליכער נביאות, בעשטעהט אין דעם, אַז נאָך דעם רעוואָליוציאָנערען צונויפשטויס פון דער בורזשואַזיע און דעם פּראָלעטאַריאַט אין זייער אונפערמיידליכען קלאַסען־קאַמפף מוז אָ ד ע ר ארויסשפּרינגען אַ קאָלעקטיוויסטישע געזעלשאַפט, אָ ד ע ר פון דער גאַנצער מאָדערנער קולטור וועט ווערען אַ תל.

הייסט עס, אַז אויך דאָ האָבען מיר ניט קיין אבסאָלוטע נביאות פאַר אונז. עס איז אַן אָדער יע, אָדער ניט. און איז אויך די איינציגע ברירה, וואָס קאַרל מאַרקס האָט איבערגעלאָזען פאַר דער געזעלשאַפט, באמת אַ ריין וויסענשאַפטליכע? ווערט ניט די אונפערמיידליכקייט פון דעם סאָציאַל־רעוואָליוציאָנערען צונויפשטויס ערנסט אָבגעפרעגט אפילו פון סאָציאַליסטישע פאָרשער? געווינט ניט מיט יעדען טאָג אַלץ מעהר וואָג יענער געדאַנק פריעדריך אַלבערט לאַנגע'ס, אַז דער „ריש“, מיט וועלכען די רעוואָליוציאָן שיידט זיך אָב פון דער עוואָליוציאָן, ליעגט גאָר אין די הענד פון די הערשענדע קלאַסען און אַז זייער טאַקטיק קאָן פיהרען צו אַ פריעדליכען איבערגאַנג אין אַ העכערע געזעלשאַפטליכע פאָרם? און איז שוין דאָס אַזוי געוויס, אַז די העכערע פאָרם מוז אומעטום און ביי אַלע פעלקער זיין די קאָלעקטיוויסטישע, ווי קאַרל מאַרקס האָט זי אַרויסגעפונען?

דער קאָלעקטיוויזם, קאָן זיין, איז דער בעסטער אידעאַל פאַר דאָס געזעלשאַפטליכע לעבען. דער רעוואָליוציאָנערער צונויפשטויס פון פּראָלעטאַריאַט און בורזשואַזיע, קאָן זיין, איז דער בעסטער וועג, ווי אַזוי יענעם אידעאַל אַריינצופיהרען אין לעבען. אָבער דאָס זענען א י ד ע אַ ל ע ן, צו וועלכע מיר האָבען אַ רעכט צו שטרעבען, אויב מיר גלויבען אין זייער ווערטה פאַר דער מענשליכער ענטוויקעלונג, אָבער בשום אופן ניט קיין וויסענשאַפטליך פאַראויס־געזעהענע עטאַפּען, צו וועלכער די געזעלשאַפט ווערט געטריעבען „מיט אַן אייזערנער נויטוועגדיגקייט“.

מיט די פאָר בעמערקונגען, וואָס זענען זעהר נויטיג פאַר אונזער ענין, וואָלט איך בשום אופן ניט געוואָלט אַרויסרופען אין אייך דעם איינדרוק, אַז אין דעם געזעלשאַפטליכען לעבען זענען לחלוטין ניטאָ קיין אייזערנע נויטוועגדיגקייטען. דאָס קאָן קיין מענש ניט

וויסען. איך זאג נאר, אז לעת־עתה קאן אונזער יונגע וויסענ־שאפט ניט נעהמען אויף זיך די אויפגאבע, אויסצוגעפינען זיי, אויב זיי זענען דא, ווייל אין בעסטען פאל פעהלט איהר נאך דער נויטיגער מאטעריאל און די פאסענדע מעטהאדען. ליידער קאן איך מיך דא ניט אבשטעלען באריכות אויף דעם פונקט, וועלכען איך האב א ביסעל נעהנטער בעטראכט אין מיין ארטיקעל: „די געשיכטס־פילאסאפיע און דער ענדציעל". *)

אבער סיי פון די ארגומענטען, וואס איך האב געבראכט אין יענער ארבייט, סיי פון די, וואס איך האב פאר אייך איצטער ענט־וויקעלט, קומט ארויס מיט „אייזערנער נויטווענדיגקייט", אז יע־דער איינער, וואס טראגט זיך נאך עד היום ארום מיט קינדערשע פראיעקטען פון נייע סאציאלע נביאות, אדער מיט דעם גלויבען אין די סאציאלע נביאות'ען פון דעם פאריגען יאהרהונדערט, האט פשוט קיין ברעקעל אהנונג ניט וועגען דעם, וואס אזוינס איז ווי־סענשאפט און אין א וועלכען צושטאנד עס געפינט זיך איצטער די סאציאלאגיע.

איהר קאנט דעריבער פערשטעהן, וויפיעל וויסענשאפטליכען ווערטה מיר קאנען צושרייבען צו יענער נביאות וועגען די פעלקער אין אמעריקא, וואס זאגט אונז מיט אזא „אסטראנאמישער" זיכער־קייט, אז אין די „אייזערנע געזעצען" פון דער אמעריקאנער ענט־וויקעלונג איז שוין אויף אייביג אנגע'חתמ'עט געווארען דער גורל פון אלע פעלקער, וואס וואוינען איצטער אין די פערייניגטע שטאאטען; אז זיי אלע מוזען ניט נאר בילדען איין איינציגע עקאנאמישע געזעלשאפט מיט די איינגעבוירענע אמעריקאנער, ניט נאר אויפבויען איין איינציגע מעכטיגע פאליטישע נאציאן, — דאס טהוען זיי שוין איצטער. ניין, זיי מוזען זיך נאך צונויפגיסען אין איינעם מיט די אמעריקאנער אין איין איינציגער פאלק־געמיינשאפט, מיט איין שפראך און איין ארט לעבען, — קורץ, אז זיי מוזען פריהער אדער שפעטער פערשווינדען אין דעם שמעלץ־טאפ פון דער אמעריקאנער קולטור.

לאזט מיך דא, איידער מיר געהען ווייטער, א ביסעל קלארער

*) זעה באנד 3 פון דער יעצטיגער אויסגאבע פון מיינע ווערק.

שטעלען די נפקא מיניה, וואָס איך מאַך דאָ צווישען פאָלק און נאַציאָן. דאָס וואָרט „נאַציע“ ווערט געברויכט ביי פערשיידענע געלעגענהייטען אין אַ גאַנץ פערשיידענעם זין. אין דער דיפּלאָמאַטיע, צ. ב., בעטייט נאַציע אַזאַ קערפּערשאַפט, וואָס פיהרט אַ זעלבסטשטענדיגען פּאָליטישען לעבען, וואָס איז שטאַאט־רעכטליך סואווערען איבער איהר לאַנד. כל זמן איטאַליע איז געווען אונטעריאָכט אונטער עסטעררייך, איז זי נאָך ניט געווען קיין נאַציע אין דעם פּאָליטישען זין פון דעם וואָרט. דאָס פּוילישע פאָלק, וואָס האָט פערלאָרען זיין פּאָליטישע זעלבסטשטענדיגקייט, איז איצטער אויך נאָך ניט קיין נאַציע אין דעם זעלבינען זין. אידען זענען פון דעם שטאַנדפּונקט נאָך אודאי ניט קיין נאַציאָן. אָבער דערזעלבינער אויסדרוק: „נאַציע“ ווערט אויך אָנגעווענדט, כדי אָנצורופען מיט איהם יעדען פאָלק, אפילו ווען עס האָט ניט קיין פּאָליטישע זעלבסטשטענדיגקייט. אַזוי רעדט מען, צ. ב., וועגען דער פּוילישער נ אַ צ י אָ נ אַ ל ־ ליטעראַטור, ד. ה. וועגען אַלע ווערק, וואָס זענען בעשאַפען געוואָרען אין דער פּוילישער שפּראַך. אַזוי רעדט מען אויך פון אידישע נאַציאָנאַלע אייגענטימליכקייטען און אידישע נאַציאָנאַלע אינטערעסען, ווען אפילו מען האָט דערביי אַ ברעקעל ניט אין זינען די פּאָליטישע זעלבסטשטענדיגקייט פונ׳ם אידישען פאָלק. פון דער אַנדער זייט קאָן מען אָבער אויך אָנרופען „פאָלק“ אַלע בירגער פון איין מדינה, ווען אפילו זיי געהערען צו פערשיידענע נאַציעס, ווי צ. ב., דאָס שווייצערישע „פאָלק“, וואָס נעהמט אריין אין זיך דייטשען, פראַנצויזען און רהעטאָראָמאַנער, אָדער דאָס בעלגישע פאָלק, וואָס בעשטעהט פון פלאַמאַנדער, וואַללאָנען און אַ ביסעל דייטשען, אָדער ווי דאָס אַמעריקאַנער פאָלק, וואָס איז צונויפגעפלאָכטען פון „כל המינים שהוא“.

איהר זעהט: די שפּראַך האָט נאָך ניט אַרויסגעקריסטאַליזירט קיין בעזונדערע ווערטער פאַר די פערשיידענע בעגריפען, און מען האָט גאַנץ געוויס אַ רעכט צו רעדען, צ. ב., וועגען די נאַציעס פון דעם בעלגישען פאָלק, ווי אויך פון די פעלקער פון דער בעלגישער נאַציע. און קיין גרויסער גרייז וואָלט ניט געווען, ווען מען וואָלט אויך געזאָגט: די פעלקער פון דעם בעלגישען פאָלק, אָדער די נאַציעס פון דער בעלגישער נאַציע, אויב מען וואָלט דערביי געהאַט

געגוי דעם חלוק אין זינען, אז איין מאל ווערט דאס ווארט געברויכט אין אן עטנאלאגיש־קולטורעלן זין און דאס אנדער מאל — אין א ריין פאליטישען זין.

עס וואלט אפשר געווען ניט שלעכט, ווען מען וואלט פאר דעם בעגריף פאלק אין עטנאלאגישען זין אומעדום אנגעווענדעט דעם אויסדרוק נ א צ י א נ א ל י ט ע ט. א פאלק מיט פאליטישער זעלבסטשטענדיגקייט זאל מען יעמאלט רופען נ א צ י ע און ניט „נאציאנאליטעט“, און די סומע פון איהרע בירגער זאל הייסען: „פאלק“. אבער געהט, מאכט עפעס מיט דער מענשליכער שפראך! איהר לאגיק שטאמט הפנים ארויס פון דעם אוטאפיסטישען שטאנד־פונקט, — וואס איז א מאל, א מאל געווען א רעאלע ווירקליכקייט, — אז יעדע נאציאנאליטעט דארף זיין א פאלק פאר זיך און ממילא האבען אלע רעכט פון א פאליטיש זעלבסטשטענדיגער נאציע. דער־פאר מישט זי צונויף די אלע דריי בעגריפען — נאציאנאליטעט, נאציע און פאלק, — אין איינעם — און ביז יענע אוטאפיע וועט מקוים ווערען — אויב זי וועט איבערהויפט ווען עס איז מקוים ווערען — וועלען מיר זיך מוזען רעכענען מיט דעם פאקט, אז א נאציע, ווי איינהייטליך זי זאל ניט זיין פאליטיש, קאן בעשטעהן פון א סך פעלקער, וואס וועלען קיינמאל ניט ווערען פאליטיש גאנץ זעלבסטשטענדיג אין די גרעניצען פון איהר לאנד. אזא נאציע איז, צ. ב., נאך מיין מיינונג נאך, אמעריקא, אדער ריכטיגער די פער־איינינגטע שטאאטען, — אן איינהייטליכע פאליטישע קערפער־שאפט, וואס בעשטעהט דערווייל עטנאלאגיש און קולטורעל פון פערשיידענע פעלקער אדער נאציאנאליטעטען. אט די אלע נאציא־נאליטעטען מוזען, לויט דער טהעאריע פון דעם „מעלטינג־פאט“, זיך צונויפגיסען אין איין־איינציגע עטניש־קולטורעלע קערפער־שאפט, אין איין־איינציג פאלק.

אומזיסט וועט איהר פערלאנגען, מען זאל אייך אויפווייזען אויף יענע „אייזערנע געזעצען“, וואס פיהרען דערצו. איהר זאלט, לכל הפחות, קאנען א פרוב טהאן, וואס פאר אן ארט „אייזען“ דאס איז און ווי שטארק די געזעצען זענען געשמידט. אין קיין אונטער־זוכונג וועט איהר ניט געפינען קיין איין סאציאלאגישען כלל, פון וועלכען איהר זאלט קאנען ארויסדריגען יענעם גזר־דין „למות“,

וועלכע די דאָזיגע נביאות ברענגט אַרויס פאַר די ניט ענגלישע פעלקער, שפּראַכען און קולטורען, וואָס לעבען איצטער אין די פערייניגטע שטאַאַטען.

און ווען איהר טרעט צו צו די דאָזיגע „נביאים" מיט אייער דרינגענדער פאָדערונג, מען זאָל אייך ברענגען ריינע עקזאַקטע וויסענשאַפטליכע בעווייזען, גיבען אונז די ניכטערסטע פון זיי אַזאַ מין ענטפער: מיר זענען אויך ניט קיין קליינע קינדער אין וויסענשאַפטליכע ענינים; מיר ווייסען, ברוך השם, אויך גאַנץ גוט די גרויסע נפקא מיניה, וואָס צווישען אַסטראָנאָמיע און סאָציאָלאָגיע. און מיר ווילען גאָר קיינעם ניט פאַר־שווינדלען קיין „אייזערנע געזעצען". מיר בויען אונזער נביאות ניט אויף וועלכע עס איז אַבסטראַקטע „געזעצען" פון דער אַמעריקאַנער ענטוויקעלונג, נאָר אויף די קאָנקרעטע אייזערנע „טענדענצען" פון דעם אַמעריקאַנער לעבען. מען דאַרף זיין בלינד, זאָגען זיי, ניט איינצוזעהן, אַז יעדעס פאָלק, וואָס קומט אין אונזער לאַנד, פערליערט אַלץ מעהר און מעהר זיין שפּראַך און זיין קולטור, נעהמט איין אין זיך אַלץ מעהר און מעהר דעם שטייגער פון דעם אַמעריקאַנער לעבען, — דעם אַמעריקאַנער'ס קליידונג, שפּראַך, געוואָהנהייטען און אינטערעסען. און אויב דער אַלטער דור טראָגט נאָך אפשר אַ בענקשאַפט אין זיין הארצען צום אַלטען היימישען לעבענס־פיהר, איז פול די ברוסט פון דעם יונגען דור מיט דעם נייעם פאָלקס־לעבען פון דעם נייעם לאַנד. געהט ניט אַזוי דאָס לעבען פון אַלע פעלקער מיט אייזערנע טריט צו איין און דעם זעלביגען ציעל? „קאָן ווער עס איז, פרעגען זיי, אויפהאַלטען אָט דעם אייזערנעם גאַנג?"

הייסט עס, ניט געזעצען, נאָר טענדענצען זיצען צום משפט אויף דאָס לעבען פון די פעלקער, און פון דעסטוועגען ברענגען זיי אַרויס איין־און־דעמזעלביגען גזר־דין!

איך וויל בשום אופן ניט לייקענען, אַז אַזעלכע טענדענצען זענען דאָ. די טאָג־טעגליכע ערפאַהרונג אַנטפּלעקט זיי אויף יעדען שריט און טריט; און ווען אפילו מען קאָן נאָך זיין גרייטעך אין ספק, אויב דער אַמעריקאַנער טעפּעל האָט שוין באמת אַלץ איבערגעקאָכט, וואָס איז אַריינגעפאַלען אין איהם, מוז מען דאָך מודה זיין, אַז עס שפּיעלען זיך אָב אין דעם אַמעריקאַנער לעבען פראַ־

צעסען, וואס זענען זעהר נאהענט צו די, וועלכע מען האט כאראק־טעריסטיש א נאמען געגעבען „דער אמעריקאנער שמעלץ־טאפ". מיר וועלען שפעטער זעהן, אין וואס עס בעשטעהט דער ריכטיגער תוך פון דער אמעריקאנער אסימיליאציע. דערווייליגע מוזען מיר אבער שארף אונטערשטרייכען, וואס די ניכטערסטע אנהענגער פון דער „מעלטינג־פאט"־טעאריע גיבען אליין צו: אז מיר האבען דא צו טהאן ניט מיט געזעצען, נאר מיט טענדענצען. דאס איז זעהר און זעהר א וויכטיגער פונקט, אויף וועלכען מיר מוזען קאנצענטרירען אונזער גאנצע אויפמערקזאמקייט. די, וואס זאגען זיך אב פון דעם „געזעץ", ווייל זיי בענוגענען זיך מיט דער „טענ־דענץ", און גלויבען פארט באמונה שלימה, אז די צוקונפט פון אלע פעלקער אין אמעריקא איז דער „מעלטינג פאט", פערשטעהען נאך הפנים אליין ניט די נפקא מיניה, וואס הערשט צווישען א געזעץ און א טענדענץ; זיי איז הפנים נאך אליין ניט אין גאנצען קלאר דער פאקט, אז דער גזר־דין פון א טענדענץ, ווי שטארק עס זאל ניט זיין איהר ווירקונג אין לעבען, קאן בשום אופן ניט טראגען אין זיך אזא געוויסהייט פאר דער צוקונפט, ווי דער גזר־דין פון א געזעץ.

וואס איז געזעץ? וואס איז טענדענץ? וואס איז דער חלוק צווישען זיי? מיר וועלען זיך דא ניט אריינלאזען אין אבסטראקטע, לאגישע און ערקענטניס־טעארעטישע אונטערזוכונגען און דעפיני־ציאנען. מיר וועלען בעסער נעהמען א פאר קאנקרעטע ביישפיע־לען פון א געזעץ און א טענדענץ, און דאס וועט אונז, האף איך, קלאר מאכען דעם מהות פון זייער חלוק.

עס איז דא א געזעץ, אז אלע מענשען זענען שטערבליך. דאס איז — לכל הפחות פאר אונזער איצטיגען וויסען — אן אייזערנער געזעץ. קיינעם וועט ניט ארויף אויפ'ן זינען צו זאגען, אז דער מענש „האט א טענדענץ" צו שטארבען. דער טויט איז ניט אזא ענד־סטאנציע אין דעם מענשען'ס לעבענס־לויף, צו וועלכען ער קאן זיך דערנעהנטערן מעהר אדער ווייניגער, וועלכען ער קאן אפשר דערגרייכען ניט אין גאנצען, אדער וועלכען ער קאן, אין אן אויס־נאהמס־פאל, אפשר אין גאנצען אויסמיידען. דער געזעץ פון טויט איז א ב ס א ל ו ט. די ענד־סטאנציע מוז דערגרייכט ווערען

ג אַ נ ץ, און ווערט די ענד־סטאַנציע דערגרייכט, איז מען יעמאָלט ניט „מעהר אָדער וועניגער טויט", נאָר טויט אַלע מאָל אויף דעם העכסטען, פאָלקאָמענסטען גראַד, „בתכלית השלמות". און עס איז גיטאָ קיין יוצא מן הכלל פון דעם דאָזיגען געזעץ. מען קאָן אפשר פערציהען זיין אריינטרעט אין „לעבען", — אָבשטעלען איהם, אָבער אין גאַנצען פערהאַלטען איהם איז אַ זאַך פון דער אַבסאָלוטער אונמעגליכקייט. יעדער געזעץ איז, ווען מען בעטראַכט דאָס נעהנטער, אַ סכום פון קרעפטען, אַ סכום פון נויטווענדיגע אייגענשאַפטען, וואָס זייער מאַיאָריטעט ווירקט אַלע מאָל אין איין און דער זעלביגער ריכטונג און וואו די להיפך'דיגע ווירקונגען בלייבען אַלע מאָל אין אַ מינאָריטעט, מוזען אַלע מאָל ווערען שוואַכער, ביז עס קומט דער לעצטער זיעג, וואָס טרעט אריין מיט אַ געוואַלטיגער קראַפט, וואָס ווירקט מיט דער אונפערמיידליכקייט פון טויט. די ענד־סטאַנציע, צו וועלכער אַ געזעץ פיהרט, מוז דערגרייכט ווערען אָהן אַן אויסנאַהם און מוז דערגרייכט ווערען ג אַ נ ץ. דער סכום פון קרעפטען, אָדער נויטווענדיגע אייגענשאַפטען, וועמעס ווירקונג עס דריקט זיך אויס אין אַ „געזעץ", איז אַלע מאָל אַ סיסטעם, וואָס איז אָבגעשלאָסען אין זיך גופא, און וואָס קאָן ניט צולאָזען קיין נייע קרעפטען, וואָס זאָלען אויף אַ וועלכען עס איז אופן קאָנען פערענדערן דעם ענד־רעזולטאַט.

איז דאָס אויך אַזוי מיט אַ טענדענץ?

בשום אופן ניט!

אַ טענדענץ איז אויך אַ סכום פון מעהרערע קרעפטען, פון מעהרערע אייגענשאַפטען, אָבער אַזאַ סכום, וואו די מאַיאָריטעט, ווי שטאַרק זי זאָל ניט זיין אין אַ געוויסען מאָמענט, איז קיינמאָל ניט זיכער מיט'ן זיעג, ווייל דער גאַנצער סכום איז ניט קיין אָבגעשלאָסענער סיסטעם, אין וועלכען נייע קרעפטען זאָלען ניט קאָנען אריינדרינגען פון דרויסען. די מינאָריטעט, וואָס געהט להיפך צו דער ריכטונג פון דער מאַיאָריטעט, קאָן גאָר פלוצלונג און ניט פאָראויסגעזעהענערהייד פערשטאַרקט ווערען דורך נייע כחות, וואָס קאָנען אין דעם פערלויף פון דעם פראָצעס בעקומען אַזוי פיעל מאַכט איבער דעם פריהערדיגען מעמד, אַז די גאַנצע טענדענץ ווערט אָבגעשוואַכט, און די ענד־סטאַנציע, אָדער דער ענד־צו־

שטאנד, צו וועלכען זי שטרעבט, ווערט דערגרייכט ניט אין גאנצען, נאר אין א געוויסען גראד פון פאלקאמענהייט, אין א געוויסען מעהר אדער ווענינער.

אבער דאס איז נאך ניט אלץ. די כחות פון דער מינאריטעט קאנען פערשטארקט ווערען אזוי, אז זיי זאלען אין גאנצען בעקומען די אויבערהאנד איבער די כחות פון דער מאיאריטעט און פריהער אדער שפעטער לגמרי אבהאקען זייער ווירקונג. דער ענד־צו־שטאנד, וואס איז געלעגען אין דער פריהערדיגער טענדענץ, ווערט ניט נאר דערוויטערט, ניט נאר אבגעשוואכט אין זיין מהות, נאר אין גאנצען אויסגעשלאסען, ווייל עס וואקסט אויס אן אומגעקעהרטע טענדענץ, וואס שלעפט דעם פראצעס אין אן אומגעקעהרטער ריכטונג. עס פערשטעהט זיך, אז אויב די נייע מאיאריטעט איז אויך ניט מעהר ווי א טענדענץ, אז אויב אויך זי קאן ניט אבגעשלאסען זיין פון נייע כחות, וואס זאלען בעוויזען זייער ווירקונג אויף איהר, איז אויך איהר טריאומף ניט קיין זיכערער, אדער ניט קיין זיכערער אויף אייביג. נייע קרעפטען קאנען אריינטרעטען אין שפיעל, זיי קאנען אין דער פער'חלש'טער מאיאריטעט אריינפליסען א נייעם אימפעט, און דאס שפיעל הויבט זיך אן פון דאס ניי.

טראכט זיך אריין אין דעם פאלגענדען ביישפיעל פון א טענדענץ. אין די געבירגען קאן זיך א מאל טרעפען, אז איינער פון די אייביגע בערג בעקומט פלוצלונג די טענדענץ פאנאנדערצופאלען. זיין מאסע בעשטעהט, לאמיר זאגען, פון גרעסערע און קלענערע פעלזען־שטיינער, וואס ווערען צונויפגעהאלטען אין איינעם דורך שיכטען פון קאלך און ליים. ער איז געווען בעדעקט מיט א געדיכטען וואלד, וועמעס ווארצלען עס זענען געלעגען צונויפגעפלאכטען ארום די שטיינער און וואס האבען געצויגען זיך פון שטיין צו שטיין. אבער אט האט א וועלכע עס איז סבה צושטערט דעם גרעסטען טייל וואלדונג אויף איהם און ארום איהם. מענשען האבען אויסגעהאקט א טהייל בוימער, אדער שריפות האבען געמאכט פון זיי א תל, און דער גאנצער באלאנס פון קרעפטען, וואס האט אויפגעהאלטען דעם בארג, איז פלוצלונג געווארען צושטערט. ביסלעכווייז, ביסלעכווייז האבען די ווארצלען גענומען פוילען, טריקע־

נען, צופולווערט ווערען און האָבען אָבגעדעקט די שיכטען פון קאַלך אין ליים פאַר דער פרייער ווירקונג פון ווינד און רעגען. דער רעגען האָט ביסלעכווייז צושווענקט און דער ווינד האָט ביסלעכווייז פאַרוויטערט דעם קאַלך־און־ליים־צעמענט, וואָס האָט פעסט צונויפגעהאַלטען די שטאַרקע פעלזען־שטיינער, און זייער גלייכגעוויכט האָט זיך גענומען האַלטען אויף אַ האָר. אַ שטאַרקער דונער אָדער אַ פלאַץ־רעגען קאָן יעמאָלט ברענגען מיט זיך אַ שרעקליכען באַרג־שטורץ, וואָס קאָן בעגראָבען אונטער זיינע ריעזען־שטיינער גאַנצע דערפער אין טהאָל.

אָפטמאָל קומט דער באַרג־שטורץ ניט מיט אַ מאָל און ניט אין אַזאַ קאַטאַסטראָפאַלער פּלוצליכקייט. קלענערע באַרג־שטורצלעך זאָגען אויף אַ פריהער אָן, אַז מיט דעם באַרג איז עפּעס ניט גלאַט. יעמאָלט קומען די געלערנטע געאָלאָגען, מיט זייערע העמערלעך און גראָב־אייזענדלעך אין די הענד, און קריכען ארויף אויף דעם באַרג, טאַפּען אוים זיין דופק, שטודירען גענוי אויס, פון וואָס ער בעשטעהט, דרינגען קלאָר אריין אין דעם איצטיגען באַלאַנס פון זיינע קרעפטען און טראָגען נאָך דעם ארוים דעם וויסענשאַפטליך אַבסאָלוט ריכטיגען דיאַגנאָז און פּראָגנאָז: דער באַרג האָט בעקומען די „חולה־נופלים׳דיגע“, ער האָט די טענדענץ צו פערוויטטערן. פריהער אָדער שפּעטער וועט פון איהם בלייבען נאָר אַ קליינער טהייל, אָדער זיינע פעלזען און ערד־מאַסען וועלען אין גאַנצען פערשיטען דעם טהאָל.

די געאָלאָגען זענען אין זייער וויסענשאַפטליכער נביאות דורכאוים גערעכט, און דורכאוים פערנינפטיג איז אויך זייער פאָדערונג, וואָס זיי פאָדערן פון די טהאָל־איינוואוינער, זיי זאָלען זיך ניט פערלאָזען אויף גאָט׳ס בעראָט, וואָס גיכער אנטלויפען פון דער געפעהרליכער שכנות, אָדער אפשר מיט קינסטליכע מיטלען נאָך שטאַרקער מאַכען זיין טענדענץ, פאַנאַנדעררייסען דעם באַרג מיט דינאַמיט, כדי אויף אייביג פּטור צו ווערען פון דער סכנה, וואָס הענגט איבער זייערע קעפּ.

אָבער מיט דעם דאָזיגען, צום טויט פער׳משפּט׳ען באַרג קאָן אַ מאָל טרעפען אַזאַ מין ניט פאַראויסגעזעהענע זאַך. „געפלויגען, געפלויגען אַ גילדערנער פויגעל“ — און אפשר ניט קיין גיל־

דערנער — איבער ווייטע־ווייטע ים׳ען און האט זיך אויף א ווײַלע אבגעשטעלט אויף א פערווארפענער אינזעל. דארטען האבען זיך צו זײַנע פיסלעך צוגעקלעפט מיט דעם קייט פון דעם באדען קלײַנינקע קערנדלעך פון א לעבענס־קראפטיגער קלעטטער־פלאנץ, וואס ווארפט זיך פאנאנדער אין דער ברייט און אין דער לענג, וואו נאר זי געפינט א שטיקעל מקום־חיונה. פליהענדיג צוריק צו דעם מענשליכען ישוב, האט זיך דער פויגעל אראבגעלאזט רוהען אויף אונזער גוסס׳ען בארג און איבערגעלאזען אויף איהם די קערענדלעך פון דעם מערקווירדיגען געוועקס. ביי דער ערשטער נעלעגענהייט האבען זיי זיך א נעהם געטהאן וואקסען און וואקסען, און אין איינע פאר יאהר זיינען זיי פאר אונזער בארג באמת געווארען א תחית־המתים פלאנץ. וואו נאר א שפאלט, וואו נאר א ריס האבען זיי אריינגעלאזען זייערע ווארצלען, וואו נאר א פרייער פלאץ האבען זיי זיך צונויפגעפלאכטען מיט זייערע אדערן, וואס זענען שטארק ווי דראט, און אין א משך פון א פאר פלאנצען־דורות האבען זיי ארומגענומען דעם קראנקען בארג ארום און ארום ווי מיט אן אייזערנעם רייף, וואס ווערט אלץ שטארקער פון דור צו דור.

טהוט איהר איצטער א בליק אויף דעם בארג, וועט אייך שוין בשום אופן ניט ארויף דער געדאנק, אז ער קאן ווען עס איז פאנאנדערפאלען.

וואס איז געווארען פון דער פריהערדיגער טענדענץ? זי איז לגמרי פערשוואונדען, ד. ה. די כחות, וואס האבען זיי ארויסגעבראכט אין לעבען זענען איבערגעשטארקט געווארען פון אנדערע נייע כחות, וואס האבען געהאט אין זיך אן אומגעקעהרטע טענדענץ.

דערפון איז, האף איך, קלאר געדרונגען, ווי פארזיכטיג מען מוז זיין, ווען מען וויל בעשטימען דעם צוקינפטיגען גאנג פון א וועלכער עס איז געשיכטליכער ערשיינונג אויף דעם גרונד פון יענע טענדענצען, וואס מיר בעמערקען אין דער פערגאנגענהייט און געגענווארט. ווער וויים, וועלכע קערענדלעך עס ליגען פערבארגען אין דעם מארגעדיגען טאג? ווער וויים, וואס פאר אן ארט פלאנץ זיי טראגען מיט זיך און ווי וועט די פלאנץ ווירקען אויף דעם גורל פון די הארשנדע טענדענצען?

קאָן מען דעם געראַנק אַנווענדען אויך אויף דאָס לעבען פון די פעלקער אין אַמעריקע און אויף דעם אַזוי אַנגערופענעם „מעל־טינג־פּאָט־פּראָבלעם?" קאָן מען אויך דאָ מיט אַ געוויסען רעכט צווייפלען אין דעם ענדליכען טריאומף פון דער „מעלטינג־פּאָט"־טענדענץ? און ווען איך זאָג: „מיט אַ געוויסען רעכט", מיין איך דערביי ניט יענעם רעכט פון דער ריינער לאָגיק, וואָס קאָן זיך טרייסטען מיט דער אַבסטראַקטער מעגליכקייט, אַז — ווער ווייס? — אפשר פּאַסירט מאָרגען עפּעס אַזוינס, וואָס קיין חכם און קיין נביא האָט ניט געקאָנט פאָראויסזעהן. איך מיין דאָ יענעם רעכט, וואָס אונז גיט דאָס אײנזעהן, אַז אין דעם לעבען גופא זענען דאָ גאַנץ בעשטימטע טענדענצען, וואָס געהען להיפּך צו דעם „מעלטינג פּאָט"; אַז עס זענען דאָ גאַנץ בעשטימ־טע טעמים, פאַר וואָס מיר זאָלען אָננעהמען, אַז יענע טענדענצען וועלען סוף־כל־סוף אַרויסגעהן פון זייער לעת־עתה נאָך אפשר פער־באָרגענעם צושטאַנד און זיך אַקטיוו אַריינמישען אין דעם גאַנג פון די ערשיינונגען?

וואָס מעהר איך האָב געטראַכט וועגען דעם ענין, וואָס מעהר איך בין בעקאַנט געוואָרען מיט דעם ווירקליכען לעבען פון אַמע־ריקע, אַלץ מעהר בין איך געקומען צו דעם רעזולטאַט, אַז אַזעלכע „אַנטי־מעלטינג־פּאָט"־טענדענצען, — אויב איהר וועט מיר ער־לויבען צו בילדען אַזאַ וואָרט, זענען באמת דאָ אין דעם אַמערי־קאַנער לעבען, אַז זיי קאָנען, אונטער געוויסע אומשטענדען, ניט נאָר אַרויסגעהן אין קאַמפף מיט דער הערשענדער טענדענץ, נאָר אויך אפשר געווינען אין אַ לפי־ערך קורצער צייט דעם איבער־וואָג איבער איהר, און אויף אַזאַ'ן אופן בעשאַפען אַ צוקונפט פאַר די פעלקער פון די פעראייניגטע שטאַאטען, וואָס האָט זיך גאָר ניט גע'חלום'ט אונזערע חכמים און כלומרשט וויסענשאַפט־ליכע נביאים.

עס פערשטעהט זיך, אַז עס איז ניט אַזוי לייכט פאַנאַנדער־צוקלייבען זיך אין יענע נייע טענדענצען, מחמת דעם פּשוט'סטען טעם, ווייל זיי זענען נאָך נייע, נאָך ניט אַזוי ריין אויסגעקריסטאַ־ליזירט, ווי דאָס, וואָס האָט שוין אַרויפגעלעגט זיין קלאָרען שטעמ־פעל אויף אַלע ערשיינונגען פון דעם אַמעריקאַנער לעבען. אַבער

מען דארף גאר א ביסעל טיעפער פאנאנדערגראבען די אויבער־פלעך פון די ערשיינונגען, א ביסעל נעהנטער זיך צוקוקען צו זייער גרונט, צו יענע פראצעסען, וואס שפיעלען זיך אב אין זייערע ווארצלען, און עס וועט אונז ניט שווער זיין צו דערקענען, וועלכע אנדערע קערענדלעך עס ליעגען שוין אין דעם גרונט, וועלכע ווארצלען זיי האבען שוין געלאזען פון זיך און וואס דארף זיין די נאטור און די ראליע פון די נייע פלאנצען, אויב זיי זאל זיך איינגעבען ארויסצורייסען זיך אויף דער אויבערפלעך און אנהויבען א קאמפף פאר לעבען, פאר לופט און ליכט מיט דעם איצט הערשענדען געוועקס.

קודם כל, לאמיר פרובען געווינען א ריכטיגען בעגריף וועגען דעם מהות פון יענעם „מעלטינג־פאט", וועמעס אויבערהערשאפט אין לעבען עס קומט קיינעם ניט ארויף אויפ'ן זין אבצופרעגען. איז אמעריקא ווירקליך א „שמעלץ־טאפ" אין דעם פולען זין פון דעם ווארט? זענען אויף אן אמת'ען וועלכע עס איז פעלקער אזוי „אויסגעקאכט" געווארען אין דער אמעריקאנער קולטור, אז פון זיי איז שוין קיין זכר ניט געבליעבען?

אין דער ערשטער צייט, ווען איך בין, מיט א יאהר אכט צוריק, געקומען קיין אמעריקא, איז ביי מיר, ווי ביי דאס רוב מענשען, מיט וועלכע איך האב גערעדט וועגען דעם, גאר קיין ברעקעל ספק ניט געוועזען, אז אזוי איז דאס די מעשה. די ענגלישע שפראך און די אמעריקאנער קולטור ווירקען ווי א צויבער־מאגנעט אויף די איינגעוואנדערטע. מען קוקט זיך ניט ארום, ווי אין א יאהר צעהן־פופצעהן נאך זיין קומען אין לאנד, ווערט יעדער איינגעוואנדערטער „אויסגעגרינט", און ער איז שוין אין די וויכטיגסטע שטריכען פון זיין לעבען, — אין זיין שפראך, קליידונג, מאניערען און פאטריאטישען געפיהל, — דורך און דורך „אמעריקאניזירט". און אויב ביי א גרויסען טייל פון דעם ערשטען דור ווערט דער פראצעס אין פערשיידענע גראדען פערלאנגזאמט אזוי, אז מען קאן ניט זעלטען געפינען איינגעוואנדערטע, וואס האבען זייער לעבען־לאנג, ביי דעם בעסטען ווילען, ניט געקאנט אין גאנצען ארויסשלעפען פון זיך די אלטע הוים, געהט דערפאר ביי דעם צווייטען דור די אסימיליאציע

מיט ריזוען־שריט, און דער דריטער דור איז שוין אן אמת׳ער „יענקי״.

ווען איך בין אבער א ביסעל מעהר בעקאנט געווארען מיט דעם לאנד און מיט די פערטרעטער פון די פערשיידענע פעלקער, וואס וואוינען אין איהם, האב איך צו מיין בעוואונדערונג אויסגעפונען, אז אט דער כלל, ביי זיין גאנצער קאלאסאלער ווירקזאמקייט, דארף ניט אויפגענומען ווערען אין אזא אלגעמיינעם זין, ווי מען טהוט דאס אויף דעם ערשטען בליק. ער לאזט צו דערווייליגע א סך אויסנאהמען אין א סך גראדען.

לײדער זענען קיין ערנסטע פארשונגען ניט געמאכט געווארען אין דעם ענין. דער אלגעמיינער גלויבען אין דער אונבעגרעניצטער מאכט פון דער אמעריקאנער אסימיליאציאן איז אזוי שטארק, אז קיינער אינטערעסירט זיך ניט מיט די אויסנאהמען, מיט די בעדינגונגען, וואס פערלאנגזאמען איהר לויף. אבער שוין די פשוט׳סטע ערפאהרונג פון יעדען איינצעלנעם, וואס האט נאר ארומגערייזט איבער׳ן לאנד און געקוקט מיט אפענע אויגען אויף דעם פראבלעם, ווייס, צ. ב., אז ניט ביי א ל ע פעלקער, וואס קומען אהער, שפּיעלט זיך אב דער אסימיליאציאנס־פראצעס אין איין־און־דעמזעלבינגען טעמפּא.

איך רעד שוין דא ניט וועגען אזעלכע, אין קולטור צוריקגעבליבענע פעלקער, ווי די כינעזער און יאפאנעזער, וואס קוקען אויף זייער זיין אין אמעריקא, ווי אויף א צייטווייליגען עפּיזאד אין זייער לעבען און וועמען די אמעריקאניזאציע האט בדרך כלל נעהאט זעהר א קליינע שליטה. איך לאז אויך ארויס דאס רוב איטאליענער, וואס איז אויך זעהר אויבערפלעכליך בעלעקט געווארען פון דער אמעריקאנער קולטור, ווייל אויך די איטאליענער קוקען דאס רוב אויף אמעריקע ניט ווי אויף זייער אייגענע היים, וואו זיי און זייערע קינדער, און זייערע קינדס־קינדער עד סוף כל הדורות ד׳ארפען צוברענגען זייערע גאנצע לעבענס. איך מיין דא יענע טיילען פון די אייראפּעאישע פעלקער, וואס זענען געקומען אהער אויף צו בלייבען. און אויך ביי זיי בעמערקען מיר דעם אינטערעסאנטען פאקט, אז דער אמאלגאמירונגס־פראצעס מיט דער אמעריקאנער בעפעלקערונג קומט ביי זיי פאר, ביי יעדען פאלק אין

א גאנץ פערשיידענעם גראד און אויף א גאנץ פערשיידענעם אופן;
לויט מיין אייגענע בקיאות אין דעם ענין, וואס איך האב צו־
גויפגעזאמעלט אין א משך פון פינף־זעקס יאהר, — ווען איך זאל
לאזען אן א זייט דעם אירלענדער און דעם ענגלענדער, מיט וועלכע
איך בין אבסאלוט ניט בעקאנט, — איז דער בעסטער, דער ווייכ־
סטער עלעמענט, וועניגסטענס פאר אן אויסערער אסימיליאציע,
דער דייטש און דער איד. קיינער ווארפט זיך ניט אריין מיט אזא
חושק אין דעם שטראם פון „אמעריקאניזאציע“ און קיינער כאפט
ניט אזוי שנעל אויף דעם דרויסענדיגען שניט פון דער אמעריקאנער
ארט, ווי די קינדער פון די צוויי נאר וואס דערמאהנטע פעלקער.
אבער שוין די נארדישע פעלקער, ווי די פינלענדער, שוועדען, נאר־
וועגער, און אויך די וועלשען פון ענגלאנד, זענען ווייט ניט אזא
פלאסטישער מאטעריאל פאר דער אסימיליאציע, ווי די דייטשען
און די אידען. שווערער פאר אלעמען גיט זיך אונטער דער פראנ־
צויז, סיי דער קאנאדער, סיי דער אייראפעער. און צווישען די
נארדלענדער און די פראנצויזען שטעהען די סלאווישע פעלקער, —
די פוילען, רוסען, טשעכען און די אנדערע.

יעדעם פאלק ווייזט דא ארויס א געוויסע ווידערשטאנדס־
קראפט אנטקעגען דעם אסימילירונגס־פראצעס, וואס איז ביי יעדען
פאלק פערשיידען לויט דעם גראד פון שטארקייט און דער ארט פון
ווירקונג.

אבער ווי פערשיידען די דאזיגע ווידערשטאנדס־קראפט זאל
ניט ארויסטרעטען ביי די פערשיידענע פעלקער, קאן זי דאך גע־
מאסטען ווערען דורך איינער אדער דער אנדערער אדער דורך ביידע
אין איינעם פון אט וועלכע גרונד־ערשיינונגען פון דעם נאציאנאלען
לעבען.

ערשטענס, איז דאס די אומבעוואוסטע טרייקייט צו דער
אייגענער שפראך און די אייגענע זיטען און לעבענס־געוואוינ־
הייטען, וואס ווערען טראדיציאנעל, פון זיך אליין אבגעהיט
אין דעם פאמיליען־לעבען. צווייטענס זענען דאס די נ א־
צ י א נ א ל ע אינסטיטוציאנען, ווי אייגענע שוהלען, אן איי־
גענע קירך, וואו דער גאטעס־דיענסט ווערט געפיהרט אין דער
היימישער שפראך. איז — בעטראכט מען אט די ווידערשטאנדס־

פרעפטען ביי די פערשיידענסטע פעלקער, אנטפלעקען זיך אויף דא פאר אונז גאנץ פערשיידענע אונערווארטעטע בילדער. מען האט געקאנט, צ. ב., מיינען, אז ביי די ניו־יארקער פראנצויזען, וואס האבען זיך בדרך כלל דערהאלטען בעסער, איידער אלע אנדערע עטנישע גרופען פון ניו יארק, — אז ביי זיי, זאג איך, וועט איהר געפינען א גאנצען סיסטעם פון פראנצויזישע אינסטיטוציאנען. וואס האלטען קינסטליך אויף די ליעבע און טרייקייט צו דער אייגענער שפראך און קולטור. צום סוף לאזט זיך אויס, אז די פראנצויזען זענען אין דעם פרט אוועקגעשטעלט ערעמער, איידער א וואסער איז אנדער קולטור־פאלק אין ניו־יארק. די פראנצויזישע פרעסע איז די ערעמסטע, וואס מען קאן זיך דענקען; ניטא קיין פראנצויזישער טהעאטער און קיין פראנצויזישע שולען. אויך די היימישע ליטעראטור פון קאנאדא און פראנקרייך ווירקט גאר ניט, אדער זעהר קנאפ. „זיי לייענען איבערהויפט גאר נישט“, האט מיר א מאן, וואס האט לאנג געלעבט צווישען די פראנצויזען, געזאגט. אבער זיי בעזיצען א מאדנעם פער׳עקשן׳טען אייגענעם הויז־און פאמיליען־לעבען, וואס מאכט, אז דער פראנצויז קאן לחלוטין ניט אונטערגעהן אין דעם שפרודעלנדען קעסעל פון ניו־יארק. זיין ענגליש, — דער וואס קען עס, ווייל ניט אלע קענען עס, — געהערט צו די ערגסטע ארטען ענגליש, וואס ווערען גערעדט אין ניו־יארק, און אזוי איז ער געבליעבען אין א משך פון דורות. און זיין פראנצויז, — א גראבער, ארעמער אבער עכטער פראנצויז, — געהט איבער בירושה מיט דערזעלביגער גראבקייט, ארעמקייט אבער עכטקייט פון דור צו דור.

צוריק איז אפשר קיין פאלק ניט אזוי רייך אין אינסטיטוציאנען, וואס זאלען אבהיטען די אייגענע נאציאנאלע ארט, ווי די מיליאנען דייטשען פון אונזער לאנד. א רייכע פרעסע, א הויך־שטעהענדער טהעאטער, א סיסטעם פון שולען און מיטעל־שולען, ווי צ. ב. די דייטשע גימנאזיעם אין אהייא, א לעהרער־סעמינאר, אן אונגעהייערע צאהל פון געזאנג־פעראיינען און טורן־פעראיינען, אן ארגאניזאציע, וואס פרעדיגט בעוואוסטערהייד די אבהיטונג פון׳ם „דייטשטום“, — צו וועלכער עס געהערט צ. ב. אזא בעדייטענדע פערזענליכקייט, ווי פראפ. מיונסטערבערג פון דער האר־

וואַרד אוניווערזיטעט, — און פון רעסטוועגען הערען ניט אויף אין דער דייטשער פרעסע ד"ר אייביגע קלאָגען, אַז דאָס „דייטשטום" ווערט דאָ פערשוואונדען, פערטרונקען אין דעם אַלגעמיינעם אַמע־ריקאַנישען ים, און אַז די יונגע דורות ווילען גאָר גישט ניט וויסען פון דער דייטשער שפּראַך און דער דייטשער קולטור.

ווידער אַן אַנדער בילד בעווייזט פאַר אונזער אויג דאָס איי־דישע פאָלק. איך האָב געהאַט אין אַן אַנדער אָרט די געלעגענהייט אויסצורעכענען און צו שילדערן די פיער טענדענצען, וואָס קעמ־פפען איצטער פאַר דער נשמה פון דער אידישער בעפעלקערונג אין אַמעריקע און וואָס דרינגען אַלע דורך אין זיין לעבען מיט אַ שטאַר־קער, שווער אָבצושטעלענדער קראַפט : דער סטיכיש־אַסימיליאַטאָ־רישער און דער סטיכיש נאַציאָנאַלער, דער בעוואוסט אַסימיליאַ־טאָרישער און דער בעוואוסט נאַציאָנאַלער.

בעוואוסט אַסימיליאַטאָריש און אַמעריקאַניזירענד ווירקט די אַמעריקאַנער פאָלקס־שול און ווירקען אויך ריין אידישע אַנשטאַל־טען, ווי צ. ב. די „עדיוקיישאָנאַל אַלייענס" פון ניו יאָרק און כמעט אַלע אַנדערע אינסטיטוציאָנען, וואָס ווערען אויפגעהאַלטען פון די דייטשע „יהודים".

בעוואוסט־נאַציאָנאַל קעמפפען פאַר דעם אידישען קיום אין אַמעריקע די יונגע גרופּען פון פּראָגרעסיווע נאַציאָנאַליסטען מיט זייער פרעסע, זייער מינדליכער פּראָפּאַגאַנדאַ, זייערע פעראיינען און זייערע נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע שולען ; ווי יונג די דאָזיגע ריכ־טונג זאָל ניט זיין, קאָן דאָך קיינער איצטער ניט לייקענען, אַז זי האָט שוין בעוויזען איהר שליטה אויף אַ סך מוחות און הערצער פון די פריהערדיגע אַסימיליאַטאָרען און האָט זיך ביז צו אַ געוויסען גראַד אריינגעריסען אויך אין דעם גאַנג פון דעם אידישען לעבען בכלל. צו דערזעלביגער בעוואוסט־נאַציאָנאַלער טענדענץ מוז מען צורעכענען אויך די ארבייט פון די ציוניסטען, דער עיקר אויף אַזוי פיעל, אויף וויפיעל זיי בעדיענען זיך אין זייער פּראָפּאַגאַנדאַ מיט דער אידישער שפּראַך. (העברעאיש — דאַרפט איהר וויסען זיין — האָט ניט אין זיך קיין אַסימיליאַציאָנס־בעקעמפּפענדע קראַפט, ווייל דאָס ווערט ניט גערעדט פון דער אידישער בעפעלקערונג). „דאָס אידישע פאָלק", דער צענטראַל־אָרגאַן פון די ציוניסטען אין

אידיש, מעג ווי שטורעמען אנטקעגען אונזער „זשארגאָן“, אָבער מיט יעדער נומער זיינער, מיט יעדען ווארעמען אויפרוף זיינעם צו דעם אידישען געפיהל, וואָס ער לאָזט ארויס אין אידיש, וועקט ער אויף א קראפט, — דאָס אידישע וואָרט, — וואָס געהט להיפך צו דער אמעריקאַנישער אסימיליאציע.

סטיכיש נאַציאָנאַל ווירקט דאָס אידישע טהעאַטער און דאָס אידישע ליעד, וואָס ווערט געזונגען אין דעם „מיוזיק־האָל“ און אויף אַלע עקען פון די אידישע שטראָסען; ווירקט די אידישע פּרעסע, וועגען וואָס זי זאָל ניט רעדען; ווירקט דאָס אידישע פעראיינס־לעבען; ווירקען לאָדזשען, חברות, „רינגען“, פערבאנדען, אָרדענס; ווירקט ביז צו א געוויסען גראד דער פאמיליען־פערקעהר מיט די אַלטע, „גרינע“ און מיט דער אַלטער, אייביג־גרינער היים אויף יענער זייט ים.

צוריק ווירקען אומבעוואוסט אסימיליאַטאָריש אַלע ווינדען פון דעם אמעריקאַנער דרויסען, וואָס רייסען זיך אריין מיט אזא אונגעהויערען, אומברחמנות׳דיגען, שארפען, קאַלטען און רויהען אימפעט אין אַלע ניט בעשיצטע שפּאַלטען און לעכער פון דעם אידישען לעבען: די גאַס און דאָס גאסען־ליעד, די טאָגעס־שול, דער ביליגער ענגלישער טהעאַטער און דער „מיוזיק־האָל“, די ענגלישע גאסען־פּרעסע, דער פערקעהר מיט די אמעריקאַנער בעהערדען.

אויך האָב איך געהאַט די געלעגענהייט אויפצואווייזען, ווי אזוי די פיער טענדענצען שטויסען זיך צונויף און ברענגען ארויס משונה׳דיגע פּראָדוקטען; ווי אזוי צ. ב. אזא זשורנאַל ווי „דהי מאַקאַביען“ איז לויט זיין בעוואוסטער טענדענץ שארף נאַציאָנאַליסטיש און דורך זיין שפּראך אָבער — אומבעוואוסט אסימיליאַטאָריש; ווי אזוי דער „פאָרווערטס“, אָדער דער „מאָרגען־זשורנאַל“, וואָס זענען לויט זייער קלאָרער, בעוואוסטער טענדענץ דורכאויס אסימיליאַטאָריש, בויען א סטיכיש־נאַציאָנאַלע דערהאַלטונגס־קראַפט, א דאנק דער אידישער שפּראך, וואָס זיי גיסען טאָג־טעגליך אריין אין די מוחות פון די אידישע מאַסען; ווי אזוי דאָס „טאָגעבלאַט“ און די „ווארהייט“ ווירקען סיי דורך זייער בעוואוסטער טענדענץ, סיי דורך דער סטיכישער מאַכט פון דער שפּראך אין א ריין נאַציאָנאַל־אידישען זין.

מען קאן זאגען, אז ביי יעדען פאלק אין אמעריקע, וואס האט געהאט אן אייגענע שפראך און אן אייגענע קולטור אין דער היים, שפיעלט זיך אב דער זעלביגער „קאדריל־טאנץ" פון די פיער גרונד־טענדענצען. אבער יעדעם פאלק טאנצט איהם אויס אויף א פער־שיידענעם אופן און ברענגט ארויס אלע ווילע גאנץ אנדערע „פיגורען".

וואלטען מיר געהאט אזא'ן אינסטרומענט אויף אויסצומעס־טען און קלאר צו בעשטימען די ווירקונג פון דער אמעריקאנער אסימיליאציאן אויף יעדען פאלק אין דער לענג, אין דער ברייט, אין דער טיעף און אין דער פארם פון איהר ארויסטרעט אין לעבען, וואלטען מיר פאר יעדען פאלק בעקומען א גאנץ אנדער בילד, און אפשר אויך מיט גאנץ אנדערע עקספאנענטען פאר יעדען וויכטיגען פונקט.

און ניט נאר פון פאלק צו פאלק וואלט זיך געביטען דאס בילד. אויך ביי איין־און־דעם זעלביגען פאלק, וואלטען מיר ארויסגעפונען גאנץ אנדערע „פיגורען", עס ווענדט זיך אן דעם, אין וואס פאר א געגענד מיר אונטערזוכען איהם. די שוועדען פון ניו־יארק־סטייט וואלטען, אין דעם ליכט פון דער אמעריקאניזאציע, אפשר געהאט א גאנץ אנדער פנים, איידער די שוועדען פון מיננעסאטא, און די דייטשען פון פענסילווייניא אדער אהייא — גאנץ בעשטימט אן אנדער אויסזעהן, איידער די דייטשען פון ניו־יארק סטייט.

און דאס בילד פון דעם „מעלטינג־פאט" איז ניט נאר פער־שיידען פון פאלק צו פאלק און פון געגענד צו געגענד, עס מוז זיך אויך בייטען לויט יענער סאציאלער שיכט פון דעם פאלק, וועלכע מיר אינטערזוכען.

נעהמען מיר, צ. ב., די באלעבאטיש־אידישע וועלט פון ניו־יארק און די אידישע ארבייטער־וועלט פון ניו יארק און שעצען זיי אב אויף דעם גראד און דער טיעף פון דער אסימיליאציאן, וואלטען מיר געהאט פאר אונז צוויי גאנץ פערשיידענע בילדער. דאס רוב פון דער באלעבאטיש־אידישער וועלט איז גאנץ בעשטימט בע־וואוסט־נאציאנאל, אין דער רעליגיעזער אדער דער מאדערן־ציוניס־טישער פארם; דערפאר איז זי אין איהר אויסערען לעבען דורכ־געדרונגען מיט א היבשער פארציע פון אמעריקאניזם. צוריק איז

די אידישע אַרבייטער־וועלט זעהר ווייניג נאַציאָנאַל, כמעט אַמעריקאַניש אין איהרע שטרעבונגען און אידעאַלען, אַבער דערפאַר איז אין דעם לעבען פון דעם אידישען אַרבייטער, אין יעדען ריהר און קעהר זיינעם, אין זיין שפּראַך און אין זיינע זיטען, אין זיין הויזפיהר און אין זיינע פערוויילונגען, דאָס „א י ד י ש ע" אַ סך ריינער דערהאַלטען געוואָרען, איידער אין דער באַלעבאַטישער וועלט.

און אפילו ווען מיר זאָלען פערגלייכען די אַסימילירטעסטע גרופּען פון יעדען פאָלק, די אַמעריקאַניזירטע קינדער פון'ם דריטען ביז'ן פינפטען דור, וועלען מיר אויך דאָ, צו אונזער גרעסטער פערוואונדערונג, געפינען, אַז דער אַמעריקאַניזירטער דייטש איז פערשיידען פון דעם אַמעריקאַניזירטען פראַנצויז און זיי ביידע שיידען זיך אָב פון דעם אַמעריקאַניזירטען אידען. מיט אַנדערע ווערטער הייסט דאָס, אַז פּסיכאָ־פיזיאָלאָגיש און עטנאָ־לאָגיש האָבען מיר נאָך גאָר קיין רעכט ניט אַפילו זיי, אפילו די גאַנץ אַסימילירטע, צו בעטראַכטען, ווי קינדער פון איין און דערזעלביגער עטנישער גרופּע. זיי זענען קינדער פון איין היים, פון איין לאַנד, פון איין פּאָליטישער נאַציע, אָבער בשום אופן ניט פון איין פאָלק אין דעם עטנאָלאָגישען זין פון דעם וואָרט.

וואָלטען מיר געקאָנט מאַכען אַזאַ'ן עקספּערימענט: אוועקשטעלען אַן עכטען אַמעריקאַנער, ד. ה. אַן אור־אור־איניקעל פון יענעם ענגלענדער, וואָס האָט אַרויפגעלעגט זיין שטעמפּעל אויף די אַמעריקאַנישע קולטור און האָט בעשאַפען דעם אַמעריקאַנישען טיפּ, פון איין זייט, און פון דער אַנדערער זייט — אַן עכטען פאַרשטעהער פון אַ וועלכען עס איז פאָלק, וואָס וואוינט אין אַמעריקע, — אַ איד, אַ פּויל, אַ דייטש, — און אין מיטען — דאָס אַסימילירטע, אַמעריקאַניזירטע קינד פון יענעם פאָלק, — לאָז זיין אין פינפטען דור, — וואָלט אַ געלערנטער עטנאָלאָג און פּסיכאָלאָג אין דער גרעסטער צאָהל פון פעלען אויסגעפונען, אַז דער אַמעריקאַניזירטער איד, פּויל אָדער דייטש איז דורך זיין פּסיכאָ־פיזיאָלאָגישער אָרגאַניזאַציע פאַרט אַ סך ענליכער צו דעם אמת'ען איד, פּויל אָדער דייטש, איידער צו דעם אמת'ען אַמעריקאַנער.

סיידען ער שטאַמט אָב פון אַ געמישטער חתונה, וואו איינער פון זיינע עלטערן איז געווען אַ „ריעל עמעריקען". אָבער ווער

האט זיך דאס צו רעכענען מיט אזא'ן אבשטאמונג. ווי פאר א ראליע, מ'שטייגס געזאגט, שפיעלען די געמישטע חתונות אין דעם לעבען פון די פעלקער, אפילו אין אזא לאנד ווי אמעריקע! פערגעסט ניט, אז כדי חתונה צו האבען מיט איינעם דארף מען זיך פריהער מיט איהם בעגעגענען אין דער ג ע ז ע ל ש א פ ט, פיהרען מיט איהם א געמיינזאמען לעבען און ממילא קודם כל האבען די געלעגענהייט צו אזא געמיינשאפטליכען לעבען. האבען דאס אבער די פעלקער פון אמעריקע? איך דארף אייך דאך ניט דערצעהלען, — דאס ווייס יעדערער, — אז די פעלקער אין אמעריקע לעבען יעדעס אין א בעזונדער קווארטאל, פיהרען יעדעס — אין דער גרעסטער צאהל פון פעלען — אן אייגענעם געזעלשאפטליכען לעבען און ממילא מוז „על פי חכמת הסטאטיסטיקע" אויסקומען, אז די יונגע לייט פון איין־און דעם זעלביגען פאלק האבען מעהר שאנסען צו בעגעגענען זיך צווישען זיך, איידער זיך צונויפגעהן מיט די יונגע לייט פון אן אנדער פאלק, און ממילא מוז, על פי דער־זעלביגער חכמה, זיין קלאר, אז די חתונות צווישען די קינדער פון איין פאלק, זיינען דער כלל, בעת די געמישטע חתונות — ניט מעהר ווי אן אויסנאהם. דער אויסנאהם קומט גאנץ אפט פאר אין די העכערע קרייזען פון דער רייכער בורזשואזיע אדער אין די גאר קליינינקע קרייזען פון דער ראדיקאלער אינטעליגענץ, וואו מיטגליעדער פון פערשיידענע נאציאנאליטעטען האבען די געלעגענהייט זיך צונויפצוקומען געזעלשאפטליך. און אזוי ווי מיר, די „געבילדעטע", און דער עיקר די ראדיקאלע, שטאמען פון די דאזיגע קרייזען, דוכט זיך אונז, אז די געמישטע חתונות קומען איבערהויפט זעהר אפט פאר אין אמעריקע. אין דער אמת'ען אבער האבען די גרויסע מאסען דורכאויס זעלטען די געלעגענהייט צו א צווישענפעלקערליכער אויסמישונג אין דעם געזעלשאפטליכען לעבען, — סיידען נאר אויף זייערע פעריפעריען, וואו זיי ליעגען הארט איינער לעבען דעם אנדערן. דער פועל יוצא דערפון איז — די לפי ערך גרויסע זעלטענקייט פון געמישטע חתונות און ממילא אויך דער פאקט, אז אפילו ביי דעם אסימילירטעסטען פון די אסימילירטע מוזען נאך שטעקען אין בלוט אלע ראסען־אייגענטימליכקייטען פון יענעם פאלק, צו וועלכען ער געהערט.

נעהמט מען צונויף אין איינעם אַט די אַלע ערפאַהרונגען: אַז די פעלקער פון אַמעריקע וואוינען דאָס רוב אין בעזונדערע קוואַרטאַלען, אין „גהעטאָס“, — ווען אַפילו די גהעטאָס בייטען זיך אַלע ווײַלע, — אַז אַ געוויסער טייל פון יעדען פאָלק בלייבט דרויסען פון דער אַסימיליאַציע, אַז די אַסימיליאַציע גופא ווירקט אויף די פעלקער ניט אין דעם זעלבינגען גראַד און בעקומט ביי יעדען איינעם אַ גאַנץ פערשיידענעם פּנים; אַז אַפילו די אַסימילירטע און די אַמעריקאַניזירטע האָבען ניט פערלאָרען זייערע ראַסען־אייגענשאַפטען און, — וואָס איז נאָך וויכטיגער, — זייער בעוואוסטזיין, — אַן אַנגענעהמען אָדער ניט קיין אַנגענעהמען, — אַז ער איז ניט פשוט אַן אַמעריקאַנער, נאָר אַ דייטש־אַמעריקאַנער, אַ שווייצער־אַמעריקאַנער, אַן אירלענדער־אַמעריקאַנער, און אַז די געמישטע חתונות מוזען על פּי הכּרך בלייבען אַ ווינציגע אויסנאַהם, — יעמאָלט מוזען מיר קומען צו דעם רעזולטאַט, אַז פון אַן אמת׳ען „מעלטינג־פּאָט“ אין אַמעריקע קאָן נאָך דערווײַלע בשום אופן קיין רייד ניט זיין. און אויב מיר מוזען די אַסימיליאַציאָנס־ערשיינונגען פון די אַמעריקאַנער פעלקער, וואָס קומען איצטער בלי ספק פאָר אין אַ גראַנדיעזען גראַד, דורכאויס פאָרשטעלען אין אַ וועלכען עס איז בילד, וואָלט איך פאָרגעשלאָגען אַן אַנדער פערגלייך, וואָס פּאַסט, ווי מיר דוכט, בעסער צו דעם ענין.

די פעראייניגטע שטאַאטען בילדען איצטער אין בעסטען פאַל אַ גאָרטען, וואו נאָר איין בוים וואַקסט נאָרמאַל אין דער הויך, — דער בוים פון יענע ערשטע אַריבערגעקומענע ענגלענדער, וואָס האָבען בעשאַפען די ניי־ענגלישע (אַמעריקאַנישע) קולטור. די איבעריגע פעלקער זענען אויך בעזונדערע פלאַנצען, וואָס האָבען אָבער פערלאָרען זייער זעלבסטשטענדיגקייט, און פון שטאַרקע ביימער, וואָס וואַקסען אין דער הויך, זענען זיי פערוואַנדעלט געוואָרען אין קריעך־פלאַנצען, וויכע, בויגיגע, גליטשיגע קריעך־פלאַנצען, וואָס שלענגלען זיך אַרום פּאַראַזיטיש אַרום דעם איינציגען שטאָלצען אַמעריקאַנער בוים, אָדער קריכען זיך צונויף אויף דעם באָדען פון דעם גאָרטען און פלאָנטערן זיך צונויף אין איין איינציגען קנויל, אין איין־איינציגען, קוים פאַנאַנדערצופלעכטענדען קאָלטען. ניט קיין „מעלטינג־פּאָט“, וואו אַלע אייגענשאַפטען פון

די פעלקער ווערען צונויפגעשמאָלצען אין איינעם און ברענגען ארויס א נ י י ע ם, נאָך ערגעץ ניט געוועזענעם, עטנאָלאָגישען מענשען־טיפ, איז דאָס איצטיגע אמעריקע, נאָר א פעלקער־קאָלטען, וואו נאָר איין־איינציגער הערשענדער בוים, די ענגליש־אמעריקאַנישע גייסטיגע וועלט, האָט די מעגליכקייט זיך פריי צו ענטוויקלען, בעת אלע אנדערע פעלקער פערליערען זייער קראפט צו א זעלבסט־שטענדיגען גייסטיגען לעבען; זיי ד ע ג ע נ ע ר י ר ע ן צו קריך־פלאַנצען, זיי פערפלאָנטערן זיך צו קנוילען און קאָלטונעס, וואָס מאַכען דעם איינדרוק פון איין־איינציגער, גראָהער, ווייכער און גליטשיגער פלאַנצען־מאַסע, אין וועלכער זיי זענען אלע גלייך נאָר לויט זייער גראָהקייט, ווייכקייט און גליטשיגקייט, ד. ה. לויט די סמנים פון זייער דעגענעראַציע, בעת זייערע פערשיידענקייטען, דאָס וואָס מאַכט יעדעם פאָלק צו א בעזונדער פלאַנץ, איז ניט פער־שוואונדען, נאָר אונטערדריקט, פערהויקערט, אָבגעשטעלט אין דער נאָרמאַלער ווייטערדיגער ענטוויקלונג.

אָבער אויך דער „אידעאַל" פון קריכענדע, גליטשיגע פעלקער־קאָלטענעס, וואָס זאָלען אלע ציהען זייער אָרעמליכע גייסטיגע היונה פון דעם רייכען אמעריקאַנער בוים, איז נאָך לאַנג ניט דער־גרייכט געוואָרען אין דעם אמעריקאַנער לעבען. איך האָב פריהער געזאָגט, אַז אין דעם אמעריקאַנער גאָרטען איז נאָר דאָ איין בוים, וואָס וואַקסט שטאָלץ און נאָרמאַל אין דער הויך, — דער ניי־ענגלי־שער, אָדער דער אמעריקאַנער, בעת אלע אנדערע פעלקער זענען געוואָרען קריכענדע פלאַנצען. דאָס איז אָבער אמת נאָר אין „בעסטען" פאַל, ד. ה. ווען מען בעטראַכט דעם טייל פון די פעל־קער, וואָס זענען שוין אין גאַנצען אמעריקאַניזירט. אָבער די אסימילאַציע איז, ווי איך האָב שוין אויך פריהער בעמערקט, נאָך ווייט ניט דורכגעדרונגען אומעטום און ניט אומעטום אין דעם־זעלבינען גראַד. אין דער רעהם פון אונזער פערגלייך וועט דאָס הייסען, אַז ניט אלע פעלקער זענען שוין אין גאַנצען דערנעהנטערט געוואָרען צו קריך־פלאַנצען. נאָר איינצעלנע צווייגען פון זיי האָ־בען דורכגעמאַכט אזא „באָטאַנישע" מעטאַמאָרפאָזע, בעת אנדערע צווייגען וואַקסען, — אמת, געגנוג פערהויקערטערהייד, — נאָך דעם פריהערדיגען טיפ פון יענעם בוים, צו וועלכען זיי געהערען, און

עס זענען אויך דאָ אין אַמעריקע אַזעלכע יונגע בוימדלעך, מיט אַזוי פיעל פרישע יוגענד־קראַפט, מיט אַזאַ שטאַרקען לעבענס־זאַפט אין זיך, אַז קיין איינציגער צווייג זייערער איז ניט בעפאַלען געוואָרען פון דער „קריכיגער" חלאת און זיי אַלע האָבען בעוויזען דעם נס, צו ענטוויקלען זיך אויף דעם פרייען אַמעריקאַנישען באָדען אין נאָך אַ שטאַרקערען טעמפאָ, איידער זיי וואָלטען דאָס געקאָנט טהאָן אין זייער אַלטער אייראָפּעאישער היים.

איז אייך, צום ביישפּיעל, בעקאַנט דער פאַקט, אַז די ליטהוועניער, איינס פון די עלטעסטע פעלקער אין דער וועלט, וועמעס לשון איז נאָך עד היום אַזוי נאָהענט צו דעם אַלטען סאַנסקריט, פון וועלכען אָדער פון וועמעס עלטערען עס זענען, ווי מען נעהמט אָן, אויסגעוואַקסען אַלע אינדאָ־גערמאַנישע לשונות, — לאַטיין און גריכיש און סלאַוויש און גערמאַניש און ממילא אויך אַלע אייראָפּעאישע לשונות פון היינטיגען טאָג, — אַז אָט דאָס מערקווירדיג פעלקעלע, זאָג איך, האָט נאָר אין אַמעריקע געקאָנט קומען צו זיך, וואו דער גייסטיגער דרוק פון דעם רוס, דעם פּויל און דעם דייטש האָט אויפגעהערט צו לאַסטען אויף איהם, וואו ער האָט געקאָנט אָנהויבען עטהעמען מיט דער פולער ברוסט? ווייסט איהר, אַז די נאַציאָנאַלע ווידערגעבורט פון די ליטהוועניער, — ד. ה. די ווידערגעבורט פון אַ ליטעראַטור און אַ קולטור אין דער ליטהוענישער שפּראַך, — איז שוין אַ פאַקט, מיט וועלכען דאָס פּוילישע פּאָלק האָט זיך שוין לאַנג גענומען רעכענען און די דייטשע און רוסישע רעגיערונגען מוזען זיך שוין רעכענען היינטיגען טאָג? ווייסט איהר, אַז די דאָזיגע ווידערגעבורט איז בעשאַפען געוואָרען אין אַמעריקע, אין דעם רעכטען קאָך פון דעם „מעלטינג־פּאָט"?

און צו דעם זעלביגען קלאַס פון ווידערגעבורטס־ערשיינונגען אויף דעם אַמעריקאַנער באָדען מוז מען בלי ספק צורעכענען אויך אַזעלכע פאַקטען, ווי דאָס אויפבליהען פון דעם אידישען טהעאַטער און דער אידישער פּרעסע צו אַזאַ הויך, וואָס די אייראָפּעאישע אידען קאָנען קוים אָניאָגען. איהר ווייסט אפשר, איך בין ניט קיין גרויסער פריינד, ניט פון דעם איצטיגען אידישען טהעאַטער, ניט פון דער איצטיגער אידישער פּרעסע, מחמת זייער ביידענס איבער־פלעכליכקייט און גייסטיגער אָרעמקייט. זיי זענען, ווי דאָס רוב

פריהדריפע אמעריקאנער פרובטען, וואס ווערען אונטערגעשמיסען אין זייער ענטוויקלונג, כדי זיי זאלען קאנען וואס גיכער ארויס־לויפען אויפ׳ן מארק: גרויס און שעהן אינ׳ם אויסזעהן, אבער איני־ווענינ וואסערדיג, מיט גאר א קליינינקען סמן פון אייגענעם טעם און ריח. אבער פון דעסטוועגען קאן מען בשום אופן ניט אבלייי־קענען די בעדייטונג פון דעם אמעריקאנער אידישען טהעאטער און דער אמעריקאנער אידישער פרעסע פאר די נאציאנאלע ווידער־בעלעבונג פון דעם אידישען פאלק. און דאס האט אונז, אידען, געגעבען די אמעריקאנער פרייהייט.

וואלטען מיר אנגעשטעלט אונזער בליק נאר אויף אזעלכע ערשיינונגען פון פעלקער־בליהונג, וואס קומט פאר אויף דעם אמע־ריקאנער באדען, וואלט גאר אויפ׳ן זין ניט געקאנט ארויפגעהן דער געדאנק פון א „מעלטינג פאט“, אפילו ניט דער געדאנק פון א פעל־קער־קאלטען. אמעריקע וואלט יעמאלט אויסגעוויזען, ווי א גרויסע גערוימע אראנזשערעיע מיט א מאסע לופט און זון, וואו עס בליהען זיך פאנאנדער און וואקסען זיך פאנאנדער יענע פעלקער, וואס האבען אין דער היים געהאט צו ווענינ לופט און זונען־שיין פאר זייער וואקסען און בליהען.

ליידער זענען די דאזיגע ערשיינונגען פון פעלקער־בליהונג זעלטענע אויסנאהמען. די הערשענדע טענדענץ, — דאס מוזען מיר צוגעבען, — איז די אסימיליאציאנס־טענדענץ, דאס שטרעבען צו פערוואנדלען אלע פעלקער אין איין פעלקער־קאלטען און שפע־טער אפשר ברענגען דערצו, אז זיי זאלען זיך אין דעם קאלטען צונויפוואקסען און ארויסברענגען א נייע, נאך ערגעץ ניט געוועזענע פלאנץ.

אבער א זעלטענע אויסנאהם איז שוין אן אויסנאהם, וואס גיט אונז דאס רעכט אוועקצושטעלען די שאלה: פון וועלכע קרעפ־טען ווערט זי ארויסגעבראכט אין לעבען? זענען אפשר די קרעפ־טען, וואס שפייזען זי, נ א ר א י צ ט ע ר אזוי שוואך, אז זיי קאנען ניט צוברעכען די הערשענדע טענדענץ? אפשר ליעגט אין זייער טבע אזוינס, וואס גיט אונז די מעגליכקייט צו גלויבען, אז ביי בע־סערע אומשטענדען, וואס קאנען גרייליך אריינטרעטען אין לעבען, וועלען זיי גובר זיין די הערשענדע טענדענץ, — און די בערג, וואס

האָבען נעהאַלטען ביים פאַנאַנדערפאַלען, וועלען ווידער אַרומגע־נומען ווערען, ווי מיט אייזערנע רייפען, וואָס וועלען זיי גאַראַנ־טירען אַ וויטעדדיגע זיכערע עקזיסטענץ?

כדי צו פערענטפערן די שאלה, וועל איך פריהער פּרובירען קלאָר מאַכען אַן אַנדער שאלה: די אורזאַכען און די קרעפטען, וואָס ברענגען אַרוים די הערשענדע אַסימיליאַציאָנס־טענדענץ, ווייל אין אונזער פאַל איז דער אמת'ער וואונדער, וואָס נויטיגט זיך אין אַ דערקלעהרונג, ניט דער יוצא מן הכלל, נאָר דער כלל אַליין.

דער יוצא מן הכלל, — דער פאַקט, וואָס איינציגע פעלקער אָדער טיילען פון פעלקער קעמפּפען אפילו אין אַמעריקע פאַר די ענטוויקע־לונג פון זייער שפּראַך און קולטור, איז אַ צו איינפאַכע, אַ צו נאַטירליכע ערשיינונג, מיר זאָלען דאַרפען לאַנג זוכען איהר דערקלעהרונג. „פון נאַטור־אויס" ליעבט דער מענש זיין שפּראַך און זיין פאָלק מעהר ווי אַלע אַנדערע שפּראַכען און אַלע אַנדערע פעלקער. יע, „פון נאַטור־אויס", ווייל אין יענעם בינטעל ערשיי־נונגען, וועלכע מיר נעהמען אַרום מיט דעם וואָרט „פּאַטריאָטיזם", — דער ליעבע צו דעם אייגענעם פאָלק, דער אייגענער שפּראַך און דעם אייגענעם לאַנד, — אָדער ריכטיגער צו די מיליאָנען קליינינקע לעבענס־ערשיינונגען, וואָס זענען פערבונדען מיט די דריי גרויסע מאָמענטען: פאָלק, שפּראַך און לאַנד, — ווייל אין זיי, אין אַלע־מען, זאָג איך, שפּיעלט זעהר אַ גרויסע ראָליע דער נאַטירלי־כער פערערבונגס־פּראָצעס, וואָס גיט איבער די ליעבע פון דור צו דור.

די מענשהייט לעבט צוטהיילט אין איינצעלנע פעלקער. און יעדער מענש ווייס, אַז ער געהערט צו אַ בעשטימטען פאָלק, זיין פאָלק, רעדט אַ בעשטימטע שפּראַך, זיין שפּראַך, און וואָהנט אין אַ בעשטימטען לאַנד, זיין לאַנד. אָט דער געדאַנק ווערט אַלע ווייל בענייט, מיט יעדען אָטהעם, וואָס איינער אָטהעמט, מיט יעדען וואָרט, וואָס איינער רעדט אַרויס, ווען אפילו דער געדאַנק שטעהט ניט אַלע מאָל קלאָר פאַר די גייסטיגע אויגען. ער ווערט אַן אונבעוואוסטער אַקקאָמפּאַנימענט צו אַלץ, וואָס איינער טראַכט אין פיהלט. אַזאַ אונגעהויער אָפטע, טיעפע און שטאַרקע אידעען־פערבינדונג, וואָס טרעט אויף אָהן אַ שום ענדערונג פון דור צו דור,

מוז סוף־כל־סוף איבערלאזען איהרע שפורען אין דעם נערווען־און־מארך אפאראט פון יעדען איינעם, — שפורען, וואס טרעטען ארויס ניט ביי אלעמען אין דעם זעלביגען גראד פון קלארקייט און שטארקייט, אבער פון וועלכע קיינער קאן ניט זיין פריי. דאס איז די פסיכא־פיזיאלאגישע גרונדלאגע פון דעם נאטירליכען נאציאנאל־געפיהל.

איך וויל דא, אגב אורחא, בעמערקען, אז די דאזיגע נאטירליכע גרונדלאגע פון דעם נאציאנאלען געפיהל איז נאך ניט קיין בעווייז, אז אזא געפיהל איז א גוטע זאך. די אייגענע מענשליכע נאטור דארף זיך נאך אויך פערענטפערן פאר א העכערען מענשליכען פארום: פאר דעם פארום פון זיין שכל, זיין יושר און זיין אידעאל פון שעהנקייט. אבער אין דער אמת'ען קאן דער נאציאנאל־געפיהל אויסהאלטען די שארפסטע קריטיק פון יענע דריי שטרענגע ריכטער, ווי איך האב דאס בעוויזען אין מיין ארבייט: „דער סאציאליזם און די נאציאנאליטעטען־פראגע“. איך מאך די בעמערקונג פארבייגעהענדיג, ווייל דא האבען מיר נאך ניט צו טהאן מיט דעם, וואס עס זאל זיין, אדער וואס עס זאל ניט זיין. מיר שטודירען לעת־עתה די ערשיינונגען פון דעם פעלקער־לעבען מיט דערזעלביגער אביעקטיוויטעט, מיט וועלכער מיר וואלטען געפארשט אויף דעם געביעט פון געאלאגיע אדער באטאניק.

עס ליעגט, זאג איך, אין דער טבע פון יעדען מענשען צו ליעבען זיין פאלק, זיין שפראך און זיין לאנד. און דארטען, וואו מיר טרעפען אן די דאזיגע טבע, דארף זי אין אונז ניט ארויסרופען קיין פערוואונדערונג. א חדוש איז, וואס מיר געפינען אזוי פיעל ע נ ט א ר ט ו נ ג ע ן אין דעם פרט, אזוי פיעל אויסנאהמען, וואו די טבע ווערט אין גאנצען אבגעשוואכט, פער'חלש'ט, אדער אין גאנצען אבגעשטארבען, אדער, — וואס פאסירט אויך ניט זעלטען, — וואו זי ווערט פערוואנדעלט אין איהר אייגענעם היפך: אין א האס אדער א פעראכטונג צו דעם אייגענעם פאלק, דער אייגענער שפראך, דעם אייגענעם לאנד. אט די ערשיינונגען רופען ארויס אונזער גרעסטע פערוואונדערונג, און זיי דארף מען זעהן קודם כל צו פערשטעהן.

די אפאלאגעטען פון דער אמעריקאנער אסימיליאציע דער־

קלעהרען די ערשיינונג דורך אַ „געזעץ“, אַז וואו עס שטויסען זיך צונויף צוויי קולטורען, דאַרטען מוז די העכערע קולטור תמיד גובר זיין די ניעדעריגערע. און אַזוי ווי די אַמעריקאַנער קולטור שטעהט העכער פאַר דער פון די איראָפּעאישע פעלקער, איז ממילא קלאָר, אַז זי מוז שטענדיג געווינען די אויבערהאַנד איבער זיי.

איך וויל זיך דאָ ניט אָבשטעלען אויף דעם דאָזיגען כלומרשט־דיגען געזעץ און דערקלעהרען זיין ווירקליכע בעדייטונג און זיינע ווירקליכע גרעניצען, אין וועלכע ער האָט זיך אָבגעשפּיעלט אין דער געשיכטע פון דער מענשהייט און שפּיעלט זיך נאָך עד היום אָב אין דעם לעבען פון די פעלקער. איך וויל דאָ נאָר אייך קלאָר מאַכען, אַז די אַמעריקאַנער אַסימיליאַציע ווערט בשום אופן ניט דערקלעהרט אין גאַנצען דורך דעם דאָזיגען „געזעץ“.

ווי זאָלען מיר אייגענטליך זיך פאָרשטעלען די זאַך?

עס קומט צו פאָהרען אַ פּויער פון טיעף־ראַסיי און געפינט ארבייט ערגעץ וואו אין פּענסילווייניע אין אַ קויהלען־גרוב. פאַר־נאַכט, ווען ער קומט פון דער אַרבייט, זעצט ער זיך אַוועק אין דער פינסטער ביי זיך אין קעמערל און טראַכט אַ שווערען געדאַנק: וועלכע קולטור איז אַ העכערע, — די רוסישע, מיט וועלכער עס איז פול זיין נשמה, אָדער די אַמעריקאַנער, וואָס דרינגט אריין אין זיין איצטיגען לעבען? ער לאָזט פאַרבייציהען פאַר זיין גייסטיגען אויג פון איין זייט די שעהנקייט און רייכקייט פון דער רוסישער שפּראַך; פון דער אַנדער זייט — די שעהנקייט און רייכקייט פון דער ענגלישער; פון איין זייט זיין דאָסטאָיעווסקי און מאַקסים גאָרקי, פון דער אַנדערער — די קאָנגגעניאַלע אַמעריקאַנער: פּאָ און דזשעק לאָנדאָן, און פיהלט, אַז די שאָל פון זיין אַלטער קולטור וועגט אַריבער די נייע. ער לעגט אויף זיין שאָל אַרויף זיינע מוזי־קער גלינקאַ, רימסקי־קאָרסאַקאָוו, מוסאָרגסקי, און ער קאָן אַפּילו קיין איין אַמעריקאַנער נאָמען ניט געפינען, וועמען אַרויפצולעגען אויף דער אַמעריקאַנער שאָל. ער פערגלייכט זיינע דענקער: די טשערנישעווסקי, דאָבראָליובאָוו, הערצען, לאַווראָוו, מיכאַילאָווסקי מיט די אַמעריקאַנער: עמערסאָן, דזשעימס, דיואי און ראָיס, און שאָקעלט אין גרויסע ספיקות מיט זיין קודלאַטען קאָפּ, ווייל ער וייס ניט, וועמען איבערצוגעבען די בכורה. און אַזוי טהוט ער

טאג אוים, טאג איין מיט יעדען צווייג פון דער קולטור, מיט יעדען גרויסען נאמען, וואס די רוסען אדער די אמעריקאנער האבען ארויס־געבראכט. ער פערגלייכט די גרויסע מעלות פון דער אמעריקאנער דעמאקראטיע און פרייהייט פון איין זייט מיט די טיעפע חסרונות פון דעם רוסישען דעספאטיזם פון דער אנדערער. ער רעכענט אוים, וויפיעל כאבאר צאהלט איינער דורכשניטליך אין רוסלאנד און וויפיעל אין אמעריקא. מיט א בעזונדערער גענויקייט און פינקטליכקייט וועגט ער אב די מעלות און די חסרונות פון דער רוסישער „וואדקא" לגבי דעם אמעריקאנער „וויהיסקי". און ערשט ווען אט דער גרויסער און פערוויקעלטער פערגלייכונגס־פראצעס איז אבגעשלאסען, ווען ער האט גענוי אבגעוואויגען די מעלות און חסרונות פוןביידע קולטורען, טהוט ער א העפטיגען פאטש מיט דעם לעפעל פון זיין האנד איבער דער שטאל־הארטער קניע: א סוף! ער וויים איצטער אויף זיכער, אז די אמעריקאנער קולטור איז העכער. מהיום והלאה וועט ער מעהר ניט בענקען נאך דער היימישער „וואדקא"; מיט'ן גאנצען הארצען וועט ער זיך איבער־געבען צו דעם אמעריקאנער „וויהיסקי"!

קיין מענשען וועט מען ניט קאנען איינשמועסען, אז אזא אדער אן עהנליכער פראצעס קומט פאר ביי די קינדער פון די אמעריקא־נער פעלקער, בעת זיי ווארפען אוועק זייער אייגענע קולטור און שטעהען צו צו דער אמעריקאנער. עס איז איבערהויפט ניטא קיין אביעקטיווער מאסשטאב, וואס זאל ארויסברענגען אויף קלאר, וועל־כע פון די איצט הערשענדע קולטורען פון דעם אייראפעאיש־אמע־ריקאנישען קולטור־סיסטעם איז א העכערע און וועלכע איז א ניעדע־ריגערע. אפילו ווען מען פערגלייכט די אמעריקאנער קולטור מיט דער רוסישער, מוז ניט אלע מאל קומען די בכורה דער ערשטער. ווער רעדט שוין, אז מען זאל זי וועלען ערנסט א פערגלייך־טהאן מיט דעם קאלאס פון די איצטיגע קולטורען, — מיט דער דייטשער, וואס האט אויף יעדען געביעט פון דעם מענשליכען שאפען ארויס־געבראכט ערשט־קלאסישע זשעניען, וועלכע האבען דערגרייכט די גאר העכסטע שפיצען פון דעם איצטיגען מענשליכען קאנען! און פון דעסטוועגען האבען מיר געזעהן, אז גראד די דייטשען ווערען

מבולבל פון דער אמעריקאנער קולטור, פערליערען דא זייער קרעפ־טיגען שטאם און ארטען דא אויס אין א קריך־פלאנץ.

איך וועל געוויס צוגעבען, אז די מאסען־קולטור פון אמעריקע איז אין אלגעמיין א סך א העכערע, איידער די מאסען־קולטור פון יעדען אנדער פאלק אין יעדער אנדער לאנד. אבער ווער וועט דען זאגען, אז אויך זי איז העכער אין אלע פרטים, און אז די פעלקער נעהמען איבער נאר דאס בעסטע פון איהר און לאזען אן א זייט איהרע חסרונות?

עס קאן זיין, אז אין איניגע פעלען קומט אזא פראצעס באמת פאר. עס קאן זיין, אז אין דער צוקונפט וועט דער דאזיגער פראצעס פון בערייכערן די אייגענע קולטור מיט אלץ, וואס איז קלוג, גערעכט און שעהן אין דער אמעריקאנער קולטור, אננעהמען נאך שטארקערע מאסען. אבער אויב דער דאזיגער זיעג פון העכערע קולטור־ווערטהען איבער ניעדעריגערע וואלט שוין איצטער גע־הערשט אין דעם אמעריקאנער אסימיליאציאנס־פראצעס, וואלטען מיר בשום אופן ניט געהאט ניט קיין מעלטינג־פאט און אויך ניט קיין פעלקער־קאלטען.

איך וויל, איהר זאלט זיך א ביסעל מעהר אויפמערקזאם אב־שטעלען אויף דעם פונקט. טראכט איהר זיך אריין א ביסעל טיע־פער אין דעם ענין, מוז אייך ווערען קלאר, אז אויב די פעלקער וואלטען באמת געוואלט אריבערנעהמען אין זייער לעבען נאר דאס גוטע און גערעכטע און שעהנע פון דער אמעריקאנער קולטור, וואלט יעמאלט יעדעם פאלק בעדארפט מאכען זיין אייגענעם אויסבייט, זיין אייגענעם איבערבוי פון דער קולטור. עס וואלט פון זיין אייגענער קולטור ארויסגעווארפען נאר דאס. שוואכע, שעדליכע, אבגעלעבטע. דערפאר וואלט ער אבער געמוזט לאזען אין איהר דאס געזונדע און שעהנע, דאס, וואס קאן אויסהאלטען א פערגלייך מיט דער אמעריקאנישער און וואס קאן זיך פערענטפערן פאר דעם פארום פון מענשליכען שכל, יושר און שעהנקייט, ד. ה., איבער־לאזען כמעט ווי אומבעריהרט א גאנץ היבשען טייל פון דער איי־גענער קולטורעלער וועלט. אין אזא פאל וואלט דער רוס, צום ביישפיעל, גאנץ געוויס געמוזט אויסווארצלען פון הארצען, לאמיר זאגען, די לאיאליטעט צו דעם צאריזם און די טויזענטער אבער־

בלייבענס פון זיין רעליגיע, אָבער בשום אופן ניט אוועקוואַרפען זיין שעהנע און רייכע שפּראַך, אָבער בשום אופן ניט פערגעסען זיינע פּושקין׳ס און לערמאָנטאָוו׳ס, דאָסטאָיעווסקי׳ס און לאַוראָוו׳ס. סוף־כל־סוף וואָלטען מיר, אין דעם פּראָצעס פון בערייכערן די איינענע קולטור מיט די בעסטע עלעמענטען פון דער אַמעריקאַנער, בעקומען אַ גרויסע צאָהל פון נייע זעלבסטשטענדיגע אַמעריקאַנער קולטורען, — דייטש־אַמעריקאַנישע, פראַנצויז־אַמעריקאַנישע, אידיש־אַמעריקאַנישע, — וואָס וואָלטען יעדע איינע, ווי אַ זעלבסט־שטענדיגער בוים, געוואַקסען אין הימעל אריין און וואָלטען זיך בשום אופן ניט געקאָנט צונויפפּלאָנטערן אין קאָליענעם פון קריך־פּלאַנצען.

ניין! ניט די העכערע קולטור טריאומפירט אין דער אַסימיליאַציאָן פון פעלקער, נאָר די ה ע ר ש ע נ ד ע. איך וויל אייך דערצעהלען אַ קליינינקע מעשה׳לע פון דער אידישער אַסימיליאַציאָן אין גאַליציען, וואָס איליוסטרירט אויסגעצייכענט דעם דאָזיגען „געזעץ“. אין גאַליציען איז אַמאָל די רעגיערונג געווען אין דייטשע הענד און די געבילדעטע געזעלשאַפט איז געווען דורכגעזאַפּט מיט דער דייטשער קולטור. די אידישע פּראָגרעסיווע אינטעליגענץ, — אגב, די אַסימיליאַציאָנס־פעהיגסטע שיכט פון אַלע בעפעלקערונגען פון דער גאַנצער וועלט, — איז, פערשטעהט זיך, צוגעשטאַנען צו דער דייטשער קולטור מיט הארץ און זעל. די געבילדעטע אידען האָבען אויפגעהערט צו זיין אידען און זענען געוואָרען דייטשען. איהר קאָנט זאָגען, דאָס איז דער שעהנסטער בעוויז, אַז די העכערע, די דייטשע קולטור האָט געמוזט ארויסשטופּען די „ניעדריגערע“, די אידישע. אָבער — ציהט־אויף אַ ווייל'ע! דורך אַ פּאָליטישען דרעה איז די רעגיערונג אין גאַליציען איבערגעגאַנגען פון די דייטשען צו די פּוילען. און — וואָס פּאַסירט? די „דייטשען פון דער מאָזאַאישער קאָנפעסיאָן“ זענען איבער אַ נאַכט געוואָרען פּוילען. דעם נ ע ק ס ט ע ן שבת נאָך דעם איבערקעהר האָט דער ראַבינער, וואָס האָט אין דער „דייטשער“ שוהל ביז אהער געפּרעדיגט אין דייטש, שוין גענומען פּרעדיגען אין פּויליש. צו יענעם גאָטעס־דיענסט איז אין דעם טעמפּעל געקומען אויף דער נייער פּוילישער שטאַטהאַלטער פון גאַלי־

ציען און האָט נאָך דער פרעדיגט זעהר שעהן געדאַנקט דעם ראַ־בינער פאַר דער הנאה, וואָס ער האָט איהם פערשאַפט. „אמת, האָט ער געזאָגט, איך האָב פון דער פרעדיגט גאָר נישט פער־שטאַנען, אָבער מיר האָט זיך קיינמאָל ניט געגלויבט, אַז ה ע ב־ר ע א י ש זאָל קלינגען אַזוי שעהן!" — אַזאַ פוילישע איז דאָס געווען...

די מעשה'לע האָט מען מיר דערצעהלט אין לעמבערג, און עס קאָן זיין, אַז זי שטימט ניט אין גאַנצען מיט דעם היסטאָרישען אמת, אָבער — סי נאָן ע וועראָ ע בען טראָוואַטאָ. אַ כאַראַקטע־ריסטישערען אַנעקדאָט קאָן מען כלעבען ניט אויסטראַכטען. ביי־די געבילדעטע אידען פון גאַליציען איז די דייטשע קולטור איבער־אַ־נאַכט איינגעשלונגען געוואָרען פון דער פוילישער, — און, ווער ווייס האָבען די העזה צו זאָגען, אַז די פוילישע קולטור שטעהט העכ־כער פאַר דער דייטשער?

נאָך אַ מאָל! דער סוד פון דער אַסימיליאַציע ליעגט ניט אין דער גבורה פון דער העכערער קולטור, נאָר אין דעם נצחון פון דער ה ע ר ש ע נ ד ע ר. און די הערשענדע קולטור טריאומפירט דער־פאַר, ווייל זי האָט די מאַכט אין די הענד אונטערצוקויפען אַ שוואַ־כע נשמה און איינצושפאַנען זי אין איהר טריאומף־וואַגען. אַ סך, אַ סך אומשטענדען העלפען איהר דאָס צו טהאָן דאָ אין אַמעריקע.

קודם כל פאַהרט אַהערצו דאָס רוב אַ מאַסען־מענש. די סטאַ־טיסטיק בעווייזט, אַז דער פראָצענט פון אינטעליגענטען איז זעהר קליין אין דער אַמעריקאַנער אימיגראַציע. דער מאַסען־מענש האָט אָבער קיין כחות ניט צו פערטיידיגען זיין שפּראַך און זיין קולטור, ווי שטאַרק עס זאָל ביי איהם ניט זיין די נאַטירליכע ליעבע צו זיי. שפּראַך און קולטור זענען צאַרטע פלאַנצען, וואָס פערלאַנגען אַ שטענדיגען אומגאַנג, אַ בעוואוסטען, ליעבע־פולען גידול, ביז זיי קרעפטיגען איין זייערע וואָרצלען אין באָדען, ביז זייער שטאַם גלייכט זיך אויס און קאָן וואַקסען אַליין אין דער הויך. פעלקער אָהן אַן אייגענער אינטעליגענץ האָבען דעריבער זעהר קליינע שאַנ־סען אָבצוהיטען און אויסצוצייטיגען זייער אייגענע קולטור, אויב זי ווערט פערוואָרפען ווי אַ קליינינקער אינזעל אין אַ פרעמדען ים.

אַ חוץ דעם איז ביי דעם מאַסען־מענש די אייגענע שפּראַך און

קולטור פון זעהר אן ארעמען אינהאלט. עס איז צום ביישפיעל בעוויעזען געווארען, אז א סך דייטשע פויערים וויסען פון זייער אייגענער שפראך ניט מעהר, ווי א דריי ביז פינף הונדערט ווער־טער. און וואס קאן ער וויסען פון זיינע לעסינגס און שילערס און געטהעס און קאנטס און העלמהאלץ'ס און וואגנערס, — פון יענע גרויסע בערג־קעיטען, מיט די צאהלרייכע, אייביג גלענצענדע בארג־שפיצען, וואס רופט זיך אן די דייטשע קולטור! דער קולטורעלער האריזאנט פון יעדען מאסען־מענשען איז איינגעוויקעלט אין א געדיכטען נעפעל, וואס לאזט איהם זעהן נאר אן אום־קרייז פון א פוס דריי ארום זיך. און אין יענעם נעפעל בלייבען פאר איהם אויף אייביג פערבארגען זיינע אייגענע גלענצענדע בארג־שפיצען. דער שפאסהאפטער איינפאל, אז א רוסישער פויער זאל קאנען פערגלייכען זיינע דאסטאיעווסקי'ס מיט די אמעריקאנער פאו'ס, איז דעריבער שפאסהאפט, ווייל בפועל קאן גאר דעם רוסישען מוזשיק ניט ארויף אויפ'ן זין אזא פערגלייך: די דאסטאיעווסקי'ס ווי די פאו'ס ליעגען א סך העכער, איידער זיין גייסטיגער האריזאנט. דער איינציגער מאטעריאל צום פערגלייך בעשטעהט אפשר פאר איהם נאר באמת אין דער רוסישער „וואדקא" און דעם אמע־ריקאנער „וויסקי" און עס איז אפשר געווג, אז די „וויסקי" זאל גובר זיין די „וואדקא", כדי די אמעריקאנער קולטור זאל ביי איהם גובר זיין די רוסישע.

און דערצו ווייס נאך גאר ניט דער מאסען־מענש, וואס פאר א רייכען שאץ פון מענשליכען גליק, וואס פאר א שעהנעם, גייס־טיגען, מענשליכען לעבען יעדעס פאלק בעזיצט אין זיין אייגענער קולטור, און איהם קומט גאר ניט ארויף אויפ'ן זין צו שטרעבען נאך יענעם שאץ, ווייל... נו — איך דארף אייך ניט דערקלעהרען, פאר וואס. איהר ווייסט אלע, אזוי גוט ווי איך, אז פאר דער גרעסטער מאיאריטעט פון דער איצטיגער מענשהייט קאן, א דאנק די איצטיגע עקאנאמישע אומשטענדען, נאך גאר ניט שטעהן פאר די אויגען די פראגע וועגען א שעהנעם גייסטיגען מענשליכען לעבען. אלע נערווען פון דער נשמה זיינען אנגעוועהטיגט אויף איין איינצי־גען פונקט: אויף דער דאגה וועגען דעם לעבען איבערהויפט. און אויב ס'איז נוימיג, כדי מעהר אדער ווייניגער גליקליך צו פער־

ענטפערן דעם גרויסען הארטען לעבענס־פּראָבלעם פון דאנת חיונה; אויב ס'איז אין דעם טאָג־טעגליכען קאמפף פאר א שטיקעל טרוקען ברויט נויטיג אין גאנצען אויסצושפּייען די אייגענע נשמה, קאָנט איהר ניט פערלאנגען פון דעם מענשען, דעם אָרעמען בעשעף, ער זאָל זיך מוסר נפש זיין פאר אידעאַלען, וואָס פון זייער ווערטה האָט ער נאָך ניט קיין ברעקעל השגה: ער וועט זיין אייגענע נשמה גאַנץ בעשטימט אויסשפּייען. און אויב אָנשטאָט א שטיקעל טרוקען ברויט, גיט מען נאָך איהם ברויט מיט פּוטער און אויב צו דעם ברויט מיט פּוטער גיסט מען נאָך אריין אין איהם, אין דער לעדיגער כלי, א פּאָר קוואָרט אמעריקאַנער גאַסען־קולטור, — איז שוין גאָר קיין חדוש ניט, וואָס פון דער נאַטירליכער ליעבע צו דער אייגענער שפּראַך און דער אייגענער קולטור, פון דעם נאַטירליכען זעלבסט־ערהאַלטונגס־טריעב, וואָס וואוינט אין יעדען פאָלק, ווי אין יעדען לעבעדיגען מין אויף דער וועלט, בלייבט ביי איהם ניט איבער קיין שפּור, אָדער וואָס זי ווערט אָבגערוקט אזוי ווייט אין א ווינקעל, אז זי ליעגט אפשר ערגעץ וואו א צונויפגעדרעהטע אין דרייען אין דער פאָרם פון אן אָהנמעכטיגער האלב־בעוואוסטער בענקשאַפט נאָך עפּעס א שעהנעם, וואָס איז א מאָל געווען, אָבער וואָס קאָן שוין מעהר ווידער ניט זיין אין זיין לעבען. וואָס ערגער אין איינע־נער קולטור די אריינגעפאָהרענע מאסען זיינען, אלץ לייכטער מוז זיין צו „אמעריקאַניזירען" זיי. מען דאַרף זיי פשוט אונטער־שטעלען אונטער דעם קראַנט פון „אמעריקאַניזאַציע", אָבדרעהען דעם קראַנט און לאָזען זי פליסען ווי אין א לעדיגען צעבער.

די אָבשוואַכונג פון דער קראַפט און דעם ווילען צו אן איינע־נעם נאַציאָנאַלען לעבען איז צונויפגעבונדען ביי די אריינגעפאָה־רענע מאסען נאָך מיט אן אנדער זעהר וויכטיגען מאָמענט. די טיילען פון א פאָלק, וואָס קומען צו פאָהרען אהער אין אמעריקע, קומען ניט ווי טיילען פון א פאָלק, וואָס זוכען א פרייען פלאַץ, וואו צו לעבען, ווי א פאָלק; זיי קומען ווי איינ־צעלנע אינדיווידוען, וואָס האָבען קודם כל אין זינען זייער אייגענע אינדיווידועלע עקזיסטענץ.

א ביישפּיעל וועט אונז קלאָר מאַכען, וואָס פאַר א בעדייטונג דאָס האָט פאַר אונזער ענין.

שטעלט אייך פאר, אז א וועלכע עס איז טעררעסטרישע קאַ־טאַסטראָפע וואָלט פערניכטעט — זאָל גאָט אויסהיטען! — דעם גרעסטען טייל פון דעם דייטשען לאַנד און דעם דייטשען פאָלק, — עס נעהמט דורך א שוידער, ווען מען דענקט, וואָס פאַר אַן אומגליק דאָס וואָלט געווען פאַר דער מענשהייט! — און דער קליינער איבערבלייב פון דעם דייטשען שטאַם, ניט צאָהלרייכער איידער די דייטשען אין אמעריקא, וואָלטען געדאַרפט פערלאָזען דאָס לאַנד און זוכען זיך אַן אַנדער היים, ווייל די אַלטע היים שטעהט אין סכנות אין גאַנצען צו פערשווינדען. גלויבט איהר ניט, אז די דעפוטאַטען זייערע, וואָס וואָלטען געקומען צו אונז פיהרען מיט אונזער רעגיערונג פערהאַנדלונגען וועגען אַבטרעטען זיי אַ שטיקעל פרייע ערד פון אונזער גרויסען לאַנד, וואָלטען געזעהן צו פערוואַ־רענען זיך אַזוי, אז זייער דייטשע קולטור, וועמען א גרויזאַמער שיקזאַל האט ארויסגעשלעפט דעם באָדען פון אונטער די פיס, זאָל קאָנען פריי און מעכטיג ווייטער בליהען אונטער דעם אמעריקאַנער הימעל? גלויבט איהר ניט, אז דאָס גאַנצע אמעריקאַנער פאָלק וואָלט מיט אָפענע אָרעמס אויפגענומען דעם איבערבלייב פון דער גרויסער דייטשער נאַציע, וואָלט זיי אָנגעוויזען דאָס בעסטע פון דעם ניטבעזעצטען לאַנד, מיט דעם איינציגען תנאי, פערשטעהט זיך, אז זיי זאָלען פאָליטיש ווערען א טייל פון דער אמעריקאַ־נער נאַציע, אז זיי זאָלען, ווי אַלע אמעריקאַנער בירגער, זיין מיט׳ן גאַנצען הארצען איבערגעבען צו די אמעריקאַנער פרייהייטס־אינ־סטיטוציאָנען? גאַנץ געוויס, וואָלטען די דייטשען געזוכט אזעלכע לעבענס־בעדינגונגען, וואָס זאָלען ניט שטעלען אין סכנה דעם וואַקסטום פון זייער קולטור, און גאַנץ געוויס וואָלטען די פער־איינינגטע שטאַאַטען גאָר נישט ניט געהאַט אַנטקעגען דעם, אז דאָס דייטשע פאָלק זאָל בלייבען אַ פאָלק, אַ טייל פון דער אמעריקאַנער פאָליטישער נאַציע, און ווייטער בערייכערן די מענשהייט מיט די וואונדערפולע פראָדוקטען פון זיין דייטשען זשעניע.

דער זעלבסט־ערהאַלטונגס־טריעב פון דעם דייטשען פאָלק און דער רעספעקט פון דעם אמעריקאַנער צו דעם דאָזיגען זעלבסט־ערהאַלטונגס־טריעב וואָלטען ארויסגעבראַכט יענעם גרויסהערציגען, מענשליכען אָבמאַך. אָבער דער נאַציאָנאַלער זעלבסט־ערהאַל־

טונגס־טריעב שלאָפט ביי יעדען אינדיווידיאום יעמאָלט, ווען די עקזיסטענץ פון זיין פאָלק שטעהט ניט אין סכנה. דער דייטשער אינדיווידואום, וואָס פערלאָזט איצטער זיין לאַנד, ווייס גאַנץ גוט, אַז זיין פאָלק בלייבט אין גאַנצען, אַז זיין קולטור וועט בליהען אויך אָהן איהם; אַז נאָר איהם, דעם אינדיווידואום, האָט געטראָפען דער א ו מ ג ל י ק, וואָס ער מוז פערלאָזען זיין אייגענע היים, זיינע ליעבע בערג און טהאָלען, וועלדער און פעלדער און זיך לאָזען וואַנדערן אין דער פרעמד. ער נעהמט דאָס אויף, ווי אַ ביטערען גורל און — לאָזט זיך טרייסטען מיט וואָס ער קאָן. ער ווייס, אַז ער נעהט אין די פרעמד; ער ווייס, אַז אין דער פרעמד איז ניט ער, נאָר דער פרעמדער דער ב אַ ל ע ב אָ ס, אַז „אין אַ פרעמדען מאָנאַסטיר טרעט מען ניט אריין מיט אַן אייגענעם שולחן־ערוך“, ווי דער רוס זאָגט, אָדער אַז „וועמעס ברויט איך עס, יענעמס ליעד איך זינג“, ווי דאָס איז מסביר דער טייטש.

עס קאָן זיין, אַז די שוואַכע איבערגעבענקייט צו דער אייגע־נער קולטור, וואָס מיר געפינען דאָ ביי די דייטשען, איז אַ פּועל־יוצא פון זייער שטאַרקער נאַציאָנאַלער זיכערהייט, פון זייער בע־וואוסטזיין, אַז קיין שד און קיין קאַטאַסטראָפע אין דער וועלט קאָן ניט אויסראָטען זייער מעכטיגען, בליהענדען שטאַם אין דער היים און אַז דאָס דייטשטום קאָן אַ ברעקעל ניט פערליערען, ווען אפילו אַ פּאָר מיליאָן דייטש־אַמעריקאַנער זאָלען פערטרונקען ווערען אין דעם אַמעריקאַנער ים; עס קאָן זיין, אַז גראָד דערפאַר זענען דאָ די פוילען, און די פינלענדער, און די וועלשען, און די ליטהוועניער, לפי ערך, אַזוי איבערגעבען צו זייער אייגענער קולטור, ווייל זיי פ י ה ל ע ן, אַז אין דער היים איז זי אויך ניט אין גאַנצען זיכער מיט איהר עקזיסטענץ. דער נאַציאָנאַלער זעלבסט־ערהאַלטונגס־טריעב איז ביי זיי אַ סך אויפגערודערטער, איידער ביי דעם דייטשען, ווייל זיי פיהלען, אַז מיט יעדעם נייעם אינזעלע, וואָס זיי בעשאַפען פאַר זייער קולטור, פערשטאַרקען זיי איהר לעבענס־קראַפט, איהר זיין אויף דער ליכטיגער וועלט.

אָבער — ווי געזאָגט, דאָס שפּיעל פון דעם זעלבסט־ערהאַל־טונגס־טריעב ביי די פעלקער אַמעריקאַ׳ס איז נאָך דערוויל אַן אויסנאַהם. דערווייל קומט אהער נאָר דער אינדיווידואום, ווי אַן

אינדיווידואום, וואס זוכט חיונה און וואס ווייס, אז ער וועט דארפען אויסבייטען זיין נשמה אויף די נשמה פון דעם הערשענדען באלאבאס, ווייל „וועמעס ברויט איך עס, יענעמס ליעד איך זינג“.

און ווען ער קומט אהער, גיט איהם דער הערשענדער באלאבאס גאנץ קלאר צו פערשטעהן, אז ער האט ניט געמאכט קיין טעות אין זיין חשבון. דער הערשענדער גייסט פון דעם איצטיגען אמעריקאנער לעבען פערלאנגט, אז דער איינגעוואנדערטער זאל זיך אבזאגען פון זיין אייגענעם פאלק און זיך אין גאנצען צונויפגיסען מיט דעם אמעריקאנישען. און אויב ער קאן דאס ניט דורכפיהרען אין גאנצען אין זיין אייגענעם לעבען, אויב ער האט ניט אין זיך די קראפט און די צופאסונגס־פעהיגקייט, זיך אין גאנצען „אויסצוגרינען“, אין גאנצען אויסשפייען זיין אייגענע נשמה, איז לאז ער לכל הפחות ניט שטערען זיינע קינדער אין זייער „נאטירליכער“ אמעריקאניזאציע.

דאס גאנצע סיסטעם פון דער אפיציעלער פאלקס־ערציהונג, וועלכע אמעריקא האט אויפגעבויט, האט נאר איין ציעל אין זין, וואס גיכער צו אמעריקאניזירען דעם גרינעם יונגען דור. די נאטירליכע אויפגאבע פון יעדער געזונטער פעדאגאגיק — אויסצובילדען פרייע, שטאלצע זעלבסט־שטענדיגע אינדיווידועןן, פאנאנדערצואוויקלען אין זיי אלע כחות פון דעם גוף און דער נשמה און געבען זיי די מעגליכקייט אליין אויסצוקלייבען יענעם לעבענס־אידעאל, וואס וועט זיי געפעלען בעסער פאר אלע, — אט די נאטירליכע אויפגאבע ווערט אין גאנצען אבגערוקט אן א זייט און אנשטאט איהר ווערט ארויסגערוקט אן אנדער ציעל — די אויס־בילדונג פון אמעריקאנער בירגער, פון הייסע פאטריאטען, וואס זאלען גלויבען, אז העכער, איידער אמעריקע, אדער אמעריקאנישע קולטור קאן גאר אויף דער וועלט ניט זיין; אז פון אלע לענדער איז דאס בעסטע לאנד — די פעראייניגטע שטאאטען; פון אלע שפראכען איז די שעהנסטע שפראך — ענגליש, — א שאד נאר, וואס זי רופט זיך ענגליש און ניט „יונייטעד־סטייטס“; פון אלע פאליטישע און סאציאלע אינסטיטוציאנען זענען די גערעכטעסטע די אמעריקאנישע; פון אלע מענשליכע העלדען פערדיענען די גרעסטע בעוואונדערונג נאר די העלדען פון דער אמעריקאנער נע־

שיבטע, — דאָס איז אייגענטליך דער גרונד־געדאַנק, וואָס ווערט אריינגעפּומפּט אין די יונגע מוחות פון דעם גרינעם דור. און דאָס ווערט געטהאָן אויף א ריין מעכאַנישען אופן, פאר אַלע קינדער פון אַלע פעלקער אויף דעמזעלביגען שטייגער.

די אַמעריקאַנער פאָלקס־שול פּראָדוצירט פון אַלע פעלקער איין איינציגע ארט „דעזיירעבל עמעריקענס" (געווינשטע אַמעריקאַנער), ווי די פלייש־פאבריקען פּראָדוצירען „דעזיירעבל" פראַנקפורטער וואורשטלעך. מען נעהמט פלייש פון כל המינים, צומאַלט עס אין דער מאשין צו א גלייכאַרטיגער, ווייכער, גליטשיגער מאַסע און מען שטאָפּט עס נאָך דעם אריין אין לעדיגע הייטלעך. פון איין זייט מאשין דרעהט מען און פון דער אנדערער שיטען זיך וואורשטלעך אָהן א צאָהל, אַלע פון דערזעלביגער גרויס, דערזעלביגער פארב און דעמזעלביגען טעם און ריח.

און האנד אין האנד מיט אָט דעם קלאָר אויסגעשפּראָכענעם אַמעריקאַנער שאָוויניזם געהט אריין אין די יונגע מוחות און הערצער א ביטערער האַס און א טיעפע פעראכטונג צו אַלץ, וואָס איז ניט אַמעריקאַניש, צו אַלץ, וואָס די עלטערן — די גרינהאָרנס — האָבען מיטגעבראַכט פון דער פרעמד: צו זייער שפּראַך, זייערע זיטען און מנהגים, זייער בליק אויף די ציעלען און די אידעאַלען פון דעם מענשליכען זיין.

דאָס אָבזאָגען זיך פון דער אייגענער קולטור, פון דער אייגענער פאָלקס־געשיכטע מיט איהרע העלדען און איהרע מענשליך־גרויסע טהאַטען ווערט אין אַמעריקא פערלייכטערט אויך דורך יענער לעבענס־אַנשויאונג, וואָס האָט אין די לעצטע פאָר דורות כמעט אין גאַנצען דורכגעדרונגען דאָס אַמעריקאַנער לעבען. פון פיעלע ווערט זי אָנגערופען „מאַטעריאַליזם" און „דאָלאַריזם". זי דאַרף אָבער ריכטיגער הייסען: „אינדוסטריאַליזם" און „סוקסעסיזם".

ס'איז ליידער אונמעגליך פאר מיר איצטער אריינצולאָזען זיך באריכות אין א דערקלעהרונג, ווי אזוי די דאָזיגע לעבענס־אַנשויאונג איז דאָ אויסגעוואַקסען אין די לעצטע פאָר דורות און אין וואָס בעשטעהט זיין ריכטיגער מהות. לאָזט מיך נאָר בקיצור זאָגען,

אז איך גלויב איבערהויפט ניט אין „מאטעריע“, ניט ווי אין א פרינציפ פון נאטור־וויסענשאפטליכע דערקלעהרונג, ניט ווי א פרינציפ, וואס זאל דערקלעהרען געזעלשאפטליכע ערשיינונגען.

ווי דער פילאסאפישער מאטעריאליזם אין דער נאטור־וויסענשאפט, אזוי איז אויך דער פראקטישער מאטעריאליזם פון דעם געזעלשאפטליכען לעבען, אין תוך אריין, אן אידעאליזם, וואס האט פערלארען דעם קאפ, פערבלאנדזשעט פון וועג און פערקראכען „קיין בויבעריק“. עס איז דעריבער א גרויסער טעות, ווען מען מיינט, אז די נשמה פון דעם „דאלאריסטישען“ אידעאל בעשטעהט נאר אין דעם יאגען זיך נאך דעם דאלאר און נאך יענע מאטעריעלע הנאות פון דעם לעבען, וועלכע מען קאן פאר דעם דאלאר קויפען.

נעהמט צ. ב. אזא מענשען ווי דער פערשטארבענער מיליאנער ראדזשערס פון דער „סטענדערד איל קאמפאני“, וואס האט איבערגעלאזען נאך זיך א ירושה פון איבער זעכציג מיליאן דאלאר. ער האט געפונען א פריה־צייטיגען טויט דערפאר, ווייל ער האט ניט געפאלגט די דאקטוירים, וואס האבען געפאדערט, ער זאל וועניגסטענס אויף א פאר וואכען אוועקגעהן פון זיינע געשעפטען און אויסהיילען דעם צוריעטען מצב פון זיין געזונד. טריי צו זיין מיסיע „מאכען־געלד“ איז ער געשטארבען א כמעט־העלדישען טויט, ווי א סאלדאט אויף דעם שלאכט־פעלד, האבענדיג נאר איינס אין זינען, ווי אזוי צו פערגרעסערען זיין אזוי שוין קאלאסאלען פערמעגען. טראכט זיך אריין א ביסעל טיעפער אין דעם זין פון א ראדזשערס׳ לעבען און שאפען און איהר וועט צו דער עהרע פון דער מענשליכער נאטור געפינען, אז אפילו אין אזא „מאנעי־מעקינג מעשין“, ווי דער פערשטארבענער ראדזשערס איז געוועזען, האט ערגעץ וואו געגליהט א פונק פון יענער משוגעת, פון יענער, לאזט מיך זאגען, הייליגער משוגעת, וואס כאראקטעריזירט יעדען אמת׳ען אידעאליזם.

אנזאמלען גרויסע רייכטימער איז פאר דאס רוב אמעריקאנער אן א י ד ע א ל, א מין רעליגיע, וואס פערלאנגט קרבנות פון דעם, וואס דיענט איהר. און דער, וואס איז בעקאנט מיט דער געשיכטע פון די מענשליכע אידעאלען אין דעם סוף אכטצעהנטען און דעם אנהויב ניינצעהנטען יאהרהונדערט, וועט זיך ניט וואונ־

דערן, וואָס אַזאַ אידעאַל האָט גראָד געמוזט אויסוואַקסען אין אַמע־ריקע.

אין איינעם מיט דעם אויפבליהען פון דער וועלטליכער קולטור אין איהר קאַמפּף אַנטקעגען דער רעליגיעזער מאַכט, וואָס האָט געזעהן דאָס העכסטע לעבענס־ציעל אין די דאגות וועגען אַ יענער־וועלט מיט אַ לעבען נאָכ'ן טויט אין גן־עדן אָדער גיהנים, האָט געמוזט אויך אויפבליהען אַ ריין וועלטליכער לעבענס־אידעאַל, וואָס זאָל דאָס העכסטע ציעל פון דעם מענשענ'ס לעבען זעהן אין דער בעהערשונג פון די נאַטור־קרעפטען און אין דער פּראָדוקציאָן פון מאַטעריעלע גיטער. „אינדוסטריאַליזם“ קאָן מען אַ נאָמען געבען אָט די נייע ריכטונג פון דעם מענשענ'ס שאַפען און שטרעבען.

אָבער אין אייראָפּאַ האָט דער אינדוסטריאַליסטישער לעבענס־בליק קיין מאָל ניט געקאָנט ווערען אין גאַנצען דער הערשענדער, אַפילו ווען ביי דער מיטעל־אַלטערליכער, ריין רעליגיעזער לעבענס־אַנשויאונג איז איבערגעבראָכען געוואָרען דער חוט השדרה. אַ חוץ דעם רעליגיעזען אידעאַל האָט אין איהר געהערשט דער מילי־טערישער אידעאַל פון רוים און דער גריעכישער אידעאַל פון „קאַ־לאָקאַגאַטיא“, דעם האַרמאָנישען אויסבילדען פון דער מענשליכער נשמה, וואָס זוכט איהר גליק אין דעם פרייען שפּיעל פון די אייגענע העכערע מענשליכע קרעפטען.

דער „מיליטאַריזם“ און דער „הומאַניזם“, — ווי דער ווידער־בעלעבטער גריעכישער אידעאַל האָט זיך גערופען, — האָט געהאַל־טען אין געוויסע גרעניצען דעם ניי־אויפגעקומענעם אינדוסטריאַ־ליסטישען אידעאַל, צו וועלכען עס איז צוגעשטאַנען קודם כל דאָס בירגערטום.

עס קאָן זיין, אַז דער אינדוסטריאַליזם האָט דאָרטען ניט גע־קאָנט אין גאַנצען גובר זיין זיינע קאָנקורענטען, ווייל דאָס בירגער־טום האָט ניט געקאָנט אין גאַנצען אויסראָטען פון לעבען די מאַכט פון דער מיליטעריש־פעאָדאַלער אַריסטאָקראַטיע.

ווי די מעשה איז, אין אַמעריקע איז דאָס געוואָרען אַנדערש.

אמעריקע איז דאס איינציגע לאנד, וואס איז פריי פון א מיליטערישער און א פעאדאלער אריסטאקראטיע. זי איז בירגערליך דורך און דורך. זי, און נאר זי, האט — אפשר דער־פאר גופא — געקענט אריינגעהמען אין זיך אדער ארויסברענגען פון זיך דעם ריין־בירגערליכען געדאנק, אז די גרויס פון א פאלק ווערט בעשטימט ניט דורך זיינע נצחונות אויף דעם שלאכטפעלד איבער די איבעריגע פעלקער, אפילו ניט אין די עראבערונגען, וואס א פאלק מאכט אויף די פעלדער פון דער אינטעלעקטועלער און עסטהעטישער קולטור, נאר אין דעם גראד פון פאלקס־רייכטום, וועלכען א פאלק דערגרייכט אויף דעם פעלד פון זיין אינדוסטריע און האנדעל. די עקאנאמישע אוצרות קאנען אנגעזאמעלט ווערען,— אזוי לערנט דערזעלביגער בירגערליכער שטאנדפונקט, — נאר דורך דעם עקאנאמישען קאמפף פון די אינדיווידוען צווישען זיך, און מוזען בלייבען אונטער דער קאנטראלע פון יענע אינדיווידוען, וואס האבען זיי דורך זייער קאמפף געוואונען.

ווי איהר זעהט, איז אפילו דער ריינער „דאלאריזם“ אויך א רעזולטאט פון א געוויסער גרויסער אידעע, וואס האט צו א גע־וויסער צייט געמוזט אויסוואקסען ביי דער מענשהייט און וואס האט געקאנט פערווירקליכט ווערען אין לעבען אין איהר לאגישער ריינקייט נאר ביי דעם אמעריקאנער פאלק.

בעטראכט מען דעם דאלאריזם אין דער פילאסאפישער בעלייכטונג, אין וועלכער קארל מארקס האט אוועקגעשטעלט דעם פראגרעס פון דעם געזעלשאפטליכען לעבען, קאן מען לייכט בעווייזען, אז דער גרויסער וועלט־בעוועגענדער אידעאל פון דעם בירגערטום — די שטייגערונג פון דעם פאלקס־רייכטום דורך דעם עקאנאמישען קאמפף פון די אינדיווידוען צווישען זיך און די אינדיווידועלע קאנטראלע איבער די מיטלען און די געצייג פון דער געזעלשאפטליכער פראדוקציאן, — אז אט די גראנדיעזע אידעע איז פון איהר זייט אויך ניט מעהר ווי א נויטווענדיגער פועל־יוצא פון נאך א סך א גראנדיעזערען פראצעס אין דער גאנצער געשיכטע פון דער מענשהייט — דער ענטוויקעלונג פון די פראדוקטיוו־קרעפטען און דעם בעהערשונגס־קאמפף, וואס דער מענש פיהרט אנטקעגען דער נאטור. פון דעם שטאנדפונקט איז קלאר ווי דער

טאָג, אז דער „דאָלאַריזם" איז אין תוך אריין עפּעס מעהר און עפּעס א וויכטיגערע זאַך, איידער דעם אינדיווידואום'ס יאָגען זיך נאָך די קויפליכע הנאות פון דעם איצטיגען לעבען.

ער איז דער אויסדרוק פון דעם א י נ ד ו ס ט ר י א ל י ז ם, יענעם שטריך אין דעם מענשליכען פּראָטרעסיווען גערא־נק, וואָס האָט אָבגעקעהרט דעם מענשענ'ס זין פון די עולם־הבאָ'ס און יענע־וועלטיגע דאגות, פון די גיהנים'ס און גן־עדן'ס נאָכ'ן טויט, און צוגעווענדט זיין טראַכטען און זאָרגען צו די מאַטעריעלע גי־טער פון דער ערד, צו דעם גרויסען פּראָבלעם, ווי אזוי צו בעהער־שען די כחות פון דער נאַטור און מיט זייער הילף אַרויסברענגען וואָס מעהר גשמיות'דיגע, מיט די הענד אָנצוטאַפּענדיגע חפצים, וואָס זענען נויטיג פאַר דעם לעבען פון דער מענשהייט.

ערגעץ איז דער אידעאַל פון א י נ ד ו ס ט ר י א ל י ז ם ניט אַרויסגעקריסטאַליזירט געוואָרען אַזוי קלאָר און ריין, ווי אין דעם אַמעריקאַנער לעבענס־אידעאַל און אין דער אַמעריקאַנער טאָג־טעגליכער פּראַקטיק.

מען דאַרף אָבער נישט פערגעסען, אז אויך דאָ האָט זיך דעם מענשענ'ס נאַטור ניט געלאָזט אין גאַנצען איינשפּאַנען אין דעם דיענסט פון דער מאַטעריעלער פּראָדוקציאָן. ווי הויך דער אַמע־ריקאַנער זאָל ניט שעצען איינעם'ס נצחונות אויף דעם פעלד פון אינדוסטריע און האַנדעל, — נצחונות, וואָס דריקען זיך אויס אין דער סומע „דאָלאַרס", וואָס איינער קאָן אַרויסשלאָגען פון זיין אונטערנעהמונגס־גייסט, — גיט דאָך דער אַמעריקאַנער צו, אז מען קאָן זיין „סוקסעספול" אויך אויף געביעטען, וואָס זענען ניט דירעקט פערבונדען מיט מאַטעריעלע עשירות. א „סוקסעס", ד. ה. אן ערפאָלג, איז אויך דער, וואָס געווינט מ א כ ט איבער זיינע מיט־מענשען און קאָן אויף זיי בעווייזען די קראַפט פון זיין ווי־לען; און „געקרוינט מיט סוקסעס" איז אויך יענעם'ס ארבייט, וואָס פערשאַפט איהם א קלינגענדען נאָמען.

געלד, מאַכט, א קלינגענדער נאָמען,—דאָס זענען די דריי פונ־דאַמענטאַלע ציעלען, וועלכע דער אַמעריקאַנער לעבענס־אידעאַל,

בעהערשט פון דעם ריינעם אינדוסטריאליזם, שטעלט אוועק פאר יעדען אייגצעלנעם.

עס ליעגט אין דער נאטור פון אזא אידעאל, אז אין זיין ליכט־שיין מוזען אין גאנצען פערטונקעלט ווערען די אזוי אנגערופענע „העכערע" קולטורעלע ווערטהען פון א פאלק, בעשאפען אויף די אזוי אנגערופענע אידעאליסטישע צווייגען פון דעם מענשליכען ווירקען : די פערטיעפונג אין די מיסטעריען פון דער נאטור און אין די נאך פערבארגענערע סודות פון דער מענשליכער נשמה צו־ליעב קיין אנדער זאך, ווי נאר צוליעב די בעפריעדיגונג פון דעם מענשענ'ס וויסענס־דראנג ; דאס זיך ארייגלעבען און ארייגוועבען אין די געדאנקען פון די מענשליכע דענקער, אין די שעהנהייטס־אידעאלען און אין דער געפיהלס־סימפאניע פון דער מענשהייט'ס דיכטער, אין די עטישע פאדערונגען פון איהרע רעפארמאטארען און נביאים. פון דעם שטאנדפונקט פון „סוקסעסיזם" קאנען די אלע זאכען ניט האבען קיין אייגענעם אינוועניגסטען ווערטה, אויב זיי זיינען ניט ביכולת איינעם צו פערשאפען געלד אדער מאכט אדער א קלינגענדען נאמען. און אויב דורך אנדערע זאכען, — דורך פראדוקציאן פון פרויען־היט, שפיעל־קארטען אדער וויסקי, — דורך דעמאגאגישע פראזען אויף די וואהל־פערזאמלונגען, — דורך די געשיקטקייט און קראפט איינעם צו צובלוטיגען אין א פרייז־פייט, — קאן מען גיכער דערגרייכען דעם „סוקסעס" אין געלד, מאכט און בעריהמטקייט, איז געוויס ניטא קיין גרונד, פאר וואס מען זאל מאכען אזא וועזען פון די העכערע קולטורעלע ווער־טהען אין וויסענשאפט, פילאזאפיע, פאעזיע, קונסט און אין דעם שטרעבען צו מאראלישער פאלקאמענהייט אין דעם אינדיווידועלען און דעם סאציאלען לעבען.

די אידעאלען פון „אינדוסטריאליזם" און „סוקסעסיזם" בע־וועגען זיך אויף אזעלכע געביעטען, וואו די בעשאפונגס־קראפט פון דער מענשהייט דריקט זיך אוים כמעט ביי אלע פעלקער אויף איין און דערזעלביגער ארט ; וואו דער שכל, ריכטיג אנגעווענדעט, מוז ביי אלעמען ארויסברענגען די זעלביגע רעזולטאטען, ווי אין דער מאטעמאטיק און אין דער נאטור־וויסענשאפט, און וואו די לײדענשאפטען, וואס ווערען אויפגעפלאקערט אין דער מענשליכער

ברוסט, — האָב־זוכט, הערשער־זוכט, רוהם־זוכט, — זענען צו עלעמענטאַר, אין זיי זאָל קאָנען ארויסטרעטען א וועלכע עס איז וויכטיגע אינדיווידועלע און ממילא אויך נאַציאָנאַלע פערשיידענ־קייט. אין דער ממשלה פון דעם „סוקסעסיזם" איז, ווי אין זיין פאָלקאָמענעם היפּך, דעם הימעלס־רייך, ניטאָ קיין נפקא מיניה צווישען דעם „העלענער" און דעם "יודעער". אלע מענשען ווערען בעטראַכט ווי גלייכע עקזעמפּליאַרען פון איין־און דעם־זעלביגען מין מענש, — דעם מין, וואָס שטרעבט נאָך רייכטום, מאַכט און בע־ריהמטקייט.

אין א גייסטיגער אטמאָספערע, וואָס איז דורכגעדרונגען מיט די אידעען פון „אינדוסטריאַליזם" און „סוקסעסיזם", איז ניטאָ קיין פּלאַץ פאר א העכערע ווערטשעצונג פון נאַציאָנאַלע אייגענטימ־ליכקייטען.

אויף אזא'ן אופן געפינען מיר, אז די ערשיינונג פון דעם „מעלטינג פּאָט" אָדער, ריכטיגער, פון די פעלקער־קאָלטענעס, איז אין דעם אמעריקאַנער לעבען ארויסגעבראַכט געוואָרען פון עטליכע אורזאַכען: איינמאָל איז דאָס די ניעדעריגע קולטור פון די מאַסען, וואָס קומען אהער, זייער לעדיגקייט פון א וועלכער עס איז קולטור־רעלער אטמאָספערע, וואָס זאָל זיצען טיעף אין זייער נשמה און וואָס זאָל שטרעבען צו א פרייער ענטוויקעלונג. דערנאָך איז דאָס דער פאַקט, וואָס די קינדער פון א פאָלק קומען אהער ווי אינדי־ווידועןן, ניט ווי טיילען פון א פאָלק. דערנאָך קומט דער אינדוסט־ריאַליסטישער לעבענס־אידעאַל פון דעם אמעריקאַנער מיט זיין אָב־גאָט, דעם „סוקסעס", וואָס פערטויבט אין זיין געפילדער אלע שטימען פון דער נשמה און ווירקט אויף יעדען איינעם מיט דער קראַפט פון א היפּנאָז, און צום סוף איז דאָס די הערשענדע מאַכט, דער אמעריקאַנער שאָוויניזם, וואָס קאָן זיך ניט פאָרשטעלען קיין העכערע און בעסערע קולטור־אַרט, איידער זיין אייגענע, און וואָס בויט אוים אלע זיינע שטאַאַטליכע און געזעלשאַפטליכע אינסטיטו־ציאָנען אזוי, אז דעם „סוקסעס" זאָל קאָנען דערגרייכען נאָר דער, וואָס האָט זיך דורך־און־דורך אמעריקאַניזירט.

עס פרעגט זיך איצטער: מוזען די אלע אורזאַכען אלע מאָל בלייבען ווי זיי זענען איצטער? איז אפשר מעגליך, אז די טענ־

דענצען, וואס ליעגען אויף זייער גרונט, זאלען זיך אין גאנצען איבערבייטען און ממילא ארויסרופען אין דער אמעריקאנער געזעל־שאפט א גאנץ אנדער שטעלונג צו דעם מעלטינג־פאט? קאנען מיר אפשר אין דעם לעבען גופא שוין איצטער בעמערקען א צייל פון טרעפטען, וואס ארבייטען אויף יענעם איבערבייט?

# צוויי פאַרלעזונגען וועגען די צוקונפט פון די פעלקער אין אמעריקאַ

## צווייטע פאַרלעזונג

### די פעראייניגטע פעלקער פון די פעראייניגטע שטאַאטען.

אין מיין פאַריגער פאַרלעזונג זענען מיר בעקאַנט געוואָרען מיט יענע גרונד־טענדענצען, וואָס רופען אַרויס די אַסימיליאַציע ביי די פעלקער פון אַמעריקע.

מיר האָבען געפונען, אַז מען האָט נאָך קיין רעכט ניט צו רעדען פון אַ ווירקליכער צונויפשמעלצונג פון אַלע פעלקער צו איין פאָלק; דערווייליג איז אַמעריקע אַ נאַציאָן, וואָס בעשטעהט, ווי צ. ב. די שווייצערישע און די רוסישע, פון אַ סך פערשיידענע איינצעל־פעלקער. נאָך מעהר, עס איז אפשר נאָך צו פריה צו רעדען פון אַ צונויפשמעלץ־פּראָצעס, אין וועלכען עס ווערען צו־נויפגעגאָסען אין איינעם די וויכטיגערע טיילען פון די וויכטיגסטע פעלקער. דאָס, וואָס מען רופט אָן „מעלטינג פּאַט“, איז, ווען מען בעטראַכט עס אַ ביסעל גרינדליכער און טיעפער, ניט אַן אַמאַלגאַמירונג פון איינצעלנע פאָלקס־טיילען צו איין עטנאָלאָ־גישען אָרגאַניזם, ווי דאָס איז צ. ב. געווען דער פאַל מיט יענע נאָרמאַנישע און אַנגלאָ־סאַקסישע פעלקער־טיילען, וואָס האָבען אַרויסגעבראַכט די ענגלישע ראַסע.

דאָ, אין אַמעריקע, שפּיעלט זיך איצטער אָב אַ גאַנץ אַנדער פּראָצעס, וואָס זיין רעזולטאַט איז ניט קיין נייע איינהייטליכע ראַסע אין פעלקער־פּסיכאָלאָגישען זין, נאָר עפּעס אַזוינס, וואָס קאָן בעסער אָנגערופען ווערען: „אַ קאָלטען פון קריעכפּלאַנצען“. די איינצעל־פעלקער פערליערען ניט זייער אינווענינסטען עטני־שען און פּסיכאָ־פיזיאָלאָגישען עצם, נאָר זיי ווערען אָבגעשוואַכט

אין זייער קראַפט צו וואַקסען ווי זעלבסט־שטענדיגע בוימער אין דער הויך. זיי דעגענערירען צו „קריעך־פלאַנצען". איין טייל ווינדעט זיך אַרום, ווי אַ פּאַראַזיטען־פלאַנץ — אין דעם קולטור־היסטאָרישען זין פון דעם וואָרט — אַרום דעם איינציגען, שטאַרק און מעכטיג אין דער הויך וואַקסענדען בוים, אַרום דער אַמעריקאַנער קולטור. אַנדערע טיילען ווידער ווינדען זיך איינס אַרום דעם אַנדערן און פלעכטען זיך צונויף אויף דער ערד אין איין גרויען קנויל, וואָס לעבט קולטורעל נאָר פון יענעם ביסעל זאַפט, וועלכען זיינע פּאַראַזיטישע טיילען פיהרען איהם צו. ווידער אַנדערע בלייבען דרויסען פון דער אַמעריקאַנער קולטור־אַטמאָספערע, ווענדען אָן זייערע אָבגעשוואַכטע כחות צו וואַקסען זעלבסט־שטענדיג אין דער הויך און קעמפּפען אַ ביטערען גייס־טיגען קאַמפּף פאַר אַ ביסעל לופט און זונען־שיין.

מיר זענען אויך בעקאַנט געוואָרען מיט יענע גרונד־קרעפטען, וואָס רופען אַרויס אין לעבען די „קריעך־פלאַנץ"־טענדענץ.

דאָס איז אין ערשטער ליניע דער קלאָר אויסגעשפּראָכענער ווילען פון דעם באַלאַבאָס פון לאַנד, אַז אַלע קינדער פון דעם לאַנד זאָלען בעקומען איין פּנים און אַז דער פּנים זאָל דוקא זיין זיינער: זיי אַלע דאַרפען פערליערען זייער אייגענע אָריגינאַליטעט און אויסזעהן ווי ער, אין שפּראַך און קולטור, אין זיטען און מנהגים, אין דעם לעבענס־פיהר און דעם לעבענס־ציעל. דער ווילען פון דעם לאַנד־באַלאַבאָס ווערט ביי איהם פערשטאַרקט דורך זיין איצטיגען לעבענס־אידעאַל, דעם אינדוסטריאַליזם, אָדער „סוקסעסיזם", אָדער גאָר פּראָזאאיש: דאָלאַריזם, וואָס קאָן זיך ניט פאָרשטעלען, מענשען זאָלען זיין אינטערעסירט אין אַזעלכע „נאַרישקייטען", ווי די ליעבע צו דער אייגענער פּאָעזיע, צו דער אייגענער שפּראַך אָדער צו אַ בעשטימטען אַרט לעבען. האָבען ערפאָלג און מאַכען אַ דאָלאַר קאָן מען לייכטער און שנעלער פאַר אַלץ, ווען מען פּאַסט זיך אַריין אין דער דרויסענדיגער אַמעריקאַנער סביבה און דערי־בער — אַוועק מיט די אַלטע גרינע זאַבאַבאָנעס פון יענער זייט ים! עס זאָל לעבען דער אַמעריקאַניזם! דער אַמעריקאַניזם ווערט אויף אַן „אינדוסטריעלען", „מאַשינאָוועז" אופן דורכגעפיהרט „פער דאַמפּף" אין די פאָלקס־שולען און אין די ערציהונגס־אַנשטאַלטען,

וואו מען זוכט, דורך א קונציג־אויסגעארבייטען שאבלאן, צו אונ־טערדריקען די גייסטיגע אינדיווידואליטעט פון א וועלכען עס איז פאלק.

די פעלקער וויעדער, וואס וואנדערן אריין אין דאס לאנד, קומער אהער דאס רוב ווי איינצעל־אינדיווידוען, מיט איין דאגה אין קאפ, ווי אזוי צו מאכען א לעבען. אויב זיי האבען אן אינ־סטינקטיווע ליעבע צו זייער אייגענער קולטור און שפראך, רוהט זי ערגעץ־וואו אומבעוואוסט אין דער נשמה, רופט ארויס אן אונ־קלארע בענקשאפט נאך א טונקעל־געפיהלטען אידעאל, וואס האט ניט די קראפט ארויסצוטרעטען אין קאמפף פאר זיין פערווירקלי־כונג אין לעבען. אגב האבען די איינגעוואנדערטע פעלקער זעהר ווייניג פון זייער אייגענער היימישער קולטור אין זיך. די נשמה איז ניט דורכאויס אנגעפילט מיט איהם. דאס רוב איז זי כמעט אין גאנצען לעדיג פון יעדער קולטור און דעריבער איז ניט שווער אונטערצושטעלען זי אונטער דעם קראנט פון אמעריקאניזאציע, אבדרעהען איהם און לאזען זי אויסגיסען זיך אהין, ווי אין א לעדיגען צעבער.

וואקסט איצטער אויס די שאלה: זענען אט די אלע טענ־דענצען אייביג? מוזען זיי אנהאלטען אזוי לאנג, ביז פון די פעל־קער וועט באמת ניט בלייבען קיין זכר? מוז דער „מעלטינג־פאט“ זיין זייער צוקונפט אין אמעריקע און קיין אנדער אויסוועג איז פאר זיי ניטא? אדער אפשר הויבען זיך אן צו בעמערקען אין דעם לעבען אנדערע טענדענצען, וואס געהען להיפך צו די פריהערדיגע, וואס קאנען אבשטעלען זייער ווירקונג, א דרעה־טהאן די אמעריקאנער ענטוויקעלונג אין אן אנדער ריכטונג און ארויסברענגען גאר אן אנדער זאך, איידער דער „מעלטינג פאט“? אפשר איז גאר די פעראייניגטע שטאאטען בעשערט צו בעוויזען דער וועלט די וואונדערבארע ערשיינונג פון **פעראייניגטע פעלקער** אין איין נאציאן, וואס העלפען ברידערליך איינע די אנדערע אין זייער בליהען און וואקסען, וואס היטען אב מיט געמיינזאמע כחות, ווי א שווארץ־אפעל פון אויג, די גרוים און די פרייהייט פון זייער אלעמענס לאנד, ווייל זיין גרוים און זיין פריי־

הייט איז דער ערשטער בעדינג פאַר זייער יעדענס גרויס, פאַר זייער יעדענס פרייע ענטוויקעלונג?

וואוהין קאָן טראָגען דער שטראָם פון דעם אַמעריקאַנער לעבען: צו אַן אַלגעמיינעם צימעס פון דעם „מעלטינג פאָט", וואו יעדער אינדיווידועלער שטריך פון דעם פאָלק ווערט אויסגעלאָשען, אָדער — צו דער פעלקער־פערברידערונג, וואו יעדער פאָלקס־אינדיווידואַליטעט ווארפט זיך פאַנאַנדער און ברענגט ארויס אויף דער ליכטיגער שיין אַלע רייכטימער, מיט וועלכע איהר נשמה איז גע־בענשט פון דער נאַטור?

דאָס מוזען מיר איצטער בעטראַכטען.

לאָמיר אָנהויבען מיט דעם באַלאַבאָס פון דעם לאַנד און יע־נעם לעבענס־בליק, וואָס הערשט איצטער ביי איהם.

מען דאַרף ניט זיין קיין צו טיעפער בעאָבאַכטער פון דעם אַמעריקאַנער לעבען, כדי צו בעמערקען, אַז די איינזייטיגע הער־שאַפט פון דעם אינדוסטריאַליזם, פון דעם סוקסעס־גאָט הויבט אָן צו פערשווינדען. נייע ווינדען וועהען איצטער אין אַמעריקאַ, פריהלינג־ווינדען. קלאָר ווערט ארויסגערעדט דער געדאַנק, אַז דער שטאַאט דאַרף האָבען אין אויג ניט דעם שוץ פון דער אינ־דוסטריע, נאָר דעם שוץ פון דעם מענשען. איך וויל דאָ מיך ניט אריינלאָזען אין אַ חקירה וועגען די אורזאַכען, וואָס האָבען ארויס־גערופען אזא ראַדיקאַלען איבערבייט אין די אַנשויאונגען פון אַ סך, אַ סך אַמעריקאַנישע טהוערס; אויך וויל איך ניט אונטער־זוכען, אויף וויפיעל ערנסט און טיעף די פיהרער פון דער נייער בעוועגונג פערשטעהען זייערע אייגענע לאָזונגען. פאַר אונז איז גענוג דער פאַקט, אַז אזא בעוועגונג האָט זיך אריינגעריסען אין דעם אַמעריקאַנער לעבען.

פריהער האָט מסתמא דער נייער אידעאַל אַ לאַנגע צייט גע־גליהט אונטער דער אַש פון דעם אַלטען און נאָר וועניגע האָבען געשפירט, אַז אַ נייער קוואַל פון וואַרעמקייט און ליכט זאַמעלט זיך אָן ביסלעכווייז אין דער אַמעריקאַנער נשמה. אָבער, הפנים, אַז זיינע פלאַמען האָבען שוין גענומען שלאָגען גאַנץ הויך און שטאַרק, אויב קלוגע פאָליטיקער געפינען דעם מוטה צו פערבינדען זייער פערזענליכען ערפאָלג מיט דעם גורל פון דעם נייעם אידעאַל. דאָס

בעוויזט זייער גלויבען, אז דער נייער לעבענס־בליק האט אלע שאנסען צו געפינען אן אבקלאנג אין די הערצער פון דער גרויסער מאיאריטעט.

און איהר דארפט וויסען, אז פאר אונזער ענין האט דער אידעאליסטישער גלויבען פון א פראקטישען אמעריקאנער פאליטיקער א סך א גרעסערע וואג, איידער דאס וואלט געהאט דער גלויבען פון א פשוט'ען אידעאליסט. ביי דעם אידעאליסט איז ער קיין וואונדער ניט און ער קאן זיין א רעזולטאט פון יענע צויבער־חלומות, וועלכע זיין נשמה שפינט איהם אויס אין איהר בענקשאפט נאך א רייכערען מענשליכען לעבען. דער פראקטישער אמעריקאנער פאליטיקער איז אבער, — וועניגסטענס, ביז איצט, — געוועזען פריי פון צויבער־חלומות, און אויב אויך זיין נשמה הויבט אן זעהן זעהונגען אויפ'ן וואהר, איז דאס גאנץ געוויס א קלארער סמן, אז ער פיהלט, ווי אין לעבען איז אויסגעוואקסען א מאכט, מיט וועלכער עס לוינט זיך צו פערבינדען.

איהר שטויסט אייך מסתמא אן, ווען איך האב דא אין זין. איך רעד דא וועגען יענע פאליטיקער, וואס האבען בעשאפען די נייע גרויסע פארטיי אין דעם אמעריקאנער פאליטישען לעבען, די אזוי אנגערופענע „נאציאנאל־פראגרעסיווע", און געוויס דארף איך אייך ניט דערקלעהרען, אז איך בין בשום אופן ניט קיין אנ־הענגער פון אט דער נייער פארטיי. עס איז פאר קיינעם קיין סוד ניט, אז דאס בעסטע פון איהרע סאציאל־פאליטישע פאדע־רונגען האט זי אריבערגענומען פון אונזער סאציאליסטישען פראג־גראם, און אונז וואונדערט א ברעקעל ניט איהר איידעלקייט און בעשיידענקייט, מיט וועלכע זי האט פאר אונז דארטען פארט אי־בערגעלאזען דאס בעסטע. איך נעהם די „נאציאנאל־פראגרע־סיווע" פארטיי, ווי א סימפטאם פון יענעם אינוועניגסטען אי־בערבייט, וואס קומט איצטער פאר אין דעם עפענטליכען געוויסען פון די אמעריקאנער. לאז זיין, אז ביי א סך פון איהרע אפיציעלע פיהרער קלינגט די נייע אידעאליסטישע שטים ניט גאנץ ריין, נאר צונויפגעמישט מיט ניט גאר קיין אנגענעהמע „אויבער־טענער". מען טאר אבער פארט ניט פערגעסען, אז צו איהר זענען צוגע־שטאנען א סך באמת עהרליכע און אידעאליסטישע נאטורען, וואס

האָבען זיך ביז אַהער געשטיקט אין דער אַטמאָספּערע פון דעם הערשענדען „דאָלאַריזם“. און וויפיעל פון זיי זענען פּאָליטיש געבליעבען דרויסען פון איהר! אויך ביי די „אַלטע“ פּאַרטייען געהט איצטער אָן אַ העפטיגער געהרונגס־פּראָצעס, אויך דאָרטען פאָרמירט זיך אין שטילען אַן אַרמעע, וואָס האָט אָנגעשריעבען אויף איהר פאָהן דעם נייעם קריעגס־לאָזונג: „הומאַניזם קאָנטרא דאָלאַריזם“! „די אידעאַלען פון דעם מענשען אַנטקעגען די אינ־טערעסען פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן“.

עס קאָן ניט זיין איצטער מיין אויפגאַבע, אַריינצולאָזען זיך אין אַן אָבשעצונג פון דעם, וואָס אַזוינס די נייע פּראָגרעסיווע שטרעמונג קאָן אויפטהאָן פאַר דאָס פאָלק אין די גרעניצען פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. פאַר די, וואָס האָבען אַריינ־געבליקט אַ ביסעל טיעפער אין די סאָציאַל־פּאָליטישע פּראָבלעמען פון אונזער צייט, איז ניט נויטיג צו דערקלעהרען, פאַרוואָס די אמת'ע פערווירקליכונג אין לעבען פון הומאַניזם, פון מענשליכע אידעאַלען, פון דעם פּשוט'ען מענשליכען יושר קאָן מען ניט ער־וואַרטען פון פּאַרטייען און שטרעמונגען, וואָס ציטערן אָנצוגרייפען די וואָרצעל פון די וויכטיגסטע סאָציאַלע צרות, דעם קאַ־פּיטאַליזם אַליין. אָבער אויב די ניי־אויסגעוואַקסענע פּראָגרע־סיווע עלעמענטען פון דעם לאַנד וועלען זיין לפּחות אַזוי ראַדיקאַל אין זייערע אַנשויאונגען, אַזוי ערנסט אין זייערע שטרעבונגען, ווי די בעסטע בירגערליך־ראַדיקאַלע פּאַרטייען פון אייראָפּאַ, האָבען זיי פאַר זיך אַ גרויס פעלד פון טהעטיגקייט, וואָס דאַרף על פּי יושר בעאַרבייט ווערען דער עיקר פון זיי: דעם אויסבוי פון דער פּאָליטישער פרייהייט.

יע, אויך די פעראייניגטע שטאַאַטען, די בעריהמטע דעמאָ־קראַטישע רעפּובליק, איז נאָך גאַנץ ווייט פון אמת'ער דעמאָקראַ־טישער פרייהייט, ניט קוקענדיג אויף אַלע איהרע קאָנסטיטוציאָ־נעלע גאַראַנטיען. אַזוי ווייט, אַז אין אייניגע פּונקטען שטעהט זי אַ סך הינטער דער ענגלישער מאָנאַרכיע, שוין ניט צו פער־גלייכען מיט דער שווייצערישער רעפּובליק. דאָס קומט ניט דער־פון, וואָס די פּאָליטישע גרונד־געזעצען פונ'ם לאַנד זענען ווענינ פּראָגרעסיוו. אדרבא, אויפ'ן פּאַפּיער האָבען מיר איינע פון די

פריינעמטע קאָנסטיטוציאָנען. עס איז אָן אַנדער צרה מיט איהר. אויף דעם אָרגאַניזם פון דער אַמעריקאַנער פרייהייט זיצט שוין פון לאַנג אָן אַ ספחות, וואָס האָט זיך איינגעזויגען אין איהר לייב, זויגט פון איהר אויס איהרע לעבענס־כחות און ווערט פעט פון איהר בלוט. דאָס איז די פּאָליטישע קאָררופּציאָן, די פאָלשטענדיגע צולאָזענקייט פון די הערשענדע פּאַרטייען, וואָס שפּאַנען איין דאָס פרייע פאָלק אין דעם טריאומף־וואָגען פון זייערע פריוואטע אינטערעסען. גראָד אין די וויכטיגסטע, פייערליכסטע מאָמענטען פון דעם לעבען, ווען דער אַמעריקאַנער בירגער ווערט גערופען אויסצוזעצען זיך אויף זיין כסא־המלכות און צו נעהמען דעם סצעפּטער פון זיין סוּוועראַנער מאַכט אין די הענד, — גראָד אין די צייטען פון די וואַהלען קומט פאָר יענע וואונדערליכע פּאַסירונג, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר דאָס גרעסטע רעטענים אין דעם פּאָליטישען לעבען פון אונזער לאַנד : דאָס פאָלק, ווי אַ גוט איינגעדרעסירט פערדעלע, לויפט מיט דעם ערשטען קלונג פון דעם סיגנאַל־גלאָק, גלייך אין די אַלאָבליעס פון דער פּאָליטישער פּאַרטיי־מאַשין, שטופּט אריין זיין קאָפּ אין דעם יאָך און כאַפּט פריידיג די אייזערנע צוים אין מויל אַריין. איך רעד דאָ ניט פון יענעם טרויעריגען פאַקט, וואָס קומט פאָר אומעדום אין אַלע פּאַרלאַמענטאַרישע לענדער, וואו דאָס פאָלק קלייבט אויס זיינע אייגענע בעדריקער פאַר באַלאַבאַטים אויף זיך, און וואו ער טהוט דאָס אין עהרליכער אונוויסענהייט, אין דעם עהרליכען תמימות'דיגען גלויבען, אַז זיינע בעדריקער זיינען זיינע בעפרייער. איך האָב דאָ אין זינען די ספּעציעל אַמעריקאַנישע קרענק, וואָס אַ דאַנק איהר איז אויך אַ גרויסער טייל פון דעם פאָלק פּאָליטיש צופוילט, און וואָס ער פערקויפט פאַר אַ ביסעל לינזען זיין מאַכט צו מענשען, אין וועמעס עהרליכקייט ער גלויבט אַליין ניט. פ ע ר ק ו י פ ט, אָדער נאָך ערגער, שענקט זי אין גאַנצען אַוועק אומזיסט צו דעם „פּאָליטישען".

דער „פּ אָ ל י ט י ש ע ן !" דאָס וואָרט אַליין, אין זיין ווירקליכען אויסטייטש, כאַראַקטעריזירט בעסער איידער אַלץ די געזונקענע מדרגה פון דער פּאָליטישער קולטור אין אַמעריקע. „פּאָליטישען" איז אייגענטליך דער טייטש : „אַ פּאָליטישער טהוער".

אין יעדען לאנד ווערט דער נאמען בעטראכט, ווי אן עהרענהאפ־טער טיטעל, און די פאליטישע טהועריי — ווי די בכבוד'סטע, חשוב'סטע בעשעפטיגונג. איך רעד שוין ניט וועגען אזעלכע לענדער, ווי רוסלאנד, וואו די פאליטישע ארבייט איז אפט פער־בונדען מיט העלדישקייט און מסירת נפש, וואו דער פרייהייטס־קאמפף ציהט צו ווי א מאגנעט צו זיך די איידעלסטע און בעסטע זיהן פון דעם לאנד. אפילו אין לענדער, וואו דער פאליטישער קאמפף פון די פארטייען שפיעלט זיך אב אין רוהיגערע און פריעד־ליכערע פארמען, אויך דארטען איז די פאליטיק איינע פון די העכסטע, אויב ניט די גאר העכסטע, ארט פון עפענטליכער טהע־טיגקייט. יעדע פארטיי, אנגעהויבען פון די גאר קאנסערוואטיווע אדער אויסגעשפראכען רעאקציאנערע ביז צו די רעוואליוציא־נערסטע סאציאליסטען, — קאן אנווייזען אויף א צייל פאליטישע טהוערס, — „פאליטישענס“, — וואס רופען ארויס די גרעסטע אכטונג ביי דעם גאנצען פאלק פאר זייער עהרליכער איבערגעבענ־הייט צו זייערע פאליטישע איבערצייגונגען און אפטמאל פאר זייער וויכטיגער קולטורעלער ארבייט, גראד אויף אנדערע ניט־פאליטישע פעלדער. קיינעם וועט ניט ארויף אויפ'ן זין צו בע־שולדיגען דעם קאטוילישען רעאקציאנער ווינדהארסט, אדער דעם ליבעראלען פראפעסאר ווירכאוו, אדער דעם סאציאליסט פאול זינ־גער, אז פאליטיק איז פאר זיי געווען א „ביזנעס“, א געלד־גע־שעפט, ווי יעדער אנדערער מסחר, וואס דארף ארייננארען צו זיך דעם קונה. און זיי זענען ניט געווען קיין אויסנאהם אין דעם פאל. דער כלל איז, אז דער פאליטישער טהוער אין אייראפא, פון די פיהרענדע שטעלען ביז אראב צו דעם לאקאלען ארגאניזאטאר און פראפאגאנדיסט, איז פערזענליך אן עהרליכער מענש, וואס גלויבט תמימות'דיג אין דעם פראגראם פון זיין פארטיי, ווען אפילו זיין פראגראם זאל זיין אויפגעבויט אויף די ערגסטע עולות פון אונזער שטאנדפונקט און זאל פערטיידיגען די שעדליכסטע פריווילעגיעס פון די הערשענדע קלאסען.

דער „קאריעריסט“, וואס בעטראכט די פאליטישע ארבייט, ווי א בעשטימטע פראפעסיע, איז אן אויסנאהם אין אייראפא. ער זוכט פאר אין די ניעדעריגע און מיטלערע שטעלען פון דער אר־

גאַניזאַציע, און אויך דאָ מוז ער טיעף ביי זיך אין האַרצען פערבאַרגען זיין גלייכגילטיגקייט צו די פּאָליטישע פּרינציפּען, וועלכע ער פערטיידיגט. ווייל טאָמער ווערט קלאָר פאַר דער עפענטליכער מיינונג פון זיין פּאַרטיי, אַז ער דיענט איהר נאָר צוליעב אייגענע עגאָאיסטישע אינטערעסען, אַז איהר גלויבען איז איהם אין עצם גאַנץ פרעמד, אַזוי וועלען איהם ניט העלפען די שעהנסטע טאַלאַנטען און די גלענצענדסטע פעהיגקייטען: ער וועט מוזען גרויסגעשטויסען ווערען פון איהר. און אַפילו אין די ערגסטע יעלען, — ווי צ. ב. אין דעם פּאַל ב ר י אַ ן אין פראַנקרייך, — יאו אַ רעוואָליוציאָנערער סאָציאַליסט האָט פערראַטען זיין פריהערדיגע פּאַרטיי און האָט זיך אריינגעוואָרפען אין די ברייטאָפענע אָרעמס פון דער בורזשואַזיע, האָט ער וועגען זיין „איבערבייט אין די אַנשויאונגען" געמוזט זיך עפענטליך פערענטפערן. און דער פּאַל „בריאַן" איז דאָך באמת אַן אויסנאַהם־פּאַל און אַלע אַקטען וועגען איהם זענען דאָך נאָך ניט אָבגעשלאָסען. וויפיעל יענען נאָך פאַרהאַן עד היום מענשען, וואָס גלויבען, אַז זיינע נייע, מעהר אָדער ווייניגער רעאַקציאָנערע אַנשויאונגען, זענען געוואָרען ביי איהם אַן ערנסטער גלויבען; אַז אויב עגאָאיסטישע מאָטיווען האָבען געשפּיעלט אַ ראָליע אין זיין נייער פּאָליטישער טהעטיגקייט, האָבען זיי ניט אין גאַנצען פערנומען זיין האַרץ; און אַז אויך אין אָט די מאָטיווען האָט העכער פאַר אַלץ געקלונגען פאַר איהם די דאָרשט נאָך מ אַ כ ט און ר ו ה ם, כדי ע ר, בריאַן, זאָל פערטיידיגען די עקזיסטענץ פון דער רעפּובליק אַנטקעגען איהרע רעאַקציאָנערע פיינד און פערזיכערן איהר די פרייע אינווענינסטע ענטוויקעלונג.

גאַנץ אַנדערש איז אַמעריקאַ. דאָ איז דאָס וואָרט: „פּאָליטישען", — אַ טיטעל, מיט וועלכען מען האָט אומעטום אַ רעכט שטאָלץ צו זיין, — כמעט ווי אַ בעליידיגונג, כמעט ווי אַ זידעלוואָרט. מיט פּאָליטיק בעשעפטיגט מען זיך „פּראָפעסיאָנעל", צוליעב פרנסה. די גרויסע פּאָליטישע פּאַרטייען האָבען ניט קיין פּרינציפּען, אָדער זייערע פּרינציפּען האָבען קיין ברעקעל שייכות ניט צו זייער טהעטיגקייט און צו זייער אינווענינסטען גלויבען. אַ מוירפּי און אַ ברייען קאָנען ביידע געהערען צו דער דעמאָקראַ־

טישער פּאַרטיי. אַ באַרנעס און אַ לאָפּאָלעט צו די רעפּובליקאַנער. וואָס די פּאַרטיי וויל, איז נאָר צו געווינען די שטימען פון פאָלק, אַריינצוכאַפּען אין איהרע הענד די פעטסטע און וויכטיגסטע שטעלען אין דער מאַשינעריע פון דעם שטאַאט, און אויסנוצען זי צוליעב די אינטערעסען, גאָר פּשוט, פון גאַנץ בעשטימטע פּערזאָנען און גרופּען, — אפילו ניט אין די אינטערעסען פון אַ בעשטימטען קלאַס. און אַזוי ווי אין דער דעמאָקראַטישער פּאָליטיק אין אַמעריקע הענגט אין לעצטער ליניע אַלץ אָב פון דעם וואַהל־רעזולטאַט ביי דעם שטים־קאַסטען, איז די אויפגאַבע פון דעם „פּאָליטישען", — פון דעם העכסטען ביז צו דעם קלענסטען, — זעהן אַרויסברענגען דעם געווינשטען וואַהל־רעזולטאַט אין קאָמונע, שטאַאט און לאַנד. אַלע מיטלען זענען דערצו דערלויבט, ביז צו אונטערקויפען שטימען אָדער אַרויס'גנב'ענען זיי פון דעם שטים־קאַסטען.

ביז צו דער לעצטער צייט איז זעלטען אין לאַנד פאָרגעקומען אַ וואַהל, ביי וועלכער די הערשענדע פּאַרטיי אָדער פּאַרטייען זאָלען ניט האָבען בעגאַנגען קרימינעלע פערברעכען אין דעם וואַהל־פּראָצעס, ניט קוקענדיג, וואָס די דאָזיגע פערברעכענס ווערען „על פּי געזעץ" זעהר שווער בעשטראָפט. דער „פּאָליטישען" איז דער, וואָס מאַכט די דאָזיגע פערברעכענס, אָדער אָרדערט זיי צו מאַכען, אָדער ווייס, אַז זיי וועלען צוליעב די אינטערעסען פון זיין פּאַרטיי געמאַכט ווערען.

ס'איז פאַרהאַן אַ גרויסע שטאָדט אין די שטאַאטען, וועמעס נאָמען איך וועל אייך ניט אויסזאָגען, אַז זי הייסט ניו יאָרק. איז דאָרטען דאָ אַ פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע פון אַ געוויסען דיסטריקט, וואָס מאַכט אַלע יאָהר אַ יום־טוב מיט אַ מאַרש איבער די גאַסען און אַן אַרויספאָהר ערגעץ־וואו אין פּאַרק. די גאַס אין דער שכנות, וואו דער פיהרער פון דער דאָזיגער אָרגאַניזאַציע וואָהנט, ווערט בעציערט מיט פאָהנען און לאַמפּיאָנען. אַלע פּאָליטישע טהוערס פון דער דאָזיגער אָרגאַניזאַציע זאַמלען זיך צונויף, שטעלען זיך אויס אין צייל און מאַרשירען אַרויס צו דעם פּאַרק אונטער די קלאַנגען פון דער מוזיק. זאָגט יעמאָלט דער עולם, מיט אַ גוטמוטהיגען שמייכעל, אַז פון דעם מאָמענט, וואָס די „פּאָליטישע

טהוערס" האבען פערלאזען דעם דיסטריקט, קאן מען אין איהם זיכער זיין פון גנבות און רציחות... ביז זיי וועלען קומען צוריק...

איז דען א חדוש, אז דער טיטעל „פאליטישען" שטעהט אין דער עפענטליכער מיינונג ניט א סך העכער, איידער דער טיטעל: „פערד־גנב" אדער „ווייסע־שקלאפען־הענדלער"? דער חדוש איז, וואס דאס פאלק, וואס קוקט אויף דעם פאליטישען מיט אזעלכע אויגען, וואס וויים, אז ער וועט טאטען־מאמען פערקויפען פאר א דאלאר, און אז אויב ער קומט אריין אין א שטוב, איז, ווי גרויס זיין ראנג זאל ניט זיין, פארט גלייכער צו בעהאלטען די זילבערנע לעפעל, — דער גרויסער וואונדער איז, זאג איך, וואס דאס פאלק, ניט קוקענדיג אויף דעם, גיט פארט אוועק אין די צייטען פון וואהל זיין צוטרויען און פאליטישע קראפט דעם פאליטישען.

אין דעם פאקט אליין ליעגט דער בעסטער בעווייז, אז ווי הויך די קולטור פון אמעריקא זאל ניט זיין, שטעהט איהר פ א־ ל י ט י ש ע קולטור אויף א סך א ניעדעריגערער מדרגה, איידער ביי יעדען אנדערן ציוויליזירטען און פרייען פאלק, און אז קיינע רעפארמען, ווי ערנסט זיי זאלען ניט זיין געמיינט, ווי איבערגעבען די נייע אידעאליסטען זאלען ניט קעמפפען פאר זיי, וועלען ניט קאנען אריינברענגען קיין איין וויכטיגע ענדערונג אין דעם פאלי־טישען לעבען פונ'ם לאנד, כל זמן דאס פאלק וועט געבען דעם „פא־ליטישען" די מאכט אויסצולאכען זיך פון די רעכטען פון פאלק, ד. ה.: כל זמן די פאליטישע קולטור פון די מאסען וועט ניט אויפ־געהויבען ווערען אויף א העכערע מדרגה.

די גרויסע פאליטישע אויפגאבע, וואס ליעגט אויף די אקס־לען פון די אידעאליסטען אין אלע פארטייען, — די ווידערגע־בורט פון דער דעמאקראטיע און די אויסרייניגונג איהרע פון דעם „פאליטישען", — דאס קאן ניט דורכגעפיהרט ווערען אהן א פא־ליטישער און א סאציאל־עטישער ערציהונג פון די מאסען, וואס מוז געפיהרט ווערען אויף א זעהר ברייטען און זעהר טיעפען שטייגער.

אבער דאס פראבלעם פון פאליטישער און סאציאל־עטישער מאסען־ערציהונג פיהרט אונז גלייך צו דעם פראבלעם פון „מעל־

טינג־פאַט" און נאַציאָנאַלע קולטור און דערפאַר האָבען מיר זיך אַזוי לאַנג אָבגעשטעלט אויף דעם ענין.

די ערציהונג פון די מאַסען איז ניט די פאָלקס־שול בילדונג, וואוהין דאָס קינד קומט בלומרשט ווי א ווייס בלאַט פאַפּיער, אויף וועלכען דער פּעדאַגאָג קאָן בלומרשט שרייבען אַלץ, וואָס ער וויל, און די פּעדאַגאָגישע רעזולטאַטען קאָנען זיך פּאָליטיש אַרויס־ציינגען ערשט אין א יאָהר 15—20 אַרום. די מאַסען, וואָס דאַרפען פּאָליטיש ערצויגען ווערען, זענען דערוואַקסענע, מיט א פאַרטיגען כאַראַקטער און מיט א געוויסען, שוין אויסגעבילדעטען קולטור־צושטאַנד. אָט דער קולטור־צושטאַנד דאַרף פערבעסערט ווערען שוין, אויב מען וויל, אַז דאָס זאָל האָבען א ווירקונג אויף דעם פּאָליטישען מעמד פון דעם לאַנד.

קיינער וועט געווים ניט לייקענען, אַז צווישען די וועהלענדע בירגער געפינט זיך א גרויסער פּראָצענט ניט לאַנג אַריבערגע־קומענע פון דער פּרעמד. די וואַהל־סטאַטיסטיק בעשעפטיגט זיך, אויף וויפיעל מיר איז בעקאַנט, זעהר ווייניג מיט דער ראַליע, וואָס די „גרינע", די איינגעוואַנדערטע פעלקער, שפּיעלען אין איהר. אָבער אַז די שטימען, וועלכע קומען פון דעם אימיגראַנט, זענען א וויכטיגער פאַקטאָר אין דעם פּאָליטישען לעבען, דאָס, דוכט מיר, שטעהט אויסער יעדען ספק. און אויך דאָס רעכען איך וועט מען ניט וועלען ערנסט אָבפרעגען, אַז גאַר א היבשער טייל פון פּאָליטישער קאָררופּציע קומט אויס אויף דעם חלק פון די איינגעוואַנדערטע מאַסען. ממילא מוז די פּאָליטישע ערציהונג פון דעם דערוואַקסענעם עמיגראַנט — זיין איינס פון די פּראָ־בלעמען פון דער פּראָגרעסיווער פּאָליטיק אין אַמעריקא.

קוים וועט מען דאָס איינזעהן, אַזוי וועט אויך מוזען ווערען קלאָר, אַז די אַרט, ווי די פּאָליטישע ערציהונג ווערט איצטער גע־פיהרט, קאָן בשום אופן ניט געבען די געווינשטע רעזולטאַטען. די בעקאַנטשאַפט מיט דער געשריעבענער קאָנסטיטוציאָן פון דעם לאַנד, אפילו ווען מען גיט זי די איינגעוואַנדערטע אין דער בעסטער בעלייכטונג פון דעם שעהנסטען דעמאָקראַטישען פּירוש אויף איהר אין דער ענגלישער שפּראַך, איז דורכאויס ניט קיין שמירה אנט־קעגען דער פּאָליטישער צולאָזענקייט און צוקראָבענקייט, וואָס

הערט שוין ביי א גרויסען טייל פון זיי. נאך איידער ער האט זיך אויסגעלערנט צו פערשטעהן גוט ענגליש און אבצושעצען דעם טעקסט פון דער קאנסטיטוציע און דעם דעמאקראטישען פירוש אויף איהר, איז ער שוין פריהער בעקאנט געווארען מיט איהר ווירקליכער „אויטאריזירטער“ איבערזעצונג אין דער טאג־טעגליכער פראקטיקע פון דעם „פאליטישען“.

די פראגרעסיווע פאליטישע אידעען און אנשויאונגען נויטיגען זיך אין א טיעפער אויפקלעהרונג, אין אן אינטענסיווער פראפאגאנדא און אגיטאציע צווישען די מאסען. און קודם כל מוז דאס געמאכט ווערען אין זייער אייגענער שפראך, דורך ווארט און שריפט, אויב מען וויל באמת, אז זיי זאלען קאנען אריינדרינגען אין דעם מוח און דאס הארץ. און וואס גרעסער און רייכער די פאליטישע אויפקלעהרונג אין דעם פרעמדענ׳ס שפראך, איז אלץ בעסער פאר דעם פאליטישען פראגרעס פון דעם לאנד.

דאס אליין נעהט שוין גאנץ געוויס להיפך צו דער „מעלטינג־פאט“ טענדענץ, וואס מוז זעהן, אז די „פרעמדע“ שפראכען זאלען וואס ווייניגער געברויכט ווערען, וואס איז פעראינטערעסירט אין זייער פאלקאמענעם פערשווינדען.

אבער ניט אין דעם אליין ליעגט די געפאהר פאר דעם „מעלטינג פאט“. סוף כל סוף איז א געוויסע צאהל ביכער און פאמפלעטען, א גאנצע צייל פון פארלעזונגען, קורסען און קלוב־דעבאטען וועגען די וויכטיגסטע פאליטישע ענינים, — אפילו א גאנצע פאליטישע ביבליאטהעק אין דער פרעמדער שפראך, — נאך ניט אזא מאכט, וואס זאל קאנען אבשטעלען די רייסענדע ווירקונג פון דער אסימיליאציע. אבער דאס איז שוין דער פינגער, וועלכען דאס לעבען מוז געבען דעם „שד“ פון נאציאנאליזם, וואס וועט שוין ארײנשלעפען צו זיך די גאנצע האנט.

ס׳איז א גרויסער טעות, ווען מען מיינט, אז מען קאן לאזען פאנאנדערוואקסען זיך איין צווייג פון דער קולטור, בעת די איבעריגע צווייגען איהרע וועלען בלייבען ווי פריהער פער׳חלש׳ט אדער אין גאנצען פערדארט. די קולטור פון א פאלק איז אן איינהייטליכער בוים, און זיין פאליטישער צווייג קאן זיך ניט פאנאנדער־

זוּאַקסען דאָרטען, וואו די וואָרצלען פון דעם בוים שטעקען און פוילען אין דעם זומפּ. כדי צו האָבען א געזונטע פּאָליטישע אויפ־קלעהרונג, מוז אויסגעפּאָרשט ווערען, וואָס האלט אויף בכלל דעם ניעדעריגען קולטור־מעמד פון דעם פּאָלק. יענע אורזאכען מוזען אָבגעשוואכט ווערען און אלע מיטלען מוזען אָנגעווענדט ווערען, כדי דער גאנצער בוים זאָל בעקומען די נויטיגע שפּייז און פּאַנאַנ־דערפיהרען זי צו אלע זיינע צווייגען און ממילא אויך צו דעם פּאָליטישען צווייג.

קאָן דאָס געשעהן, ווען מען מאַכט שוין אפריהער ביי זיך אָב, אז דער „מעלטינג פּאָט"־אידעאַל טאָר חלילה ניט אָנגעריהרט ווע־רען? האָט דער „מעלטינג־פּאָט", האָבען די אסימיליאַציאָנס־בעשטרעבונגען א ווערכען עס איז חלק אין דעם ניעדעריגען קול־טורעלען מעמד פון דעם איינגעוואַנדערטען פּאָלק?

א ביסעלע מעהר זיך אריינגעטראַכט אין דעם ענין, מוז יעדער איינער באַלד אויסגעפינען, אז ניט נאָר האָט די אסימיליאַציע א היבשען חלק אין דעם פערזומפּטען מעמד פון דער פּאָלקס־קולטור, נאָר אז איהר חלק איז דער גרעסטער און דער וויכטיגסטער און איז דירעקט צונויפגעבונדען מיט דער מאָראַלישער דעגע־נעראַציע פון די מאַסען בכלל און ממילא אויך מיט דער פּאָליטישער אומראַכענקייט בפרט.

איך ווייס, אז איך ריהר דאָ אָן זעהר אָן אָנגעוועהטיגטען פּונקט און אז מען דאַרף איהם בעהאַנדלען מיט דער גרעסטער פאָר־זיכט. איך ווייס, אז ווען אין דער פּרעסע אָדער אין די עפענטליכע אויסערונגען פון אָנגעזעהענע, חשוב'ע טהוערס ווערען געמאַכט אפילו האַלב פערשטעקטע אָנצוהערעניסען וועגען דעם ניט בע־פריעדיגענדען מאָראַלישען צושטאַנד פון די איינגעוואַנדערטע מאַסען, אזוי געהט דורך אָן אומרוהה ביי אלע זייערע פריינד און פערטיידיגער אין דעם עפענטליכען לעבען; עס מהוט זיך א גאָס א מבול פון ארגומענטען, פאַקטען און סטאַטיסטישע ציפערן, אין וועלכע יענע אָנצוהערענים ווערט אין גאַנצען פערהערונקען, ביז זי, די איבערליאַרעמטע, שפּרינגט ווידער ארויס אין אַן אונ־בעוואכטען מאָמענט.

איך געהער אויך גאַנץ געווים צו די פריינד און פּערטיידיגער

פון די איינגעוואנדערטע פעלקער און בין פרינציפיעל פאר דער פרייעסטער און אפענסטער אימיגראציע. אבער ווייל איך בין דאס, בין איך אפשר נאך מעהר, איידער א סך אנדערע, פעראינטערעסירט אין דעם, אז מיר זאלען קוקען דעם אמת גלייך אויג אין אויג, אז ער זאל אין גאנצען זיך געפינען אויף אונזער זייט, אז קיין איין ברעקעלע פון איהם זאל ניט בלייבען ביי דעם געגנער, ווי גרויס עס זאל ניט זיין אונזער קונץ אין מאכען איהם שטום און אונשעדליך.

און קוקען מיר דעם אמת אומדערשראקען אויג אין אויג, מוזען מיר זיך אוועקשטעלען די פראגע : איז דאס מענשען־מעגליך, אז א טייל פון א פאלק, וואס קומט אהער, ווי צואווארפענע איינצעלנע אינדיווידוען, וואס ווערט תיכף אריינגעווארפען אין דעם קאכעדיגען קעסעל פון דער אסימיליאציע, וואו איין טייל נאך דעם אנדערן פון זיין קולטור ווערט צופאלען און צוגאנגען אין דעם זודיגען קאך, — איז דאס א מעגליכקייט, פרעג איך, אז דערביי זאל גראד דער מאראלישער טייל פון זיין קולטור בלייבען אומבעריהרט, זיך אויפהאלטען אויף דערזעלביגער הויך?

די מאראלישע קולטור איז — איך געדענק שוין ניט, ווער דאס האט געזאגט — געגליכען צו א צארטער פלאנץ, ארום וועלכער מען מוז טאג־טעגליך ארומגעהן, און וועמעס וואקסען מען מוז זיין שטענדיג פעראינטערעסירט. נאך וויכטיגער איז דערביי צו געדענקען, אז זי איז אינעווייניג צונויפגעוואקסען מיט דער גאנצער קולטור, מיט דער גאנצער וועלט־און לעבענס־אנשויאונג, מיט דעם גאנצען בליק פון דעם מענשען אויף דאס, וואס איז „גוט“ און וואס איז „שלעכט“, ניט נאר אין דעם ריין־עטישען זין.

עס איז א פאקט, וואס די קולטור־היסטאריקער האבען שוין לאנג בעמערקט, אז דארטען, וואו עס פאלט פאנאנדער א געוויסע ארט פון מענשליכער ציוויליזאציאן, לייִדט קודם כל דערפון די מאראל. איהרע אידעען זענען אסאציאירט מיט אלע אנדערע אידעען פון דעם לעבען ; איהרע ווערטען — צונויפגעשטימט און צונויפגעשמידט מיט אלע אנדערע ווערטען פון א פאלקס־קולטור. און ווען א מענש זעהט און פיהלט, ווי זיין גאנצער גייסטיגער באגאזש פערליערט פלוצלונג זיין גאנצע חשיבות, זיין גאנצע

וואָרט אין דער אָבשעצונג פון דער אַרומיגער וועלט, איז יעמאָלט קאָן ער ניט מאַכען קיין ערקענטניס־טעאָרעטישען און פילאָסאָפישען אַנאַליז און אויסגעפינען די נפקא מיניה צווישען ריין עטישע און ניט־עטישע ווערטען. פריהער האָט ער גאַנץ גוט געוואוסט, וואָס עס איז שעהן און חשוב. אגב איז פאַר די מאַסען „דאָס שעהנע" און „חשוב'ע" די כאַראַקטעריסטיק פון דעם מאָראַלישגוטען" (און אפשר זענען זיי אויך טעאָרעטיש גאָר ניט ווייט אַראָב פון וועג). „שעהן" און „חשוב" איז אַלץ, וואָס אין זיין קולטורעלער אַטמאָספערע ווערט גערעכענט פאַר „חשוב" און „שעהן". און מיט אַ מאָל בעמערקט ער, אַז „דאָ איז אַן אַנדער וועלט", אַז „סע איז אַמעריקע", אָדער „אַמעריטשקע גנב", ווי אידען רופען זי, אַז דאָס, וואָס איז פריהער געוועזן „שעהן", — די אייגענע שפּראַך, די אייגענע מנהגים, געוויסע אידעען און אַנשויאונגען וועגען דעם לעבען, — זענען גאָר דאָ מאוס; אַז די איינגענע לאַנדס־לייט זעהען מיט אַלע כחות צו בעפרייען זיך פון זיי, אַנצושפּייען אין פּנים דעם גאַנצען פריהערדיגען לעבען; אַז דאָס, וואָס מען האָט פריהער ניט „געטאָרט", איז דאָ דוקא אַ זאַך, וואָס „אַי־אַי, ווי מען מעג", — ווי ווילט איהר דאָ, אַז אין דער גרויסער שריפה, וואָס צינדט אָן זיין גייסטיגע וועלט פון אַלע עקען און ענדען, זאָלען בלייבען ניט בעריהרט דוקא די עטישע, דוקא די צאַרטעסטע עלעמענטען פון דער מענשליכער קולטור?

בעזונדערס גרויס מוז זיין דער עטישער חורבן פון אַ צונויפגעפאַלענער וועלט ביי דער יוגענד, וואָס קומט אַריבער אַהער, אָדער וואָס ווערט געבאָרען אין לאַנד ביי ניט אַסימילירטע עלטערן. איינער פון די וויכטיגסטע פאַקטאָרען אין דער מאָראַלישער ענטוויקעלונג פון אַ יונגער נשמה איז אַ געזונטער לעבען אין דער פאַמיליע, וואָס איז אומבעוואוסט אָנגעזאַפּט מיט אַ געוויסער מאָראַלישער אַטמאָספערע, מיט אַ געוויסען אידעאַל פון „שעהן" און „חשוב", וועלכער ווערט כמעט אומבעמערקט אַריבערגעטראָגען פון די עלטערן אויף די קינדער. אָבער די אַסימילאַציע גראָבט אויס אַ תהום צווישען דעם עלטערן און דעם איינגערען דור. זיי קאָנען איינע די אַנדערע ניט פערשטעהן, ווייל זיי רעדען פערשיידענע שפּראַכען. און די עלטערן האָבען פערלאָרען זייער גאַנצע

מאראלישע מאכט איבער די קינדער, ווייל די אמעריקאנער שול און די אמעריקאנער גאס האט אריינגעטראגען אין דער יונגער נשמה פון דעם קינד די גאל פון פעראכטונג צו זיינע אייגענע עלטערן, צו זייער גאנצען לעבען און צו אלע זייערע אנשויאונגען. און מעהר ווי די גאס און די פאבליק־סקוהל האט ניט דאס זיך אמעריקאניזירענדע קינד, פון וואנען עס זאל אריינזויגען אין זיך דעם מאראלישען האלט. די אמעריקאנער גאס! וואס איז אבער די אמעריקאנער גאס, אין וועלכער עס ציהט זיך אויף דאס זיך אמעריקאניזירענדע קינד פון די ניט אסימילירטע עלטערן? די גאס, — דאס זענען אקוראט אזעלכע חברה־לייט, ווי ער אליין, דאס רוב קינדער פון דעם זעלביגען פאלק, מיט דעמזעלביגען קולטור־חורבן, דערזעלביגער קולטור־וויסטעניס אין דעם הארצען, מיט דעם זעלביגען האס צו דער קולטור־וועלט פון זיינע „גרינע" עלטערן.

וועגען דעם קולטור־מעמד פון די אסימילירטע וועלען מיר נאך רעדען שפעטער. איצטער איז וויכטיג צו בעמערקען, אז סוף־כל־סוף ווערט דאס אמעריקאניזירטע, פון יעדער מאראל אויסגע־לעדיגטע קינד א לעבענס־אידעאל פאר דאס רוב עלטערן, ביי וועמען די אלטע וועלט הויבט אן פאנאנדערצוגעהן אין שטיקער. די אמעריקאניזירטע „באי'ס" אדער „גוירלס" ווערען די נייע מאראלישע אויטאריטעטען פאר דאס, וואס איז „שעהן" און „חשוב" — און עס שפרייט זיך פאנאנדער א מאראלישער זומפ, אין וועלכען עס ווידמען זיך די „גיב דהי בלאאד'ס" און די „דאגא פרענקס", — די העלדען פון דער „שווארצער האנד" און די העלדען פון די פערד־סם'ער, אונטערצינדערס און נאך ערגערע בריה'שקייטען.

געוויס, זענען די „גיב דהי בלאאד'ס" און די „דאגא פרענקס" — די עקסטרעמען. אבער ווי יעדער עקסטרעם, ווייזען זיי אן אויף דעם ווייטעסטען פונקט, ביז צו וועלכען די טענדענץ ווערט געטראגען, און דורך דעם גופא העלפען זיי אונז צו מאכען זיך א בעגריף וועגען דער שטארקייט פון איהר אימפעט. געוויס מוזען מיר אויך דאס צוגעבען, אז מאראלישע צופעלטקייט, וואס שטאמט פון דער אסימיליאציאן, פון דעם באנקראט, וואס די אלטע קולטור מאכט דורך, קאן נאר זיין דארטען, וואו אויף איהר פלאץ טרעט ניט אריין א נייע גייסטיגע קולטור, מיט שטארקע, ציוויליזירענדע

לעבענס־אידעאַלען. מיט אַנדערע ווערטער הייסט דאָס, אַז ביי דער א י נ ט ע ל י ג ע נ ץ קאָן דער איבערגאַנגס־פּעריאָד פון איין קולטור צו דער אַנדערער זיין אַזוי קורץ און די מאַכט פון דער נייער קולטור אַזוי שטאַרק, אַז אַ נייער מאָראַלישער גלייכגעוויכט זאָל זיך שנעל אויסבילדען אין דער נשמה, און זי זאָל גאָר ניט בעמערקען, אין וואָס פאַר אַ געפאַהר זי איז געשטאַנען.

אָבער דאָס איז דאָך נאָר ביי דער א י נ ט ע ל י ג ע נ ץ. די גרויסע מאַסען פון די איינגעוואַנדערטע האָבען איהרע אייגענע ענטוויקעלונגס־געזעצען. זיי געפינען זיך אין אַן ערגערער לאַגע. שוין פּשוט דערפאַר, ווייל די אינטעליגענץ קאָן אויף זייער אינוועניגסטען צושטאַנד קיין ברעקעל ווירקונג ניט האָבען, אויך אַ דאַנק דער זעלביגער אַסימיליאַציע. אין דער אמת׳ען! אַ גרויסער טייל פון דער ציוויליזירענדער און עטיזירענדער מאַכט, וואָס ליעגט אין אַ פאָלקס־קולטור, בעשטעהט אין דעם, וואָס די בעסטע אַנשויאונגען און אידעאַלען פון די בעסטע קינדער פון׳ם פאָלק, אויסגעוועהטיגט אין דעם ליידען־פולען פּראָצעס פון דעם פאָלקס־ענטוויקעלונג, זאַמלען זיך אָן אין זיין גייסטיגער אַטמאָספערע און רינען דורך דורך די פערשיידענע שיכטען, ביז צו די וויטעסטע און טונקעלסטע טיילען פון דעם פאָלק. דאָס קאָן אָבער געמאַלט זיין נאָר יעמאָלט, ווען צווישען אינטעליגענץ און פאָלק איז ניטאָ קיין תהום; ווען אינטעליגענץ און פאָלק לעבען אין איין און דער זעלביגער קולטורעלער אַטמאָספערע, זענען צונויפגעבונדען דורך דיזעלביגע פּסיכישע פעדים פון סאָלידאַריטעט, פון דעם בעוואוסטזיין, אַז זיי געהערען ביידע צו איין פאָלק. די אַסימיליאַציע גראָבט אָבער אויס אַזאַ תהום און צורייסט די דאָזיגע פעדים. זי קומט לכתחילה צו דער אינטעליגענץ מיט דער פאָדערונג, אַז זי זאָל זיך אָבזאָגען פּרינציפּיעל פון דעם אייגענעם פאָלק און זיך ניט קימערן מעהר וועגען זיין מעמד. און אין דער מאָס, אין וועלכען זי אַסימילירט זיך באמת, פערליערט זי אין דער ווירקליכקייט יעדען צונויפבונד מיט די מאַסען און יעדע ווירקונג אויף איהר. אויב זי אינטערעסירט זיך נאָך מיט איהרע ברידער און פיהרט אַ קולטורעלע אַרבייט צווישען זיי, בעשטעהט די אַרבייט אין דעם, וואָס זי פּישט אַרוים יאָהר־יעהרליך פון זיי אַלץ אַ גרעסערען פּראָצענט

פון יונגע פעהיגע מענשען און מאכט זיי פאר אקוראט אזעלכע אסימילירטע, ווי זיי אליין.

וואס מוז זיין דער רעזולטאט דערפון פאר די איבערגעבליע־בענע מאסען? — דערפון מוז ארויסקומען א זעהר טרויעריגע ער־שיינונג. שטעלט אייך פאר, איהר נעהמט א וועלכע עס איז מדינה און איהר פיהרט דורך, אז אלע בעסערע עלעמענטען איהרע זאלען טאג־טעגליך אוועקפאהרען אין דער פרעמד. אלץ, וואס איז געזונד און קלוג און איידעל און שטארק, און האט דאס שטרעבען צו העכערע פארמען פון לעבען, מוז טאג־טעגליך פערלאזען די היים און ווי נאר עס וואקסט אונטער א נייער בעסערער עלעמענט, דארף ער אויך אבטרייסלען פון זיינע פיס דעם שטויב פון זיין פאטער־לאנד. אין וואס פאר א צושטאנד מוז סוף כל סוף זיך געפינען יענע מדינה? קאן זי מאכען א וועלכען עס איז פארטשריט אויף א וועלכען עס איז פעלד פון קולטור? בשום אופן ניט! א דאנק דעם דאזיגען אויסער־נאטירליכען און געגען־נאטירליכען אבקלייב, מוזען אין דער היים בלייבען די אונפעהיגסטע און די שוואכסטע אין יעדער היגזיכט. עס פעהלט דער פארוועריטס־טרייבענדער עלעמענט פון דער פערזענליכער איניציאטיווע, ווייל ווי נאר איין אינדיווידואום דערשפירט אין זיך אן אנוואקסונג פון קראפט און קולטורעלען שאפען, מוז ער שוין פערלאזען זיין היים. דער שטראם פון דער קולטור מוז זיך אבשטעלען, און ווי נאר ער שטעלט זיך אב, אזוי פערוואנדעלט ער זיך אין א שטעהענדען טייך, וואס ווערט בעוואקסען מיט געדיכטען גראז, און עס ווערט פון איהם באלד א זומפ.

פונקט אין דער זעלביגער לאגע, ווי א פאלק, פון וועמען די בעסטע קינדער מוזען עמיגרירען, געפינט זיך א פאלק, פון וועמען די בעסטע קינדער ווערען אוועקגעשלעפט דורך דעם שטראם פון דער פרעמדער קולטור. אין דער היים בלייבען די ערגסטע מיטעל־מעסיגקייטען, וואס האבען ניט געהאט דעם שכל און די פעהיג־קייטען, ארייננצושווימען אין דעם נייעם שטראם. אויב עס בלייבען נאך וועלכע עס איז קולטור־נויטען ביי דעם פאלק און עס זוכט צו בעפריעדיגען זי אין זיין אלטער שפראך דורך אייגענע קרעפטע, מוז ער זיך בעגנוגענען מיט יענע כחות, וואס די אסימיליאציע האט

איהם נאָך געלאָזען. דאָס רוב אונוויסענדע, עם־האָרצישע, אָדער האַלב־און פערטעל־געבילדעטע מוזען נעהמען אויף זיך די ראָליע פון זיינע גייסטיגע שפּייזער און פיהרער, פון זיינע גייסטליכע, פון זיינע לעהרער און שרייבער, פון זיינע רעדנער און פרעדיגער. וואָס פאר אַן ארט קולטור עס קאָן געשאַפען ווערען פון דעם סאָרט קול־טור־טרעגער, איז לייכט צו פערשטעהן. א פערווילדערונג מוז אריינטרעטען אין אַלע פעלדער פון דעם פאָלקס־לעבען און מיט איהר — די ערגסטע פערווילדערונג, די מ אָ ר א ל י ש ע.

איך האָב אייך אזוי לאנג אויפגעהאַלטען מיט דער מאָראַ־לישער דעגענעראַציע פון די איינגעוואַנדערטע מאסען, ווייל דאָס איז ווירקליך אַן אַנגעוועהטיגטער פונקט פון דעם אַמעריקאַנער לעבען; ווייל איך גיב צו, אז אין די בעשולדיגונגען, וואָס רייסען זיך ווען ניט ווען ארוים אין דער עפענטליכקייט אַנטקעגען דעם „פאריינער“, ליעגט א שטיקעל אמת, און מיר מוזען האָבען דעם קוראַזש ניט אָבצולייקענען איהם, און ווייל גראַד ווען מיר קוקען איהם ט י ע ף אריין אין די אויגען, געפינען מיר דעם אמת׳ען שולדיגען. ניט דער איינגעוואַנדערטער איז שולדיג אין זיין מאָ־ראַלישען צושטאַנד, נאָר יענע קולטורעלע אומשטענדען, אין וועלכע ער ווערט אריינגעשליידערט, א דאנק דעם פרינציפּ פון דעם „מעל־טינג־פּאָט“. פאר די גרויסע מאסען ברענגט די אסימיליאַציע מיט זיך א לאַנג אָנהאַלטענדען מאָראַלישען און קולטורעלען נאַכט־צו־שטאַנד, וואָס דויערט פון דעם מאָמענט, ווען די זון פון דער אַלטער קולטור פערגעהט, ביז צו דעם מאָמענט, ווען די נייע זון געהט אויף, — א נאַכט, אין וועלכער עס פרוכפּערן זיך און מעהרען זיך אַלע „ניט־גוטע“ און טרייבען זייערע טייוועלשע שטיק.

און אויך דערפאַר האָב איך מיך אָבגעשטעלט לענגער אויף דעם מאָראַלישען פּראָבלעם, ווייל ער איז ענג צונויפגעבונדען מיט דעם שפּעציעלען ענין, וואָס בעשעפטיגט אונז היינט, — מיט דער מעגליכקייט פון א נייער „אַנטי־מעלטינג־פּאָט“־טענדענץ אין דעם אַמעריקאַנער לעבען, וואָס קאָן ארויסוואַקסען פון דעם נייעם אידעאַליסטישען שטראָם.

דער שטראָם, האָב איך געזאָגט, פיהרט מיט זיך די קלאָרע נויטווענדיגקייט אויפצוהויבען דעם פּאָליטישען קולטור־צושטאַנד

פון די איינגעוואנדערטע מאסען. מען דארף באמת ניט זיין קיין גרויסער חקרן אין סאציאלע ענינים, כדי אויפ'ן שטעל איינצוזעהן, אז די פראפאגאנדא פון א וועלכען עס איז פאליטישען אדער סאציאלען אידעאל קאן ניט געפיהרט ווערען, ווי א מוסר-„פריידיגט" וועגען די עשרת הדברות אדער וועגען די אבסטראקטע פרינציפען פון דער ריין מענשליכער מאראל. דער פראפאגאנדיסט, וואס וויל ווערען פון א „פאליטישען" א פאליטישער טהוער, דארף זיך ווענדען צו דער גאנצער לעבענס-ערפאהרונג פון דעם פאלק, מוז קאנען איליוסטרירען זיינע געדאנקען מיט ביישפיעלען פון דעם פאלק'ס געשיכטע און זיינע איבערלעבונגען אין דער היים און אין דעם נייעם לאנד. ער מוז שטעהן אויף דער הויך פון זיין פאליטישען אידעאל, און אין דערזעלביגער צייט זיין אויסגעבונדען מיט אלע פעדים פון דער פאלקס-קולטור, כדי ער זאל קאנען זיי אלע אויסנוצען פאר דער בעלייכטונג פון זיין אידעאל. ער מוז זיך גוט אריינטראכטען אין דער פסיכאלאגיע פון דעם פאלק, זיין גוט בהבין מיט זיינע נויטען אין דעם נייעם לאנד, כדי יעדעס ווארט זיינס זאל זיין אנגעזאפט מיט דעם פולסירענדען לעבען און זאל קאנען דירעקט אריינדרינגען אינ'ם הארץ פון זיין אודיטאריום. אזא'ן אויפגאבע קאנען נעהמען אויף זיך נאר טהוערס פון א הויכען גייסטיגען און עטישען קאליבער, און נאר קינדער פון יענעם פאלק, צו וועלכען זיי ווילען געהן מיט זייער פראפאגאנדא, גראד אט די פעהיגסטע און איידעלסטע קינדער זיינע, וואס האבען עס פריהער פערלאזען.

עס איז דעריבער פאר מיר גאר קיין ספק ניט, אז אויב די נויט אין ערנסטע פאליטישע אויפקלעהרונג פון די איינגעוואנדערטע מאסען וועט ווירקליך ווערען גרויס אין דעם לאנד, וועלען א סך פון די „אנטלאפענע" בעסטע קינדער פון דעם פאלק, זיך א זאג טהאן: „מיר מוזען אויף א וויילינקע זיך צוריקקעהרען צו אונזער פאלק און שפראך, — אט ביז מיר וועלען נאר פארטיג ווערען מיט דער פאליטישער אויפקלעהרונג צווישען אונזערע מאסען. ס'איז אונז שווער ווידער אריינצודרינגען אין דער קולטור-אטמאספערע, פון וועלכער מיר זענען אנטלאפען, אבער מיר מוזען

דעם קרבן ברענגען אין די פּאָליטישע אינטערעסען פון אונזער לאַנד".

ווייסט איהר אָבער, וואָס פון אָט דער „ו ו י י ל י נ ק ע" קאָן ווערען ?

מיר האָבען שוין אין אייראָפּא איבערגעלעבט אַזאַ מין פּראָצעס. און מיר ווייסען, מיט וואָס ער האָט זיך אויסגעלאָזען. כמעט אומעדום, וואו אין די אייראָפּעאישע לענדער וואָהנען עטליכע פעלקער אין איינעם אונטער דעם גייסטיגען איינפלוס פון אַ הערשענדען פאָלק, האָבען מיר געהאַט דיזעלביגע ערשיינונג פון „אַסימיליאַציע", פון אַ יאָגעניש צו דער הערשענדער קולטור, וואָס האָט בעפאָלען די בעסערע, די פּראָגרעסיווערע עלעמענטען פון די אונטערדריקטע פעלקער. און עס זענען דאָרטען געווען אויך געננג ביישפּיעלען פון אַ קולטור־פערווילדערונג, וואָס האָט זיך געמוזט איינשטעלען אין די פערלאָזענע היימען. דאָס האָט געצוואונגען די פּראָגרעסיווע, שוין אין גאַנצען אַסימילירטע עלעמענטען זיך ביסלעכווייז אומצוקעהרען צו זייערע פעלקער. זיי האָבען דאָס געטהאָן דורכאויס ניט מיט דעם מיין צו פערבלייבען אייביג ביים פאָלק אָדער ווייטער צו שאַפען אין איינעם מיט איהם אין דער אייגענער פאָלקס־קולטור. די נויטען פון דער פּראָגרעסיווער ענטוויקעלונג פון דעם גאַנצען לאַנד האָבען זיי געטריעבען, „אויף אַ ווײילינקע" צו ארבייטען פאַר זייערע פּראָגרעסיווע אידעאַלען ביי זיך אין דער היים. זיי האָבען דאָס ג ע מ ו ז ט טהאָן, ווייל זייער פאָלק, אין גאַנצען פעראָרעמט אין אינטעליגענץ, איז געוואָרען אַ רויב פון די אייגענע רעאַקציאָנערע עלעמענטען, וואָס האָבען געוואונען זיין גאַנצען צוטרוי, בעת די אינטעליגענץ האָט זיך געבאָדען אין דעם זון־שיין פון דער פּראָגרעסיווער הערשענדער קולטור.

נו — און דער פּועל־יוצא פון דעם צוריק־קעהר אַהיים „אויף אַ ווײילינקע" ? אַ סך פון אייך מוזען בעקאַנט זיין מיט איהם. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז זיי... זיינען געבליעבען אין דער היים, אַז אַ דאַנק זייער אַרבייט האָט זיך גענומען פאַנאַנדערבליהען זייער פאָלקס־קולטור; אַז זיי האָבען גענומען פאָדערן ניט דאָס פּאָליטישע און בירגערליכע גלייכבערעכטיגונג מיט דעם הערשענ־

דען פאלק, נאר אויך די אויסגלייכונג פון דער נאציאנאלער און קולטורעלער לאגע פאר אלע שפראכען און קולטורען פון זייער לאנד.

ווי אזוי איז דאס געשעהן?

עס איז צו לאנג צו דערצעהלען יענע אונגעהויער אינטערעסאנטע געשיכטע. און דערצו: ווי איך זאל זי ניט דערצעהלען, וועט זי בלייבען אומפערשטאנען פאר דעם, וואס קוקט אויף אלץ מיט די ניכטערע אויגען פון דעם ראציאנאליסט. עס האט זיך דא אריינגעמישט א קראפט, וועלכע איך קאן אנדערש ניט אנרופען, ווי דער „מיסטיציזם פון דער קולטור־שאפונג". קוים האט די אינטעליגענץ אריינגעגאסען איהר שעפפערישען זשעני אין די אדערן פון דער פאלקס־קולטור, אזוי האט זי מיט א מאל גענומען אויפלעבען מיט אלע איהרע אברים. די פראגרעסיווע סאציאלע און פאליטישע פראפאגאנדא האט זיך ניט געקאנט בענוגענען מיט טרוקענע טהעאריען, מיט אוטיליטארישע ארגומענטען און קלוגע פירושים אויף דעם פראגראם פון דער אדער יענער פראגרעסיווער פארטיי. צו איהר הילף האט געמוזט קומען דער דיכטער מיט זיין פאעזיע, דער קינסטלער מיט זיינע דערצעהלונגען און ראמאנען פון דעם פאלקס־לעבען, דער היסטאריקער מיט זיין לעהררייכער ערפאהרונג פון די פערגאנגענע צייטען, דער פילאזאף מיט זיין ברייטען קוק אויף וועלט און מענשען, דער מאלער, דער סקולפטאר, דער פעדאגאג. זיי אלע, נאך אליין ניט וויסענדיג דעם טיעפערען זין פון דער ארבייט, וואס זיי טהוען, האבען געוועקט אלע איינגעשלאפענע סטרונעס פון דער פאלקס־נשמה. און די סטרונעס האבען גענומען געבען אן אבקלאנג אויף דער ארבייט פון דער אינטעליגענץ אויף זייער אייגענער ארט. די נייע נאר־וואס געבארענע ארט פון דעם אריגינעלען אבקלאנג האט אנגעפילט מיט א נייעם צויבער די נשמות פון דער אינטעליגענץ, און א שטאלץ איז דערוועקט געווארען אין זיי און א שברות מיט די נייע קולטור־פארמען און ווערטהען, וואס האבען גענומען שפרודלען פון פערבארגענע קוועלען. עס האט גענומען אויסדוכטען, אז די ניי־געבארענע אדער וויעדער אבגעמרישטע קולטור איז ניט א רעזולטאט פון דער נייער שאפענדיגער אינטעליגענץ, נאר פערקעהרט, אז

זי, די קולטור, איז אַ מיסטישע מאַכט, וואָס נוצט אויס די גייעשאַפענדע גייסטער פון פאָלק, ווי אינסטרומענטען, דורך וועלכע און אין וועלכע זי ברענגט זיך אַליין ארויס אין לעבען און פערווירקליכט איהר אייגענעם תוך. און ווער ווייס: אפשר איז די קולטור־שאַפונג פון אַ פאָלק באמת אַ מיסטישע קראַפט? אפשר איז דאָס אַ פּראָצעס פון אַ גייסט, אָדער גייסטער, וואָס שטעהען איבער דעם מענשען און בעהערשען זיין שאַפען און טהאָן?

אָבער — לאָם איך אייך ניט שרעקען צו דער נאַכט מיט גייסטער, געשפּענסטער און מיסטישע קרעפטע. נעהמט דאָס, אויב איהר ווילט, עמפּיריש־פּסיכאָלאָגיש: די שאַפענדע אינטעליגענמען האָבען בעמערקט אין די פּראָדוקטען פון זייער שאַפען, אַז דער פּראָגרעסיווער, אַלגעמיין־מענשליכער אינהאַלט, וועלכען זיי האָבען פערטיידיגט, האָט פּלוצלונג בעקומען אַן אייגענאַרטיגע אינדיווידועלע פאָרם, וואָס נאָר זייער פאָלק האָט געקאָנט ארויסברענגען. און די פאָרם איז זיי געוואָרען טהייער, — געהט, פרעגט פאַרוואָס און ווי אזוי! — און דער טרעגער פון דער פאָרם, זייער אייגען פאָלק, איז געוואָרען איינגעבאַקען אין הארצען, און פּלוצלונג איז זיי אריין אין מוח דער פעלזען־פעסטער גלויבען, אַז פעלקער קאָנען און טאָרען ניט שטאַרבען, און אַז דער גרעסטער מאָרד אין דער וועלט איז, ווען מען דערשטיקט אַ קולטור, און אַז דער גרעסטער פערברעכען אין דער וועלט איז, ווען אַ קולטור בענעהמט זעלבסטמאָרד. די געבטיגע אסימיליאַטאָרען האָבען אויף אַזאַ'ן אופן זיך פערוואַנדעלט אין נאַציאָנאַליסטען, — אין פּראָגרעסיווע פאָלקס־נאַציאָנאַליסטען, וואָס קעמפּפען אַנטקעגען די אייגענע רעאַקציאָנערע שאָוויניסטען פון די הערשענדע קלאַסען...

זענען די אסימילירטע קינדער פון די פעלקער אין אַמעריקאַ אויף אייביג פערזיכערט, אַז מיט זיי קאָן ניט טרעפען אַזאַ מין פּאַסאַזש? וועט זיי אפשר דער געשיכטליכער ביישפּיעל פון דעם מאָדערנעם פאָלקס־נאַציאָנאַליזם אין אייראָפּאַ אָבשרעקען, זיי זאָלען ניט מאַכען אפילו דעם ערשטען שריט, ניט געבען דעם שד־דעם מינדעסטען פינגער אין האַנד?

די געשיכטע לערנט אונז, אַז קיין מענש קאָן גאָר נישט ניט לערנען פון דער געשיכטע, ווען ער מוז טהאָן, וואָס ער מוז. אויב

רער נייער פאליטישער ווידערבאלעבונגס־גייסט וועט באמת דורכ־דרינגען אין טיפערע קרייזען, וועלען די אסימילירטע אינטעליגענ־טען פון די אמעריקאנער פעלקער זיך מוזען „אויף א ווייליגקע״ אומקעהרען אהיים, ווייל אין זיי וועט דערוועקט ווערען דער גע־פיהל פון אחריות פאר דעם קולטור־צושטאנד, דער מאראל און דער פראגרעסיווער עוטוויקעלונג פון זייער פאלקס־גרופע אין אמע־ריקא. ווער זאל דען זארגען פאר דעם קולטור־צושטאנד פון א פאלק, אויב ניט זיינע אייגענע קינדער? זאלען די יענקים געהן ציוויליזירען די אידען, אדער די איטאליענער, אדער די סירער, אדער די פוילען, — זיי, וואס האבען ניט און קאנען ניט האבען קיין ברעקעל אהנונג ניט פון דער שפראך, ניט פון דעם לעבען, ניט פון די נויטען און ניט פון די פסיכאלאגישע אייגענטימליכקייטען פון יענע פעלקער?

דער געפיהל פון אחריות פאר דעם פראגרעס פון דעם אייגע־נעם פאלק וועט ערוואכט ווערען ביי א גרויסען טייל פון זיינע אנט־לאפענע קינדער. ער וועט מוזען ערוואכט ווערען ביי זיי, אויב זיי ווילען ניט ווארטען ביז אנדערע וועלען איהם מיט „קאפוליער אנצוהערעניסען״ נעהמען אויפטרייסלען פון שלאף.

אבער קוים וועט די אינטעליגענץ „אויף א ווייליגקע״ קומען אהיים, אזוי וועט זיך מיט איהר מוזען אבשפיעלען דערזעלביגער פראצעס, וואס איך האב אט־ערשט אייך דערצעהלט וועגען איהם. „מיסטיש״, אדער „ראציאנאליסטיש״, — דער סוף וועט זיין איי־נער: זיי וועלען א י נ ז ע ה ן, אז די קולטור פון א פאלק קאן זיך נארמאל ענטוויקלען נאר אין דער פארם פון אן אייגענער שפראך, וואס זאל ארומנעהמען אינטעליגענץ און פאלק אין איין גייסטיגע אטמאספערע. און אזוי ווי דאס פאלק וויל ניט אדער קאן ניט אזוי גיך אננעהמען די ענגלישע שפראך און די אמעריקא־נער קולטור, ועט אנשטאט צו ווארטען, ביז דער בארג וועט קומען צו מאהאמעדען, מאהאמעד זיך מוזען מטריח זיין צו דעם בארג.

די איינציגע מניעה, וואס וואלט געקאנט אבהאלטען די אמעריקאניזירטע אינטעליגענץ אומצוקעהרען זיך קולטורעל צוריק צו זייערע פעלקער, וואלט געקאנט זיין די מורא, טאמער וועט די־

אַמעריקאַנער פּראָגרעסיווע וועלט שטאַרק פּאַראַיבעל האָבען אויף זיי, וואָס זיי געהען אַוועק פון איהר.

אָבער מיר דוכט, זיי וועלען באַלד איינזעהן, אַז די אַמעריקאַנער פּראָגרעסיווע וועלט וועט ניט שטאַרק זיפצען נאָך זיי. אדרבה, אפשר פערקעהרט: זי וועט פערשטעהן, אַז אָט דער אַוועקגעהן איז אַ נויטווענדיגער ענטוויקעלונגס־פּראָצעס, אַ פּאָרטיילהאַפטער פאַר אַלע צדדים, וואָס זענען פעראינטערעסירט אין דעם אמת'ען פּראָגרעס פון דעם לאַנד, זי וועט דעריבער מיט פריידען בעגריסען דעם נייעם לאָזונג: „צוריק צו אונזערע פעלקער!"

אַ פּאָר בעטראַכטונגען וועלען אונז העלפען פערשטעהן דעם טעם דערפון.

אין דעם פּראָצעס פון אַסימיליאַציע הערשט אַ געזעץ, וואָס איך וואָלט אָנגערופען: „דאָס געזעץ פון גלייכען בייט". מען בייט אויס די אייגענע קולטור אויף דער פרעמדער און מען נעהמט פון דער פרעמדער נאָר דאָס, וואָס האָט דעם ווערטה אָדער כמעט דעמזעלבינען ווערטה ביי דער אייגענער. דאָס קומט פאָר גאָר פּשוט דערפאַר, ווייל העכערע ווערטהען קאָנען פאַר איינעם ניט עקזיסטירען, אויב ער איז ניט דערוואַקסען געוואָרען צו זיי אין דער הייה. דעריבער האָט די אַמעריקאַנער געזעלשאַפט, אויב זי איז באמת איינגעגלויבט, אַז סוף כל סוף וועלען אַלע איינגעוואַנדערטע פעלקער מוזען אָננעהמען איהר שפּראַך און קולטור. ניט אַזוי וואָס צו איילען זיך מיט דער אַסימיליאַציע. עס קאָן איהר דערביי לוינען אָבצולעגען זי ביז צו יענער צייט, ווען די אייגענע קולטור פון די פעלקער וועט זיך, אַ דאַנק דעם צוריקקעהר פון דער אינטעליגענץ, אויפהויבען אויף אַ העכערער מדרגה. אַ רוסישער פויער, וועמעס גאַנצע קולטור וואָלט בעשטאַנען נאָר אין זיין „וואָדקאַ", וואָלט פון דער אַמעריקאַנער קולטור געקאָנט איבערנעהמען ניט מעהר ווי די „ווהיסקי". דער אָבער, וועמעס נשמה איז שוין פול מיט פּושקין און לערמאָנטאָוו, וועט קאָנען אַריינדרינגען אין די העכערע רעגיאָנען פון דער ענגלישער ליטעראַטור.

ווי טהייער דעם אַמעריקאַנער זאָל ניט זיין די ספּעציפישע נאַציאָנאַלע פאָרם פון זיין קולטור, ווי שטאַרק איהם זאָל זיך ניט וועלען, אַז אַלע פעלקער זאָלען צושטעהן צו איהר, מוז דאָך איהם

זיין נאך טהייערער די מ ע נ ש ל י כ ע ענטוויקעלונג פון די פעלקער, אין וואס פאר א נאציאנאלער פארם זי זאל ניט געשעהן, און אויב אין דעם פראצעס פון דעם „מעלטינג פאט“, ווי ער געהט איצטער אן, מוז די מענשליכע ענטוויקעלונג פון די פעלקער ניט נאר פערלאנגזאמט, נאר אפטמאל אין גאנצען פערהויקערט ווערען, וועט דער אמעריקאנער גאנץ געוויס מרוצה זיין, אז דער אסימיליאציאנס־פראצעס זאל זיך אנהויבען ערשט יעמאלט, ווען די חוט־השדרה׳ס פון די איינגעוואנדערטע קולטורען וועלען ווערען שטארק און אויסגעגלייכט, און די פעלקער וועלען פרייוויליג אריבערנעהמען די העכסטע שטופען פון דער אמעריקאנער בילדונג, אין דעם פולען בעוואוסטזיין פון איהר העכערען ווערטה.

און אפילו, ווען דער פראגרעסיווער אמעריקאנער זאל איינזעהן, אז וואס העכער עס ענטוויקעלט זיך די קולטור פון די פעלקער, אלץ וועניגער ווערען די שאנסען, זיי זאלען ווען עס איז וועלען פערבייטען זי אויף די אמעריקאנער קולטור, גלויבט זיך מיר אויך ניט, אז דאס זאל ווי עס איז שטערען זיין פרייד, וואס די אינטעליגענטען פון די איינגעוואנדערטע פעלקער קעהרען זיך אום אהיים, כדי צו נעהמען אויף זייערע אקסלען די גאנצע אחריות פאר דער מענשליכער ענטוויקעלונג פון זייערע ברידער אין דער אייגענער פאלקס־שפראך און אין דער אייגענער קולטור־פארם.

יעדער אמעריקאנער איז געוויס פעראינטערעסירט אין דעם טריאומף פון דעם „אמעריקאניזם“. אבער מען דארף ניט פערגעסען, אז אמעריקאניזם צו אמעריקאניזם איז ניט גלייך. ס׳איז דא אן אמעריקאניזם, וואס בענוגענט זיך נאר מיט דער ריין אויסערליכער צופאסונג צו דעם אמעריקאנער „שניט“ און שפראך, געוואוינהייטען און אויסערליכע מאניערען. ס׳איז פארהאן אבער אן א י ו ע ר ל י כ ע ר אמעריקאניזם, דער איינציגער, וואס קאן און זאל זיין טהייער יעדען פראגרעסיווען מענשען. דאס איז די ליעבע צו דעם לאנד, די ליעבע צו דער פרייהייט און צו יענע אינסטיטוציאנען, וואס זאלען זי בעשיצען און ווייטער אויסבויען, די פעהיגקייט צו בעהערשען די נאטור און צו ענטוויקלען דעם מענשליכען פראגרעס אויף אלע פעלדער פון זיין שאפען, און די איבערגעבענקייט צו דעם טובת הכלל. דאס איז ניט קיין אנדער

זאך איז דער אמת'ער אמעריקאניזם. נאר — וואס פאר א שייכות האט ער מיט שפראך און נאציאנאלע קולטור־פארמען? קאן מען ליעבען דאס לאנד נאר אין איין בעשטימטער שפראך? פערשטעהן די בערג און די טהאלען און די ברייטע סטעפעס און די מעכטיגע וואסערן פון אונזער לאנד קיין אנדער לשון ניט, א הויז ענגליש? איך קאן אייך פערזיכערן פון מיין אייגענער ערפאהרונג, אז די מעשה איז ניט אזוי.

איך בין שוין א ביסעל ארומגערייזט איבער'ן לאנד און האב מיך גאנץ גוט צונויפגערעדט מיט דער אמעריקאנער נאטור אין מיין אייגענעם אידישען לשון. נאך גאר ניט לאנג, פאר א יאהרען זומער האב איך די קעטסקיל־בערג פארגעלעזען איינינע לירישע שירים פון אונזער יהואש, וואו זיי ווערען בעזונגען אזוי שעהן, און איך שווער אייך, אז די שירים האבען ביי זיי שטארק אויסגענומען. דאס איינציגע, וואס זיי האט גע'חדוש'ט, איז, וואס איך האב אנגערופען די שפראך „אידיש". „אידיש", האט מיר איין בארג אין האנטער געזאגט, „האבען מיר אפט די געלעגענהייט צו הערען, ווייל דאס קלינגט צו אונז ארויף פון דעם טהאל און וועקט אונז אפטערס אויף פון דעם נאכט־דרימעל. דאס קלינגט גאנץ עהנליך צו ענגליש און האט זעהר אן ארעמען ווערטער־בוך. מיר דוכט, אז מען קאן אין איהם אויסדריקען נאר אזעלכע ענינים, וואס האבען א שייכות צו קארטען־שפיעל, מאכלים און קליידער". איך האב איהם געמוזט דערקלעהרען, אז די אידען, וואס די בערג זענען געוואוינט צו זעהן און צו הערען, רעכענען זיך שוין ניט פאר קיין אידען; זיי מיינען, אז זיי זענען „ריעל אמעריקענס"; אז די שפראך, וואס זיי רעדען, איז בשום אופן ניט אידיש, אפשר אויך ניט ענגליש, אבער זיי מיינען, אז דאס איז ענגליש, און אז דאס גאנצע אידישע פאלק, וואס רעדט און שרייבט אידיש, אינטערעסירט זיך מיט עפעס מעהר, איידער מיט קארטען, מאכלים און קליידער. איך האב איהם ציטירט, וואס איך האב געוואוסט אויף אויסווענינ פון ווינטשעווסקי און איינהארן, און די בערג האבען איינגעזעהן זייער טעות. „ווינטשעווסקי", האבען זיי געזאגט, "איז גראד נאך אונזער אמעריקאנער גייסט. דאס איז דער גייסט פון פרייהייט און גלייכהייט. אונזער אמת'ער לשון איז די שפראך פון פריי־

הייט און גלייכהייט, — אלץ איינס, אין וואס פאר א קלאנגען זי זאל זיך ניט קליידען, און מיט יעדען, וואס פערשטעהט די דאזיגע שפראך, קאנען מיר זיך ברידערליך צונויפרעדען".

און דאס איינענע איז, פערשטעהט זיך, אויך מיט די פריי־הייטס־אינסטיטוציאנען, אויף וועלכע דער אמעריקאנער איז אזוי שטאלץ. פאר זיי מוז די פארם פון דער קולטור און דעם לשון זיין אודאי א גלייכגילטיגע זאך. ווייל פרייהייט איז דער טייטש: דאס רעכט צו לעבען, ווי איך וויל, בתנאי איך זאל ניט שטערען דעם אנדערן צו לעבען, ווי ער וויל, און גלייכהייט שליעסט איין אין זיך, אז קיין גרופע מענשען זאל ניט האבען קיין ברעקעל איבער־וואג איבער אן אנדער גרופע. אלע מענשען זענען גלייך פאר דעם אמעריקאנער געזעץ און ממילא דארפען פאר איהם גלייך זיין אלע פעלקער, אלע שפראכען און אלע קולטורען. אלע פעלקער זענען אדער זאלען זיין פעראינטערעסירט אין דעם מענשליכען פראגרעס און אין דעם גליק פון דעם לאנד און זאלען העלפען איינע די אנ־דערע אין דער דערגרייכונג פון די ביידע ציעלען. צוליעב דעם בילדען זיי און מאכען שטארק די איינהייטליכע פאליטישע נאציע פון די פעראייניגטע שטאאטען. אבער די קולטורעלע פארם פון'ם פראגרעס און דעם אינהאלט פון'ם גליק, — דאס מוז מען איבער־לאזען צו די פעלקער גופא, צו יעדען איינעם פון זיי, ער זאל דאס בעשטימען פאר זיך אויף זיין אופן.

איך וויים, אז דער געדאנק איז נאך זעהר פרעמד פאר א סך, אפשר דאס רוב פראגרעסיווע אמעריקאנער. ביי זיי איז דער אמעריקאניזם נאך ענג צונויפגעבונדען מיט דער ענגלישער שפראך און דער ספעציפישער אמעריקאנער קולטור. זיי פעהלט נאך די טאלעראנץ צו אנדערס רעדענדע און אנדערס לעבענדע. אבער גראד פון דער אמעריקאנער געבילדעטער געזעלשאפט האט מען א רעכט צו ערווארטען, אז זי וועט אהן מיה קאנען איבערגעהן צו א טאלעראנטען בליק אויף דעם ענין.

איהר ווייסט אלע, אז עס איז געווען אין דער ענטוויקעלונג פון דער מענשהייט א צייט, ווען מען האט קיין ברעקעל אהנונג ניט געהאט פון רעליגיעזע טאלעראנץ, און אין איינינע לענדער איז די צייט נאך ניט אריבער עד היום. „וועמעס לאנד, יענעם'ס

ר ע ל י ג י ע", — איז געווען דער הערשענדער כּלל. און אַפּילו דער פּראָטעסטאַנטיזם האָט ניט געבראַכט קיין ענדערונג אין דעם פּונקט. „קויאוס רעגיאַ, עיוס רעליגיאָ", — „וועמעס רעגיערונג, יענעמ'ס רעליגיאָן", איז אַ פּאָליטישער כּלל, וואָס איז גראָד ארויס־געבראַכט געוואָרען פון דער רעפאָרמאַציע. אַמעריקאַ געהערט צו יענע פּראָגרעסיווע לענדער, וואָס האָבען זיך שוין לאַנג אָבגעזאָגט פון אַ וועלכען עס איז הערשענדען גלויבען, אָבער אַ סך פון די דאָזיגע לענדער, און אויך די שטאַאַטען צווישען זיי, בלייבען נאָך שטעהן אין זייער טאָלעראַנץ ביי אַן אַנדער פּונקט, — דעם פּונקט פון קולטור און שפּראַך. „קויאוס רעגיאַ, עיוס קולטורא" — הייסט עס איצטער כּמעט אומעטום. אָבער כּמעט אומעטום פאָדערט די טאָלעראַנץ, אַז אויך אָט די גרעניץ זאָל אַריבערגעשפּרייזט ווערען אין דעם פּאָליטישען לעבען, — און עס איז זעהר שווער צו גלויבען, אַז גראָד אַמעריקאַ וועט בלייבען הינטערשטעליג אין דעם פּראָגרעס פון טאָלעראַנץ.

כּל זמן דאָס לעבען איז געווען דורכגעדרונגען מיט די ריין־מאַטעריאַליסטישע אידעאַלען פון „דאָלאַריזם" און „סוקסעסיזם", האָט מען ווייניג געטראַכט וועגען דעם. ס'אַ נפקא מיניה די שפּראַך! וועמען אַרט דאָס די — וויים איך דאָרטען! — פּאָעזיע און ליטעראַטור. וואָס ווייניגער די פעלקער וועלען אויסגעבען גייסטיגע ענערגיע אויף זייער דערהאַלטונג און ענטוויקעלונג, אַלץ מעהר וועט בלייבען פאַר „מאַכען דעם דאָלאַר" און פאַר „מאַכען אַ סוקסעס" אין יענע פאָרמען, וואָס זענען שוין פאַרטיג אויסגע־אַרבייט פון דעם אַמעריקאַנער פאָלק. אָבער וואָס מעהר דער ערנ־סטער פּראָגרעסיווער גייסט, דער גייסט פון אידעאַליזם, וועט אַריינ־דרינגען אין בעוואוסטזיין און לעבען, אַלץ מעהר וועט מען זיך נעהמען אינטערעסירען מיט די „וויים־איך־דאָרטען"־קולטור־זאַכען און אַלץ העכער וועלען שטייגען אין חשיבות יענע אונזערע גע־פיהלען, וואָס זענען פערבונדען מיט אונזער העכערען קולטור־לעבען. די ליעבע צו אַ געוויסער שפּראַך, צו אַ גע־וויסער נאַציאָנאַלער אַ ר ט קונסט און ליטעראַטור, — און זאָל די אַרט אַפּילו זיין ניט מעהר פערשיידען פון דער אַמעריקאַנער, אויך וויפיעל גאָגאָל איז פערשיידען פון דיק־

קענס׳ען, — די אלע געפיהלען, וואס ווערען ביי איינעם ארויסגע־ריפען דורך די בעשאפונגען פון זיין פאלק אויף אלע פעלדער פון דער קולטור, זענען אינטימע געפיהלען, צארטע הארץ־אנגעלעגענ־הייטען, מיט וועלכע מען דארף זיך בעגעהן אקוראט אזוי צניעות׳דיג און מיט פונקט אזא דרך־ארץ, ווי מיר בעגעהען זיך מיט דעם אנ־דערען׳ס רעליגיעזען גלויבען.

יע, אויך די שפראך איז פאר דעם, וועמעס מוח און הארץ איז ניט אין גאנצען פערנומען מיט געלד־מאכען, אסטראנאמיע אדער אבסטראקטען יושר אין דעם געזעלשאפטליכען לעבען — א ה א ר ץ־ז א ך. ניט אומזיסט רופען אן די דאלמאטינער אין איסטריע זייער אייגענעם לשון — „לינגווא דאל קוארע", די הארץ־שפראך, בעת דער הערשענדער לשון פון לאנד ווערט ביי זיי גערופען: „לינגווא דאל פאנע", דער ברויט־לשון. אבער אויך דער הערשענ־דער לשון קאן ווערען א „לינגווא דאל קוארע", ווען מען וועט איינ־זעהן, אז די מענשען, וועמעס מוטער־שפראך ער איז, זוכען ניט ארויסצושטופען און אין גאנצען צו אונטערדריקען דעם לשון פון דעם איינגעוואנדערטען.

לאזט מיך ביי דער געלעגענהייט בעמערקען, אז עס קומט מיר אפילו ניט אין זין צו פערלאנגען, אז די פעלקער פון אמעריקא זאלען אויפהערען צו לערנען זיך ענגליש. ניט נאר מוז כמען דא האבען א געמיינזאמע שפראך פאר אלע פעלקער, זיי זאלאן זיך קאנען צו־נויפרעדען, — ענגליש איז „אין גוטען מוטה" א לשון, וואס יעדער געבילדעטער דארף פאלקאם בעהערשען, אלץ איינס וואו ער וואוינט: אין פעטערבורג, פאריז אדער ניו יארק. ס׳איז גאר קיין פראגע ניט, צי די פעלקער וועלען זיין „טאלעראנט" צו ענגליש. די פראגע איז וועגען דער טאלעראנץ צו אלע איבעריגע שפראכען אין אמע־ריקא, וואס דארפען אוועקגעשטעלט ווערען, — פאר יעדען פאלק זיין לשון, — אויף א גלייכען פוס מיט ענגליש.

דאס אויפבליהען פון אן אידעאליסטישען בליק אויף דעם לע־בען, אדער וועניגסטענס, דאס אבשוואכען פון דעם אלטען „דא־לאריזם" קאן נאך פון אן אנדער זייט אנהויבען געהן להיפך צו דעם „מעלטינג פאט"־טענדעניץ. דאס קאן פיהרען צו א גאנצען איבער־מעהר אין דעם סיסטעם, די ציעלען און די מעטהאדען פון דער

פאָלקס־בילדונג און פאָלקס־ערציהונג. די פאַבריצירונג פון „וואורשטעלעך" וועט מוזען אַבטרעטען איהר פּלאַץ צו אַ מעהר אינ־דיווידואַליסטישער פּעדאַגאָגיק, וואָס זאָל ענדליך אַוועקשטעלען זיך יענעם ציעל, צו וועלכען יעדע ראַציאָנעלע פּעדאַגאָגיק מוז שטרע־בען: די אויסבילדונג פון גאַנצע, האַרמאָנישע, אַלזייטיג־ענטווי־קעלטע מענשען. דערביי וועט מען זיך מוזען רעכענען, — ווי דאָס פערלאַנגט די פּעדאַגאָגישע וויסענשאַפט, — מיט די אינדיווידועלע און נאַציאָנאַלע אייגענטימליכקייטען פון די תלמידים, ווייל די פּעדאַגאָגישע וויסענשאַפט האָט, — דורך איהרע בעסטע אויטאָ־ריטעטען, ווי פּעסטאַלאָצצי, דיעסטערוועג, מישעל ברעאַל און מאָל־סטאָי, — שוין פון לאַנג אָן ארויסגעשטעלט די פאָדערונג, אַז מען זאָל, צוליעב ערציהערישע צוועקען, אויסנוצען די מוטער־שפּראַך פון דעם קינד און אַלע יענע פּראָגרעסיווע עלעמענטען, וואָס קאָנען זיך נאָר געפינען אין דער קולטור־וועלט פון זיינע עלטערן.

און אַ חוץ דעם וועט מען מוזען באַלד איינזעהן, אַז ס'איז וועניג צו רעכענען זיך מיט דעם נאַציאָנאַלען עלעמענט נאָר אין די צאַרטע יאָהרען און בעטראַכטען איהם בלויז, ווי אַ פּאָרלויפיגען מיטעל צום ציעל. די אויסבילדונג פון דעם מענשען איז די אויס־בילדונג פון אַ נאַציאָנאַל־בעשטימטען מענשען, וואָס איז ניט נאָר אַ סכום פון אַלגעמיין־מענשליכע אייגענשאַפטען, נאָר איז אַלע מאָל דער טרעגער און פערקערפּערער פון די דאָזיגע אייגענשאַפטען אין אַ גאַנץ בעשטימטער נאַציאָנאַלער פאָרם. אָט די נאַציאָנאַלע פאָרם קאָן אָבער ניט ארויסגעצוואונגען ווערען אויף איינעם פון דרויסען. אַ נאָרמאַלער, גאַנצער, שעהנער און האַרמאָנישער מענש קאָן זיין נאָר דער, וואָס לעבט אין אַ פאָלקאָמענער האַרמאָניע מיט זיין איי־גענער נאַציאָנאַלער קולטור. שטופּט מען איהם אריין אין אַ פרעמ־דע קולטור, צוברעכט מען דעם מענשען, מען צושטערט זיין אינ־נערליכסטע האַרמאָניע, אָדער מען מאַכט איהם אין בעסטען פאַל פאַר אַן איינזייטיגע, טרוקענע בעשעפענים.

איך וועל אייך שוין דערקלעהרען, וואָס איך מיין דערמיט.

אַ סך מענשען גלויבען באמונה שלימה, אַז מען קאָן ארויס־געהן פון איין קולטור־אַטמאָספערע און אריינגעהן אין אַן אַנדערע, ווי מען קאָן אויסטהאָן איין בגד און אָנטהאָן אַן אַנדערע. מען

מאכט דורך די פאלקס־שול, מען גענים די העכסטע בילדונג, וואס די אוניווערסיטעטען פון דעם לאנד קאנען געבען, מען שטודירט דורך די קלאסיקער, מען לייענט די טעגליכע פרעסע און די ליטע־ראריש־וויסענשאפטליכע צייטשריפטען, מען כאפט דעם אויסער־ליכען שניט פון לעבען און דענקען און מען מיינט, אז מען איז אין גאנצען „אסימילירט".

דאס איז אבער א גרויסער טעות. די קולטור פון א פאלק איז אן איינהייטליכע גייסטיגע אטמאספערע, אן איינהייטליכער גייסטיגער ארגאניזם און ארייגדרינגען אין איהם איז ניט אזוי לייכט, ווי דאס דוכט זיך אויס אויף דעם ערשטען בליק. ניט נאר די שול און דאס געהערטע אדער געדרוקטע ווארט אליין האלטען אויף און דריקען אויס דעם גייסט פון א וועלכער עס איז פאלקס־קולטור. א חוץ דער קולטור שבכתב, אויב מען קאן אזוי זיך אויס־דריקען, איז נאך דא א ק ו ל ט ו ר ש ב ע ל ־ פ ה, וועלכע בעשטעהט פון טויזענטער און טויזענטער קלייניקע גייסטיגע עלע־מענטען, וואס טראגען זיך ארום, אזוי צו זאגען, אין דער לופטען און דרינגען דורך די גאנצע אטמאספערע, א חוץ אין דער שול, נאך אויך אין דער קירך, אויף דער גאס, אינ'ם הויז, אין דער קינדער־שטוב, אין דער ביבליאטהעק, אין דעם קלוב, אין דעם פערוויי־לונגס־ארט, אין דעם גאסט־צימער און אין די טויזענטער אנדערע ערטער, וואו עס שפיעלט זיך אב די קולטור שבכתב, די אפענע, וואס יעדער קאן ארייננעהמען מיט זיינע חושים. יענע פערבארגענע גייסטיגע עלעמענטען זענען זעלבסט־פערשטענדליך קלאר פאר יע־דען, וואס ווערט אריינגעבארען אין א וועלכען עס איז קולטור־קרייז און זאפט איין אין זיך טאג־טעגליך איהר לופט. זיי בלייבען אבער אייביג פרעמד און אומצוגענגליך פאר דעם, וואס דרינגט אין איהר אריין פון דרויסען.

שוין אין דעם ריין קערפערליכען לעבען פון א פאלק זענען דא טויזענטער נאציאנאלע ניואנסען, וואס מען קאן בשום אופן ניט אויסרעכענען און פינקטליך בעשרייבען. דער בעשטימטער טעמבר פון דער שטים, די ארט פון זשעסטיקולירען, די ארט, ווי צו האל־טען דעם קערפער אין די פערשיידענע פעלען פון דעם לעבען, ווי צו טראגען דעם קאפ, ווי צו בעהאנדלען די קלאנגען פון דער אייגע־

נער שפּראַך; דאָס שפּיעל פון די געזיכטס־מוסקעלן ביי אזא אָדער אן אַנדער גייסטיגען צושטאַנד, די אַרט ווי אויפצוהויבען די ברעמען ביי דעם שטומען פרעג, ווי צונויפצופּרעסען די ליפּען ביי דעם מיסטרויאישען צוהערען, ווי דורכצודרינגען איינעם מיט׳ן בליק, — דאָס אַלץ ווערט ביי אַלע אינדיווידוען פון אַ בעשטימטען פאָלק ארויסגעבראַכט אויף איין־און־דעמזעלביגען אופן, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש נאָר פאַר דאָס בעשטימטע פאָלק, ווען אפילו אין די אַלע ערשיינונגען דריקען זיך אויך אויס סיי די אַלגעמיין־מענשליכע אייגענשאַפטען בכלל, סיי די פערשיידענקייטען פון אינדיווידיאום צו אינדיווידיאום.

און נאָך רייכער זענען די דאָזיגע טויזענטער קליינינקייטען אין דעם פּסיכישען לעבען פון דעם איינצעלנעם און אין דעם גייסטיג־סאָציאַלען לעבען פון דעם כלל.

זיי זענען ערגעץ ניט פאָרמולירט געוואָרען, ערגעץ ניט נעזאַמעלט געוואָרען סיסטעמאַטיש און קאָנען ניט פאָרמולירט ווערען, קאָנען אין גאַנצען ניט אויסגעשעפּט ווערען אין אַ וועלכער עס איז וויסענשאַפטליכער אונטערזוכונג. דאָס איז אַ מאָל אַ ווערטעל, אַ וויץ, אַ מנהג, אן אידיאָסינקראַזיע, אַ גלאַנץ פון דעם אויג, אַן אונבעוואוסטע סימפּאַטיע אָדער אַנטיפּאַטיע, אַ שטימונג, אַ בעזונדער צונויפקלאַנג פון אַלע גייסטיגע עלעמענטען, וואָס לאָזט זיך בשום אופן ניט אריינכאַפּען און אריינקוועטשען אין אַ וועלכען עס איז קלאָרען בעגריף. די פאָלק־לאָריסטישע וויסענשאַפט מיהט זיך געגנוג אָב צונויפצוזאַמלען וועניגסטענס דעם מאַטעריאַל פון דער „קולטור שבעל־פּה“, וואָס קאָן אויפגענומען ווערען מיט די חושים: פאָלקס־ווערטלעך, פאָלקס־מעשה׳לעך און ליעדלעך, זיטען און מנהגים. אָבער אויך זי איז אָהנמעכטיג אריינצונעהמען אין גאַנצען דעם אונבעוואוסטען גייסט, וואָס שוועבט איבער דעם דאָזיגען מאַטעריאַל, דאָס, וואָס גיט איהם צו דעם בעשטימטען גערוך, דעם טעם, די פאַרב פון דעם אייגענטימליכען פּולסירענדען אמת׳ען נאַציאָנאַלען לעבען.

אַ פריינד מיינער האָט מיר אין אַ פּריוואַט־געשפּרעך פאָרגעשלאָגען, איך זאָל דאָס, וואָס איך רוף אן „קולטור שבעל־פּה“, בעסער אַ נאָמען געבען די „עטהערישע“ עלעמענטען פון דער פאָלקס־קול־

טור, ווייל זיי האבען, ווי דער וועלט־עטהער, קיין וואג ניט, דרינגען אומעטום אריין און קאנען ניט געזעהן ווערען מיט'ן אויג. עס איז באמת א גאנץ גוטער פערגלייך, ווייל ער שטימט אויך אין דעם פונקט, וואס די עטהערישע עלעמענטען פון דער קולטור זענען, ווי די קאסמישע עטהער־וועלען (אויב עס זענען דא אזעלכע עטהער־וועלען), די אייגענטליכע טרעגער פון ליכט און ווארעמקייט אין דעם פעלקער־לעבען.

דער „אסימילירטער" קאן אבער די דאזיגע אינטימע, אונ־בעוואוסטע עלעמענטען פון דער קולטור ניט שפירען און ניט אויפ־נעהמען אין זיך, שוין דערפאר אליין, וואס ער קאן ניט אריינ־דרינגען אין דאס אינטימע לעבען פון דעם אמעריקאנער הויז, דער אמעריקאנער גאס און אלע יענע פלעצער, וואו עס שפיעלט זיך אב דאס טאג־טעגליכע לעבען פון דעם אמעריקאנער. דאס רוב מוזען איהם בלייבען פרעמד די קרייזענדע מאגנעטישע שטראמען פון דער אינטימער קולטור־אטמאספערע, ווייל זיי ווערען צום גרעסטען טייל ארויסגערופען און גערעגעלט פון די אונבעוואוסטע סימפאטיען אין דעם אמעריקאנער כאראקטער, וואס שטעקען אין דעם בלוט, וואס נעהען איבער פון דור צו דור, וואס זאמלען זיך אן ערשט אין א משך פון צייטען, ווי דער פערפיום פון אן אלטען וויין אדער פון א לאנג און גוט געלאגערטער סיגאר.

דער ניט־אמעריקאנער קאן נאר אריבערנעהמען די אפענע מעהר אדער ווענינער מגושם'דיגע עלעמענטען פון דער אמעריקא־נער קולטור, וואס ליעגען קלאר פאר אלעמען, — יענע עלעמענטען, וואס ווערען דורכגעדעסטילירט דורך דעם בעוואוסטזיין. זיין אמע־ריקאניזם האט דעריבער דעם טעם פון ריינע דעסטילירטע וואסער, און מען מערקט אויפ'ן שטעל, אז עס איז ניט דאס עכטע קוואל־וואסער מיט זיין בעשטימטען געשמאק, נאר אז דאס איז א קינסט־ליכער פראדוקט, געוואונען אויף א ריין מעכאנישען וועג. ביי אזא „אמעריקאניזם", אפילו פון דער בעסטער און שעהנסטער גע־שטאלט, ווערט דער ארגאנישער כאראקטער פון דער פאלקס־קולטור אין גאנצען פערלארען. דאס איז עפעס ריין מעכאנישעס, שטייפעס, אבגעצירקעלטעס, ווייל איהם פעהלען די טויזענטער ניואנסען פון די טויזענטער „זשע־נע־סע־קוא'ס", וואס פילען אן די אמת'ע

קולטורעלע אטמאָספערע פון דעם אמעריקאנער. ער זעהט דעריבער אויס ווי א טויט, געשליפען גלעזעל אין פערגלייך מיט דעם עכטען בריליאנט, וואָס לעבט און פינקעלט אין זיין רייכען פארבען־שפּיעל.

איינער, מיינער א בעקאנטער אמעריקאנער האט געמאכט די כאראקטעריסטישע בעמערקונג, אז דאָס רוב „אסימילירטע" פון די געבילדעטע קלאסען קאָן מען דערקענען דורך דעם, וואָס זיי רעדען א „צו גוטען ענגליש". מען פיהלט אין זייער שפּראך דעם צירקעל און די ריים־פעדער, דאָס טעאָרעטיש אָבגעמאָסטענע און אָבגע־וואויגענע, ניט דעם אונמיטעלבארען גייסט פון דער לעבעדיגער שפּראך, וואָס שפּרייזט אין יעדען מאָמענט אריבער די גרעניצען פון דעם אויסגערעגולירטען שאבלאָן.

עס זענען געוויס דאָ זעהר פיעל אסימילירטע, דערהויפּט צווישען אידען, וואָס זוכען אינסטינקטיוו ווי א גוטער אקטיאָר נאָכצומאכען די טויזענדער „איך־ווייס־ניט־וואָס'ען" פון דעם אמע־ריקאנער כאראקטער, לכל הפּחות אין דער אויסערליכער ערשיי־נונג: אין דעם שפּיעל פון די געזיכטס־מוסקעלן, אין דעם טעמבר פון דער שטים, אין דעם אָרט רעדען און לאכען, אין דער האלטונג פון דעם קערפּער און אין דער זשעסטיקוליאציע. אָבער דאָס רוב כאפּען זיי אריבער אין די אלע זאכען א ביסעלע די מאָס, אָדער „דערשפּיעלען" ניט גאנץ, אָדער מישען עס צונויף מיט זייערע איינענע ניואנסען. עס איז אָבער גענוג נאָר א ברעקעל איבער־כאפּען די מאָס אָדער א האָרעלע ניט דערשפּיעלען, אָדער נאָר ווי־פיעל עס איז צונויפמישען עס מיט פרעמדס, אז פון דעם איינ־הייטליכען אמעריקאנער כאראקטער זאל ארויסקומען א קאריקאטור. דער גאָר־גאָר אסימילירטער מוז דעריבער ווירקען „קאָמיש" און ניט ווילענדיג ארויסרופען א שמייכעל אויף די ליפּען.

די דאזיגע אונפעהיגקייט אין גאנצען איבערצונעהמען די טוי־זענטער ניואנסען פון דעם פרעמדען כאראקטער, און די קאריקא־טור, וואָס מוז דערביי ארויסקומען, דערקלעהר איך מיר אט אויף וואָס פאר אַן אופן.

דאָס אומבעוואוסטע נאָכקאָפּירען פון דעם פרעמדען אָריגינאל ווערט ארויסגערופען נאָר פון די שטריכען, וואָס דרינגען פון זיך אליין אריין אין דאָס אויג אָדער דעם אויער, — ד. ה. נאָר די מעהר

אדער וועניגער קלאר אויסגעשפראכענע. די צארטערע און פיי־נערע בלייבען אומבעמערקט און דעריבער ניט נאכקאפירט. זיי זענען אבער אלע צונויפגעבונדען אין איין סיסטעם פון גלייכגע־וויכט, — א סיסטעם, וואס מוז פעהלען ביי דעם אסימילירטען.

בעת זיין גאנצע אומבעוואוסטע פסיכיק וויל נאכמאכען די בעוועגונג פון א געוויסען מוסקעל, מאכט זי איהם ווירקליך זעהר גוט נאך ביז צו יענער גרעניץ, וואס ליעגט אין דעם אינוועניגסטען תוך פון דער בעוועגונג. ביי דעם אמת'ען אמעריקאנער ווערט אבער די גרעניץ קיינמאל ניט דערגרייכט, ווייל די בעוועגונג ווערט בא־לאנסירט דורך דאס שפיעל פון אנדערע מוסקעלן, וועלכע די אומ־בעוואוסטע נאכמאכונג קאן גאר ניט בעמערקען.

אט פאר וואס עס איז צ. ב. זעהר שווער ארויסצורעדען איי־ניגע ענגלישע ווערטער אקוראט אזוי, ווי דער אמעריקאנער רעדט זיי ארויס. מען וועט אדער אריבערכאפען אדער ניט דערכאפען די מאס.

און דאס, וואס איז אמת בנוגע צו דער שפראך און דעם גע־זיכטס־אויסדרוק, איז אין נאך א גרעסערן גראד אמת פאר דאס גאנצע אויסזעהן פון דער נשמה. דארטען איז נאך שווערער אומ־בעוואוסט אריינצודרינגען אין דעם הארמאנישען גלייכגעוויכטס־סיסטעם פון דעם אמעריקאנער כאראקטער.

דער אסימילירטער מוז ווירקען קאמיש, ווייל קאמיש איז אלץ, וואס וויל נאכמאכען און — קאן ניט.

ווייל מען דעריבער האבען גאנצע מענשען, פולע מענשען, שעהנע מענשען — דארף מען זיי לאזען זיך נאטירליך אויסקריסטאליזירען אין זייער אייגענער נאציאנאל־קולטורעלער אטמאספערע, וואו זיי זאלען קאנען אריינגעהמען אין זיך זייערע אייגענע אינטימע קול־טור־עלעמענטען, די טויזענטער ניואנסען און שטימונגען פון זייער פאלקס־נשמה, וואס בעשטימען די נאציאנאלע פארב און אייגענ־טימליכקייט פון דער אלגעמיין מענשליכער קולטור.

און נאך א סך ערנסטע מאמענטען קאנען פיהרען דערצו, אז דער הערשענדער גייסט אין אמעריקא זאל זיך אבזאגען פון דער „מעלטינג־פאט"־מאניע, וואס הערשט נאך איצטער כמעט אומעטום. מיר האבען אין דער ערשטער פארלעזונג געזעהן, אז א גרויסער

טייל פון דער „מעלטינג־פאָט־טענדענץ" שטאַמט פון דעם פאַקט, וואָס די איינגעוואַנדערטע מאַסען, וועלכע קומען אַהער, שטעהען אויף זעהר אַ ניעדעריגער מדרגה אין זייער אייגענער נאַציאָנאַלער קולטור. ווי אין אַ לעדיגען צעבער, אַזוי לאָזט זיך אויך אין זייערע נשמה לייכט אריינגיסען די אויסערליכע אַמעריקאַניזאַציע. אָבער — מוז דען אַט דער קולטורעלער מעמד פון דער אימיגראַציע אויף אייביג בלייבען אויף אַזאַ ניעדעריגער מדרגה? ניט נאָר ער מוז ניט, נאָר ער הויבט שוין איצטער אָן זיך אין גאַנצען צו בייטען.

דער פּראָצענט פון מעהר אָדער ווענינער אינטעליגענטע אי־מיגראַנטען, דערהויפּט פון די ציוויליזירטע לענדער, שטייגט בדרך כלל פון יאָהר צו יאָהר. און דאָס איז קיין חדוש ניט. אין די לעצטע יאָהרען האָבען די געבילדעטערע פעלקער זעהר פיעל אויפ־געטהאָן פאַר דער פאָלקס־ערציהונג אין זייערע היימען. אויך די אַזוי אָנגערופענע „ניעדעריגסטע" שיכטען פון דער בעפעלקערונג זענען שוין ניט קיין לעדיגע געפעסען. זייער נשמה האָט בעקומען אַן אינהאַלט. די קולטור־ווערטהען פון זייער פאָלק, וואָס זענען אַ לאַנגע צייט געווען אָנגעזאַמעלט ביי די פערמעגליכערע קלאַסען, הויבען אָן, אַ דאַנק דער פאָלקס־שול, דער פאָלקס־פּרעסע, די פאָלקס־ביבליאָטהעקען און עפענטליכע פאַרלעזונגען, אריינצודרינגען אין די מוחות פון כמעט אַלע איינוואוינער פון דעם לאַנד. דעם דייט־שען פויער און דעם אַרבייטער איז שוין ניט מעהר פרעמד זיין שילער און געטהע; דעם פּוילישען — זיין מיצקעוויטש און קראַ־סינסקי; אפילו דער רוסישער פויער איז, אַ דאַנק דער רעוואָלו־ציאָנערער אויפרעגונג פון די לעצטע יאָהרען, אַ ביסעל אויפגעוואַכט געוואָרען פון זיין קולטורעלען שלאָף, און אויך אויף איהם טאָר מען שוין ניט קוקען, ווי אויף אַן אַבסאָלוט לעדיגען צעבער, אין וועלכען מען קאָן גיסען, וואָס מען וויל. וואָס העכער אָבער אַ פאָלק שטעהט אין זיין אייגענער קולטור, אַלץ שטאַרקער איז ביי איהם זיין ליעבע און איבערגעבענהייט צו איהר. די נייע פאַרשטעלונגס־וועלט, מיט וועלכער זיין נשמה איז שוין אָנגעפילט, די נאַציאָנאַלע בילדער און שטימונגען, וואָס לעבען אין איהר, ווערען אין דער ערשטער צייט נאָך אונטערדריקט און פערטויבט דורך דעם ליאַרעם פון דעם אַמע־ריקאַנער לעבען. אָבער אין זיי ליעגט שוין פערבאָרגען אַ געהיימע

טענדענץ זיך ארויסצוזייסען און פריי זיך אויסצולעבען, און ביי א פאסענדער געלעגענהייט קאנען זיי זיך באמת ארויסרייסען אין דער פריי און אנהויבען קעמפפען פאר א זעלבסטשטענדיגע ענטוויקע־לונג.

האנד אין האנד מיט דעם אויפגעהויבענעם קולטור־מעמד פון דער אימיגראציע געהט אויך אן אנוואקסען פון דער צאהל שוין גאר געבילדעטע און פראפעסיאנעלע, וואס זי פיהרט מיט זיך. דאס איז זעהר א וויכטיגער מאמענט. דער פראפעסיאנעל־גע־בילדעטער האט ביז אהער געזוכט אויסצומיידען די פרייוויליגע עמיגראציע קיין אמעריקא ניט נאר דערפאר, ווייל ער האט געהאט מעהר שאנסען, איידער די ברייטע מאסע, איינצוארדנען זיך אין דער היים, נאר אויך דערפאר, וואס ער האט ניט געקאנט האפען אויף אן אייגענער קליענטעל אין אמעריקא. די פערגרעסערטע צאהל פון געבילדעטע און פראפעסיאנעלע אין דעם איינוואנדער־רונגס־שטראם דערוייזט, אז עס איז שוין דא בעשאפען געווארען א מארק פאר זייער אינטעליגענטער ארבייט אין דער שפראך און אין דער קולטור־פארם פון זייער אייגענעם פאלק, ביי די איינגע־וואנדערטע קינדער פון זייער אייגענעם לאנד. מיט יעדען צונאם פון נייע אינטעלעקטועלע כחות מוז אבער דער פאלקס־קולטור צו־קומען נייע קראפט אין איהר אומבעוואוסטען קאמפף פאר עקזיס־טענץ און ענטוויקעלונג אין אמעריקא.

און א חוץ דעם וואנדערן איצטער אריין אזעלכע עלעמענטען, סיי פון „פאלק", סיי פון די געבילדעטע, וואס ברענגען מיט זיך שוין א בעוואוסטען בעשלוס צו ארבייטען פאר דעם אויפבליהען פון דעם אייגענעם קולטורעלען לעבען אין דער פרייער מדינה. דאס זענען די עמיגראנטען פון יענע פעלקער, וואס מוזען, — ווי די פוילען אין רוסלאנד און פרייסען, ווי די פינלענדער אין רוסלאנד, ווי די וועלשען אין ענגלאנד, — אויך אין דער היים פיהרען א הארטען פאליטישען אדער געזעלשאפטליכען קאמפף פאר דער אויפ־האלטונג פון זייער נאציאנאלען „איך". דעם זעלביגען קאמפף, — דאס רוב א שטילען, ריין געזעלשאפטליכען, — נעהמען זיי אויף אויך אין די פעראייניגטע שטאאטען. עס קאן זיי ניט אבהאלטען דער אומשטאנד, וואס זיי וואוינען ניט אין זייער לאנד און זענען

אזוי ווייט פערוואָרפען אין דער פרעמד. אין דער איצטיגער צייט, פון דאמפף און עלעקטריציטעט איז דער מהלך פון לאנד צו לאנד כמעט ווי אין גאנצען „פערדאמפט“ געוואָרען. עס נעהמט איצטער א סך וועניגער צייט צו פאָהרען פון ווילנא קיין ניו־יאָרק, איידער עס האָט גענומען מיט יאָהרען און יאָהרען צוריק צו שלעפּען זיך מיט׳ן בעל־עגלה פון אָדעס קיין ווילנא. עס איז דעריבער אין דעם פונקט פון מהלך א סך לייכטער צו בעשאפען א בעוואוסטע קולטורעלע פעראייניגונג צווישען די קינדער פון א פאָלק, וואָס זענען צוזעעט איבער פערשיידענע לענדער, איידער דאָס וואָלט מיט א הונדערט יאָהר צוריק מעגליך געווען אין די גרעניצען פון דער איינציגער היים. דער פויל פון ווארשא און דער פויל פון שיקאגאָ, וואָס פיהרען איצטערביידע זייער קאמפף פאַר דער פאָלקס־שפּראך אין דער עפענטליכער ערציהונג, — און דער שיקאגאָ׳ער פויל, לאָזט מיך אייך זאָגען, מיט ניט קיין קלענערען ערפאָלג, איידער דער ווארשאווער, — שטעהען אויך איצטער א סך נעהנטער איינער צו דעם אנדערען, סיי גייסטיג, סיי טערריטאָריעל, איידער דער פויל פון ווארשא און זיין שטאם־ברודער פון וולאַדיוואָסטאָק.

לאָז נאָר די משוגעת פון דעם „מעלטינג־פּאָט“ א ביסעל אָבגעשוואכט ווערען אין דעם עפענטליכען בעוואוסטזיין, און די איינצעלנע פעלקער, וואָס פיהרען איצטער אין אמעריקא זייער קאמפף פאַר פרייע ענטוויקעלונג אָבגעזונדערט איינער פון דעם אנדערן, וועלען זיך פעראייניגען אין איינעם און ארויסרוקען פאַר דער געבילדעטער געזעלשאפט דעם נ י י ע ם אידעאל פון דער אמעריקאַנער דעמאָקראטיע, דעם אידעאל פון „פעראייניגטע פ ע ל ק ע ר אין די פעראייניגטע שטאאטען“.

און ניט גאָר קיין קליינעם טייל אין דעם קאמפף פאַר דעם דאָזיגען אידעאל און פאַר זיין פערשפּרייטונג וועט מוזען שפּיעלען די סאָציאליסטישע בעוועגונג, וואָס הויבט ערשט איצטער אָן ארייגצוגעהן אין איהרע עכטע פעדערן.

דער סאָציאליזם איז קיין מאָל ניט געווען קאסמאָפּאָליטיש, נאָר אינטער־נאציאָנאל. דער אינטערנאציאָנאליזם, וואָס איז דער טייטשט „צ ו ו י ש ע ן ־ פ ע ל ק ע ר ל י כ ק י י ט“, פעלקער־פערברידערונג, מיט גלייכע נאציאָנאלע, סאָציאלע און קולטורעלע

רעכט פאַר אַלע נאַציאָנען, וועלכע געהען אריין אין דעם פעלקערבונד, איז אַלע מאָל געווען די אינווענינגסטע נשמה פון דער סאָציאַליסטישער בעוועגונג. איך האָב ניט איין מאָל געהאַט די געלעגענהייט דאָס צו בעווייזען אין מיינע שריפטען און פאָרלעזונגען, *) סיי דורך דעם אַנאַליז פון איהר אינווענינגסטען תוך, סיי מיט היסטאָרישע דאָקומענטען אין דער האַנד. דער ריכטיגער אויסטייטש פון אינטערנאַציאָנאַליזם, וואָס קעמפפט סיי אַנטקעגען דעם רעאַקציאָנערען נאַציאָנאַלען עגאָאיזם, סיי אַנטקעגען דעם ווִיסטען, אויבערפלעכליכען קאָסמאָפּאָליטיזם, ווערט אָבער צו געוויסע צייטען און ביי געוויסע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אין גאַנצען פערטונקעלט. אין אַ לאַנד, וואָס בעשטעהט נאָר פון איין בעוואוסטזיניגען פאָלק, ווי צ. ב. אין פראַנקרייך, קעמפפט די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי נאָר אַנטקעגען דעם שאָוויניזם און די מיליטאַריסטישע תאוות פון די הערשענדע קלאַסען, און דער סאָציאַליזם האָט דאָרטען געקלונגען (אַ מאָל, ניט איצטער!), ווי ריינער קאָסמאָפּאָליטיזם. ביי די גאָר אונטערדריקטע און דערשלאָגענע פעלקער ווידער, וואָס האָבען ניט געהאַט די העזה אַ טראַכט צו טהאָן וועגען אַן אייגענעם קולטורעלען לעבען, האָט דער נאַציאָנאַלער מאָמענט פון דעם אינטערנאַציאָנאַליזם אויך אַ מאָל געמוזט זיין (אַ מאָל, ניט איצטער!) אין גאַנצען פער'חלש'ט. אָבער דאָס זענען געוועזען איינצעלנע אויסנאַהמען, וואָס זענען אין אייראָפּאַ, צ. ב., שוין אומעטום אין גאַנצען פערשוואונדען. קלאָר און דייטליך זאָגט איצטער דער סאָציאַליזם ביי יעדער געלעגענהייט ארויס, אַז זיין אידעאַל איז ניט די פערשווינדונג פון פעלקער, נאָר זייער פערברידערונג, זייער סאָלידאַריטעט און געגענזייטיגע הילף אין אַלעמענס פרייער און זעלבסטשטענדיגער ענטוויקעלונג.

אין אַמעריקאַ איז אָבער דער סאָציאַליזם אַ לאַנגע צייט געווען ריין קאָסמאָפּאָליטיש מחמת גאָר אַן אַנדער טעם. ער איז אַ לאַנגע

---

*) פערגלייך צ. ב. מיין אַרבייט: „די נאַציאָנאַליטעטען־פראַגע און דער סאָציאַליזם“ פון דעם יאָהר 1896 און מיין בעריכט וועגען דעם שטוטגאַרטער אינטערנאַציאָנאַלען צוזאַמענפאָהר אין דעם צווייטען באַנד „סערפּ“ פון דעם יאָהר 1908.

צייט גאָר ניט געווען קיין אַמעריקאַנער. אסימילירטע און האַלב־אסימילירטע דייטשען און אידען, ביי וועמען דער אייגענער נאַציאָנאַלער בעוואוסטזיין איז געווען פערהויקערט און אפשר אין גאַנצען פערדאַרט, האָבען גערעדט אין דעם נאָמען פון דעם אמעריקאַנער סאָציאַליזם. ווי וואָלטען זיי, די אסימילירטע, געקאָנט נעהמען אויף זיך די העזה צו רעדען אין דעם נאָמען פון דעם אמעריקאַנער פאָלק, אויב זיי וואָלטען ניט געלעבט אין דער לאָגישאונמעגליכער איללוזיע, אז פעלקער זיינען לענדער, און אז זיי, די קינדער פון דעם אמעריקאַנער לאַנד, זיינען דורך דעם גופא רעפרעזענטאַנטען פון דעם אמעריקאַנער פאָלק! צו קיינעם'ס פסיכישער לאַגע האָט אזוי ניט געפּאַסט די אידעאָלאָגיע פון דעם „מעלטינג־פאָט", ווי צו דער לאַגע פון די אסימילירטע סאָציאַליסטען, און זיי זענען געוואָרען איהרע הייסעסטע חסידים און פאַנאַטישסטע אַנהענגער ביז אויף דעם היינטיגען טאָג. זיי פּרעדיגען נאָך עד היום די אסימילאַציע, וואָס איז אַ פּלאַמענדיגער פאַטש אין פּנים צו אַלע גרונד־פּרינציפּען און געשיכטליכע אַרויסטרעטונגען פון דעם סאָציאַליזם.

אָבער די סאָציאַליסטישע בעוועגונג אין אַמעריקאַ בעפרייט זיך איצטער, מיט יעדען טאָג אַלץ מעהר, פון דעם אמאָליגען פרעמדען איינפלוס. ער הויבט אָן *קומען צו זיך*, און מיט דעם גופא אויך צו זיין אינווענינגסטען תוך. שוין איצטער הויבט ער אָן, אין זיין פּראַקטיק און אין זיין אָרגאַניזאַציאָנס־פאָרם, אויב ניט אין דער קלאָר אויסגעשפּראָכענער טעאָריע, ווערען אינטערנאַציאָנאַל, ד. ה. אַנטי־קאָסמאָפּאָליטיש. צו זיין אָרגאַניזאַציע ווערען שוין צוגעלאָזען איינצעלנע פעלקער, *ווי פעלקער*, מיט אַ געוויסען גראַד אויטאָנאָמיע אין זייער אינוועניגסטער פערוואַלטונג. זיי פיהרען די סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדאַ און אַגיטאַציע אין זייער אייגענער שפּראַך און פערבינדען דעם צוקונפטס־אידעאַל מיט די לעבענס־נויטען פון זייער היינט און מיט זייער גאַנצער היסטאָרישער פערגאַנגענהייט. און אויף אזא'ן אופן ווערט שוין איצטער ביי דעם וועב־שטוהל פון דער סאָציאַליסטישער בעוועגונג געוועבט אַ בילד פון אונגעהויערער פּראַכט, ווי פערשיידענע פעלקער אַרבייטען סאָלידאַריש צוליעב איין־איינציגען אַלגעמיינ־

מענשליכען אידעאל, אבער יעדעם פאלק אויף זיין שטייגער, לויט זיין אייגענעם כאראקטער און לויט דער איינענער פאלקס־נשמה. און וואס מעהר דער אמעריקאנער סאציאליזם וועט ארייג־דרינגען אין די מאסען פון די אמעריקאנער פעלקער, אלץ קלארער וועט ארויסטרעטען יענער בילד, אלץ פעסטער וועלען ווערען די באנדען פון אינטערנאציאנאלער סאלידאריטעט צווישען די פעל־קער און אלץ שטארקער און רייכער די אייגענטימליכע, אריגינעלע ענטוויקעלונג פון יעדען פאלק.

עס איז נאך שווער צו זעהן פאראויס, ווען די סאציאליסטישע בעוועגונג וועט אנהויבען שפיעלען א וויכטיגע ראליע אין דעם פא־ליטישען לעבען פון דעם לאנד, ווען וועט זי קאנען ארויפצווינגען שוין אויף דער איצטיגער געזעלשאפט יענע רעפארמען, וואס לאזען זיך דורכפיהרען אין די גרעניצען פון דעם סאציאלען היינט. אבער די אינטערנאציאנאליזירענדע מאכט פון דעם סאציאליזם, וואס געהט להיפך צו דעם שאוויניסטישען אדער קאסמאפאליטישען „מעלטינג־פאט", קאן אנהויבען צו ווירקען אויף דעם עפענטליכען בעוואוסטזיין, נאך איידער די פארטיי וועט ווערען א רעאלע פא־ליטישע מאכט.

שוין איצטער לאזען די בירגערליך־פראגרעסיווע עלעמענטען פון לאנד ניט אראב זייער אויג פון דעם אמעריקאנער סאציאליזם, און זעהען אריבערצונעהמען פון דארטען אלץ אין זייער פראגראם, וואס קאן זיך פעראייניגען מיט די הערשענדע גרונדלאגען פון דער אמעריקאנער דעמאקראטיע. די קאנקורענץ מיט דעם סאציאליזם וועט זיי צווינגען אריבערצונעהמען פון איהם אויך יענעם פרינציפ פון פעלקערליכער זעלבסטשטענדיגקייט, פרייהייט, גלייכהייט און ברידערליבקייט, וועלכען דער אינטערנאציאנאליזם פיהרט דורך אין די גרעניצען פון דעם אייגענעם לאנד אין די אינטערעסען פון דער איינהייטליכער פאליטישער נאציע. די אינוועניגסטע ארגא־ניזאציאן פון דער סאציאליסטישער פארטיי וועט יעמאלט ווערען א מוסטער פאר יענער ארגאניזאציאן פון א נייער זעלבסט־פער־וואלטונג פון פעראייניגטע פעלקער, וואס זאל אויפהויבען אויף א נייער, העכערער שטופע די זעלבסט־פערוואלטונג פון די פער־אייניגטע שטאאטען.

איך וואָלט געקאָנט אָנפיהרען נאָך א סך אַנדערע מאָטיווען, וועלכע קאָנען אונז מאַכען גלויבען, אז דער פאַנאַטישער ברען, מיט וועלכען א גרויסער טייל פון די אמעריקאַנער וויל דוקא אויסקאָכען א נייעם עטנאָלאָגישען צימעס פון אַלע פעלקער, וואָס געפינען זיך אין לאַנד, איז אפשר ניט מעהר ווי א קורץ־וויילינער געשיכטליכער עפּיזאָד. דער עפּיזאָד קאָן אָבטרעטען זיין פּלאַץ צו א נייעם פּעריאָד אין דער ענטוויקעלונג פון דער אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע, ווען איהר לאָזונג וועט זיין ניט דער „מעלטינג פּאָט", ניט יענער געפעהרליכער און צווייפעלהאַפטער עקספּערימענט, וואָס פיהרט אין דער ווירקליכקייט נאָר צו א קאָלטען פון קריעך־פּלאַנצען פאַר אַלע פעלקער, צו א פאַבריק פון „וואורשטלעך" אין דער ערציהונג, צו שטייפע, אָבגעצירקעלטע, אָהן טעם־און אָהן־ריח'דיגע „אַמעריקאַנער" פון די „אַסימילירטע", אָדער — וואָס עס איז נאָך עקעלהאַפטער — צו די האַלב־קאָמישע עקזיסטענצען פון די כלומרשט שוין אין גאַנצען „אַמעריקאַניזירטע". אָנשטאָט דעם „מעלטינג־פּאָט"־אידעאַל קאָן אויפגעהן די זון פון א נייעם געזעלשאַפטליכען ציעל: די ברידערליכע פעראייניגונג פון אַלע פעלקער.

איך גלויב אָבער, אז שוין דאָס, וואָס איך האָב אָנגעפיהרט אין מיין היינטיגער פאָרלעזונג, איז גענוג אויף איינצוזעהן, אז אַזעלכע בעוואוסטע נייע טענדענצען אין דעם אַמעריקאַנער לעבען ליעגען ניט אין דער ממשלה פון דער אונמעגליכקייט. ניט נאָר קאָנען זיי ארויסטרעטען אין לעבען, נאָר איך האָב גענוג טעמים צו גלויבען, אז ביי א וויכטיגען טייל, ווען אפילו נאָך ניט גרויסען, פון דער „אמת־אַמעריקאַנישער" אינטעליגענץ איז שוין איצטער אָנגעוואַקסען א בעוואוסטער פּראָטעסט אנטקעגען דעם „מעלטינג־פּאָט" און א קלאָרער ענטשלוס צו בעקעמפען איהם אין לעבען. פון מיינע פערזענליכע ערפאַהרונגען אין דעם ענין וויל איך אייך נאָר מיטטיילען, אז ניט קיין קלענערע פּערזאָן, ווי מיסס עללאַ יאָנג, — די נאָבעלע אַלטע פרוי, וואָס שטעהט איצטער אויף דער שפּיץ פון דער פאָלקס־ערציהונג אין דער מיליאָנען־שטאָדט שיקאַגאָ, וואָס איהר פערוואַלטונג האָבען מיר צו פערדאַנקען דעם אונטערריכט פון דער פוילישער שפּראַך אין די פאָלקס־שולען, וואו עס לערנען זיך פוילישע קינדער, — אז אַזאַ פּראָנטוואָרטליכע פּערזאָן,

ווי זי, איז אין אַן אינטערוויו מיט מיר גלייך פון אָנהויב אָן ארויסגעטראָטען מיט דער פּאָזיטיווער, קלאָרער און שאַרפער דערקלערונג: „אי עם אָפּפּאָזד טו דהי מעלטינג־פּאָט". „איך בין געגען דעם שמעלץ־טאָפּ. און אזוי זעהען מיר, אז די „מעלטינג־פּאָט"־טענדענץ איז שוין איצטער ניט די איינציגע אין דעם לאַנד און אז אנטקעגען איהר קאָן ארויסטרעטען א קראַפט, וואָס זאָל זי וועלען אין גאַנצען פערשלינגען.

וועלכע פון די צוויי טענדענצען וועט סוף־כל־סוף זיעגען? די פון דעם מעלטינג־פּאָט אָדער די פון די „פעראייניגטע פעלקער"?

דאָס ווייס איך ניט; דאָס קאָן קיין מענש ניט וויסען. דערפאַר ווייס איך אָבער איינס אויף זיכער און אזוי קלאָר, ווי דער ליכטיגער טאָג. איך ווייס, וועלכע טענדענץ זאָל זיעגען, וועמ פון זיי זאָל צוציהען אונזער גאַנצע סימפּאַטיע און די גאַנצע הילף, וואָס מיר קאָנען איהר ברענגען. שוין אין דעם אנאַליז פון דער ווירקליכקייט, וואָס איך האָב פאָרגעפיהרט פאַר אייך, וועלכען איך האָב מיך געמיהט צו מאַכען אזוי אָביעקטיוו, ווי נאַר מעגליך, האָב איך, זינדיגער מענש, ניט געקאָנט פערבאַרגען מיינע סוביעקטיווע סימפּאַטיען און אַנטיפּאַטיען און פון דעם גאַנצען טאָן פון מיינע פאָרלעזונגען האָט גאַנץ קלאָר ארויסגעקלונגען מיין אייביגער ביטערער האַס צו דעם פעלקער־קאַניבאַליזם, וואו איין פאָלק וויל איינשלינגען, „אסימילירען" אַן אַנדער פאָלק, ווי אַ וואָלף שלינגט איין און „אסימילירט" אַ שעפּס.

איך וואָלט אייך געקאָנט פאַנאַנדערוויקלען אַ גאַנצע צייל פון מאָטיוועז, פאַר וואָס דער דאָזיגער פעלקער־קאַניבאַליזם דאַרף אונז זיין אזוי פערהאַסט, אָבער דאָס וואָלט מיך שוין ארויסגעפיהרט פון די ענגערע גרעניצען פון מיין היינטיגען טהעמאַ. לאָזט מיך נאָר זאָגען, אַז איך האַס איהם ניט נאָר דערפאַר, וואָס די אינטערעסען פון מיין אייגענעם פאָלק שטעהען דאָ אין קאָן. מיין שנאה צו איהם שטאַמט צו אַ גרויסען טייל פון מיין טיעף־טיעפסטער איבערגעבענקייט צו יענעם אידישען אידעאַל פון פעלקער־פערברידערונג צו איין סאָלידאַרישער מענשהייט, דעם אידעאַל פון דעם אייביגען פעלקער־פריעדען, וואָס האָט זיך צום ערשטען מאָל ארויסגעריסען פון דער ברוסט פון אונזערע נביאים

און האָט זיך פאַנאַנדערגעטראָגען איבער דער גאַנצער וועלט, צו־ציהענדיג צו זיך אומעטום די הערצער פון די אידעלסטע און בעס־טע. „וגר זאב עם כבש“, א וואָלף וועט לעבען אין פריעדען מיט א שעפּס: עס וועט אָבגעשאַפט ווערען דער קאַניבאַליזם פון פעל־קער־פרעסעריי. „ולא ילמדו עוד מלחמה!“ און ניט מעהר וועט א פאָלק לערנען זיך, ווי צו פיהרען מלחמה אנטקעגען אַן אַנדער פאָלק!

אָט פאַר דעם פעלקער־פריעדען אויף דער גאַנצער וועלט וואָלט די פערווירקליכונג פון דעם פ ע ל ק ע ר ־ פערבאַנד אין די פער־איינינגטע שטאַאַטען געווען פון אונגעהויערער וויכטיגקייט.

אויב אין אַמעריקאַ, אין דעם לאַנד פון „אונבעגרעניצטע מעג־ליכקייטען“, — וואָס ווילען איצטער לײדער אַזוי זעלטען זיך פער־וואַנדלען אין „ווירקליכקייטען“, — וואָלט לכל הפחות מקוים געוואָרען דער אידעאַל פון די פעראייניגטע פעלקער, וואָלט דאָס לאַנד געוואָרען א „נס לגוים“, א צייכען פאַר אַלע פעלקער, ווי אַזוי זיי זאָלען לעבען צווישען זיך.

די געשיכטע האָט געמאַכט פון די פעראייניגטע שטאַאַטען א מיקראָקאָזם פון א מענשהייט. שוין איצטער וואוינען אין איהר די פערטרעטער פון אַלע ציוויליזירטע און האַלב־ציוויליזירטע פעל־קער פון דער ערד. אַלע שפּראַכען און קולטורען האָבען זיך צונויפ־געקליעבען אין איהר, ווי עקסטרא צוליעב דעם, כדי צו בעווייזען, ווי עס קאָן אונטער די שטראַהלען פון פרייהייט, גלייכהייט און צווישען־פעלקערליכע סאָלידאַריטעט זיך פאַנאַנדערבליהען דער גאָרטען פון דער מענשליכער ציוויליזאַציאָן, וואו יעדער בוים וועט האָבען גענוג לופט און זונען־שיין פאַר זיך, גענוג רוים פאַנאַנדער־צוצוואָרפען זיך און אַרויסצוברענגען זיין אייגענע פרוכט.

אַזא פ ר י ע ד ל י כ ע פעראייניגונג פון אַלע קולטורען פון דער וועלט מוז אַרויסרופען א שטאַרקע געגענזייטיגע ווירקונג פון איינער אויף דער אַנדערער, מוז פיהרען דערצו, אַז איינע זאָל בערייכערן די אַנדערע און פערדאָפּלען זייער אַלעמענס קראַפט. די געגענזייטיגע ווירקונג און בערייכערונג קאָן אָבער ניט בלייבען אָבגעשלאָסען אין די גרעניצען פון אַמעריקא. די איינצעלנע פאָלקס־קולטורען וועלען זיין ווי גייסטיגע קאַנאַלען, מיט וועלכער

די שטאאטען ווערען צונויפגעבונדען מיט דער גאנצער מענשהייט. דאס, וואס א פאלקס־קולטור ברענגט ארוים ביי זיך אין דער־היים, גיסט זיך אריין דורך דעם דאזיגען קאנאל אין דאס גייסטיגע לעבען פון די שטאאטען, און דאס, וואס עס ווערט בעשאפען דורך דאס גייסטיגע צונויפווירקען פון די אמעריקאנער פעלקער, וועט אריינדרינגען דורך דיזעלביגע קאנאלען אין דאס לעבען פון די איינצעלנע פעלקער דרויסען.

די ווערטפאלסטע מתנה אבער, וואס אמעריקא וועט צו דער גאנצער מענשהייט שיקען דורך איהרע קאנאלען וועט זיין — דער ג ל ו י ב ע ן אין דעם פעלקער־פריעדען, ווייל ער וועט ווערען דא אין דעם לאנד א לעבעדיגער פאקט, א מאדעל, וואס וועט לייכטען אין אלעמענס אויגען, — א מאדעל פריהער פאר די פעראייניגטע שטאאטען פון אייראפא און דערנאך פאר די פעראייניגטע לענדער און פעלקער פון דער גאנצער וועלט!

אין דער צייט, וואס איך מאך איצטער פארטיג מיינע פארלעזונגען צום דרוק, זענען די צייטונגען פול מיט שוידערליכע סצענען פון דעם קריעג אין דעם נאהענטען מזרח. אבער פון אלע סצענען האט קיינע ניט געמאכט אויף מיר אזא בעקלעהמענדען איינדרוק, ווי די קליינע נאטיץ, אז צוויי מחנות פון פאסאזשירען, — א טערקישע און א סערבישע, — וואס זענען געפאהרען צו זייערע היימען, זיך מקריב זיין פאר זייערע פעלקער, — האבען געמוזט אויפ׳ן שיף איזאלירט ווערען איינע פון די אנדערע, כדי זיי זאלען זיך ניט א ווארף טהאן איינע אויף דער אנדערע אין גרימּמיגען האס...

און דאס זענען אמעריקאנער בירגער, מענשען, געלעבט אונטער דער זון פון דער אמעריקאנער פרייהייט! נישיים האבען זיי פון אונזער פרייהייטס־לופט ניט אריינגעזאפט אין זיך, לאז זיין, אזוי פיעל מ ע נ ש ל י כ ע אכטונג צו דעם מענשען, אז ווען אויף זיי ביידען איז אויסגעפאלען דער ביטער־שווערער שיקזאל, אויסצוגלייכען די היסטארישע חשבונות פון זייערע פעלקער מיט דעם בלי־זין אין די הענד, זאלען זיי לפחות קאנען ווי מ ע נ ש ע ן און ניט ווי ווילדע היות בענעהן זיך צווישען זיך, איידער דער

ביטערער גורל וועט זיי אוועקשטעלן איינעם אַנטקעגן דעם אַנדערן!

זיי האָבן דאָס ניט געקאָנט איינזאַפּן פון דער אַמעריקאַנער לופט, ווייל דער „מעלטינג־פּאָט“, וואָס הערשט איצטער דאָ, איז אַליין נאָך דער אויסדרוק פון קאַניבאַלישע פעלקער־פרעסערישע אַפּעטיטן; ווייל די אַמעריקאַנער פרייהייט לערנט ניט מעהר ווי דעם פריעדן צווישען דעם יחיד און דעם יחיד פון איין פאָלק; זי לערנט אָבער נאָך ניט דעם העכערן פריעדן צווישען פאָלק און פאָלק אין איין פּאָליטישער נאַציע, און דעם נאָך העכערן — צווישען נאַציע און נאַציע אין איין סאָלידארישער מענשהייט.

די פעראייניגטע פעלקער פון די פעראייניגטע שטאַאַטען, אויב דער אידעאַל זאָל מקוים ווערען, וועט זיין ניט נאָר די בעסטע פער־ענטפערונג פון דעם „פּרעמדען־פּראָבלעם“, אויך וועלכען עס ברעכען איצטער די מוחות די אַמעריקאַנער פּאָליטיקער. זי וועט בערופען זיין דורכצופיהרען אַ גרויסע, וועלט־היסטאָרישע מיסיאָן: צו ווערען די פּראַקטישע שול פאַר דעם פעלקער־פריעדען אין דער גאַנצער וועלט.